# מאַרק טווען

# טאָם סאָיער

ווקראַסלוכע
ניזאינדפאַרלאַג

מאַרק טווען

# טאָם סאָיער

ייִדיש — ד. וואָלקענשטיין




מעלוכע־פאַרלאַג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אוסר״ר
קיִעוו 1935 כאַרקאָוו

# אינהאלט



---


פאראנטװאָרטלעכער רעדאקטער — ל. מישקאָװסקי. טעכנישער רעדאקטער —
מ. זארעצקי. קאָרעקטער — אי. שטולמאנ. פאפיר 105×72 — 1/32 — 50 קג.
10 דרוקבויגנ. אינ 1 פאפיר־בויגנ 104000 צייכנס. טיראזש 2500 עקז. פארלאג № Є־105.
9-טע רעפובליק. פאָליגר. פאבריק אופקפ״ט. קיִעװ, רויטער פלאצ a־2. באשט. № 882.
באפולמ. פונ הויפטליט № 4096. אָפּגעגעבנ אינ זאצ 28/VIII — 1935 י. אונטער־
געשריבנ צומ דרוק 17/XI—1935 י.

קאפיטל 1.

— טאָם!

קיינער ענטפערט ניט.

— טאָם!

קיינער רופט זיך ניט אָן.

— וואָס האָט עס געטראָפן מיטן יונגאטשל? טאָם!

די אלטע לעדי האָט אראָפּגעלאָזט די ברילן אפ דער נאָז אראָפּ און האָט אריבער זיי באטראכט דאָס צימער; דערנאָך האָט זי איבערגערוקט די ברילן אפן שטערן ארויף און האָט א קוק געגעבן אונטן ארום. זוכנדיק מיט די אויגן עפּעס א קליינינקע זאך, אָט אזא, ווי דאָס יונגאטשל אשטייגער, פלעג זי קיינמאָל ניט קוקן דורך די ברילן. די דאָזיקע ברילן זיינען אירע פּאראד־ברילן געווען, איר געשאָמע האָט שטאָלצירט מיט זיי, אָנטאָן פלעג זי זיי צוליב פּאסאָן, ניט פוןווירקלעכער נויטווענדיקייט; זען דורך די דאָזיקע ברילן האָט מען געקאָנט פונקט אזויפיל, וויפל מע זעט דורך אויוון־פארשטעקערס. א רעגע האָט די אלטע געשטוינט דערנאָך האָט זי ארויסגערעדט, ניט צאָרנדיק, נאָר דאָך אזוי הויך, אז דאָס מעבל האָט געקאָנט הערן:

— נו, לאָמיך דיך נאָר פּאקן, וועל איך דיך...

זי האָט ניט פארענדיקט, ס׳האָט איר אָטעם פארפעלט: ריידנדיק, איז זי געשטאנען איינגעבויגן און האָט פלייסיק געשארט אונטערן בעט מיט דער לאנגער בארשט, אָבער ארויסגעשלעפּט האָט זי פון אונטערן בעט גאָרניט, אכוץ דער קאץ.

— אָט א ווערעמדיק שנעקל! כ'האָב אפ מײַנ לעבנ אזוינס ניט געזענ!

זי איז צוגעגאנ צו דער צעעפנטער טיר אונ האָט זיכ אוועק־געשטעלט אפ דער שוועל, געזוכט טאָמענ צווישנ דעמ טאָמאטנ־גרינס אונ צווישנ די ווילדע געוויקסנ פונעמ גאָרטנ. טאָמ איז אינערגעצ ניט געווענ. דאנ האָט זי געהערט דאָס קאָל אזוי, אז מע זאָל עס קאָנענ הערנ אפ א ווײַטערער שטרעקע. זי האָט א געשריי געגעבנ:

— אהו־הו, טאָמ!

הינטער איר האָט עפעס א טרישטשע געטאָנ. זי האָט זיכ אומגעקוקט פונקט צו דער צײַט אונ אָנגעכאפט בא דעמ ארבל דאָס יונגאטשל, וואָס האָט זיכ געקליבנ מאכנ די פלייטע.

— נו, פארשטייט זיכ, כ'האָב באדארפט טאקע פונ אָנ־הייב א טראכט טאָנ וועגנ קעמערל. וואָס האָסטו דאָרטנ געטאָנ?

— גאָרניט.

— גאָרניט! דו גיב א קוק אפ דײַנע הענט, גיב א קוק אפ דײַנ מויל! מיט וואָס האָסטו עס זיכ אויסגעשמירט?

— כ'וויס ניט, מומע!

— אָבער איכ וויס דאָכ יאָ! ס'איז אײַנגעמאכטס, אָט וואָס ס'איז. פערציק מאָל האָב איכ דיר געזאָגט, אז אויב דו וועסט ניט לאָזנ צורו דעמ אײַנגעמאכטס, וועל איכ דיכ אָנשמײַסנ. דערלאנג אהער דעמ קאנטשיק!

דער קאנטשיק האָט א פאָכע געטאָנ אינדערלופטנ, ס'האָט גע־דראָט אנ עמעסע געפאר.

— אוי, אוי! קוקט זיכ נאָר אומ, מומע, וואָס טוט זיכ עס בא אײַכ הינטער דער פלייצע!

די אלטע לעדי האָט זיכ, א דערשראָקענע, פארהייבנדיק די אונטערקליידלעכ, א דריי געטאָנ אפ די אָפּצאסנ. דאָס יינגל האָט

אינ איינ אויגנבליק זיכ א שלײַדער געטאָנ אינ א זײַט ארײַנ, איז אריבערגעשפרונגענ איבער דעמ הויכנ פּארקנ — אונ ניט געסטײַעט! די מומע פּאָלי איז א רעגע געשטאנענ געפּלעפּט, דערנאָכ האָט זי זיכ שטיל צעלאכט.

— עכ, דו ביטער יאטל... וועט עס מיכ טאקע קיינמאָל ניט אָנלערנענ? קארג שפּיצלעכ האָט ער שוינ מיר אָפּגעטאָנ? ניט אומזיסט זאָגט מענ, אז אנ אלטער נאר איז פונ אלע נאראָנימ נארישער, אז אנ אלטנ הונט קאָנ מענ קיינ נײַע קונצנ ניט אויסלערנענ. אָבער, גאָטעניו דערבארעמדיקער! ער האָט דאָכ טויזנטערליי שפּיצלעכ. ער וועט קיינמאָל ניט אָפּטאָנ קיינ צוויי אלציינע נאָכאנאנד. מע קאָנ זיכ דענ אָנשטויסנ, וואָס ער האָט פארטראכט? ער ווייסט אויסגעצייכנט, ביז וועלכנ גראד ער קאָנ מיכ פּײַניקנ. אָבער ווי נאָר איכ נעמ צו אימ דעמ שטעקנ, איז גענוג, ער זאָל אפּ א רעגע אָפּווענדנ מײַנ אופמערקזאמקײַט אָדער מיכ צווינגענ זיכ צעלאכנ, אז מײַנ גאנצער צאָרנ זאָל צונישט ווערנ, אונ כ׳זאָל אימ מיט קיינ פינגער ניט אָנרירנ. איכ פיל ניט אויס מײַנ כויוו בענעגייע אָט דעמ יינגל — עמעס טאקע, עמעס! „ווער ס׳האָט ליב זײַנ זונ, דער באשטראָפט אימ", — זאָגט די גוטע ביבל. אונ איכ זיי זינד אונ פּײַנ אפּ אונדז ביידע, כ׳ווייס עס אלייג זייער גוט, כ׳ווייס עס. כ׳ווייס אויכ, אז זײַנ קאָפּ איז אָנגעשטאָפּט מיט קאָלערליי נארישקײַטנ. אָבער, גאָטעניו, וואָס קאָנ איכ טאָנ? ער איז דאָכ מײַנ אומגליקלעכער פארשטאָרבענער שוועסטערס זונ, אונ ס׳הארצ לאָזט מיכ ניט אימ אָנשמײַסנ, ווי ס׳דארפ צו זײַנ. אלע מאָל, ווענ כ׳דערלאָז, ער זאָל זיכ אויסדרייענ פונ דער שטראָפ, פּײַניקט מיכ אזוי דער געוויסנ, אָבער אז איכ באשטראָפ אימ — ווערט מײַנ אלט הארצ שיר ניט צעריסנ פונ ראכמאָנעס. נו, זאָל שוינ זײַנ! זאָל ער שוינ הײַנט אָפּהוליענ דעמ אפּדערנאכט, ס׳וועט שוינ אויסקומענ מאָרגנ אימ באשטראָפנ, אוועקזעצנדיק פאר עפּעס

אַן אַרבעט. ס׳וואָלט געווען אַ ראַכמאָנעס צווינגען אים אַרבעטן אום שאַבעס, בייס באַ אַלע ייִנגלעך איז יאָנטעוו, אָבער מע מוז. אַרבעט האָט ער פּײַנט מער פון אַלץ, און איך דאַרף דאָך כאָטש ווען ס׳ניט איז אויספּילן מײַן כויוו בענעגייע אים, אַניט וועט עס דאָך זיך אויסלאָזן דערמיט, וואָס כ׳וועל אומבּרענגען דאָס ייִנגל.

טאָם האָט טאַקע אָפּגעהוליעט דעם אַפּדערנאַכט. ער האָט זייער וויל פאַרבראַכט די צײַט אין קאָלערליי שפּילן. אומגעקערט האָט ער זיך אַהיים פּונקט צו דער צײַט, ער זאָל באַוויַיזן מיטצוהעלפן דזשים דעם דינער, דעם נעגער־ייִנגל — אָנזעגן האָלץ, אָנהאַקן שפּענער אַפּ מאָרגן און דערבײַ דערציילן דזשימען פון אַלץ, וואָס ס׳האָט מיט אים, טאָמען, געטראָפן פאַרן טאָג. טאָמס ייִנגערער ברודער (ריכטיקער, שטיף־ברודער), סיד, האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיט זײַן אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען אין אויפ־קלײַבן שפּענער און סטרוזשקעס. סיד איז געווען אַ שטיל ייִנגל. ער פלעג זיך ניט אויסצייכענען מיט קיין איניציאַטיוו און פלעג דעריבער ניט אָנטאָן קיין יעסורים די היימישע.

באַ דער וועטשערע, בייס טאָם האָט געגעסן און זיך באַנוצט מיט יעדער געלעגנהייט אָפּשלעפּן, ווען קיינער זעט ניט, אַ שטיקל צו־קער, האָט די מומע פּאָלי געהאַלטן אין איין שטעלן פאַרשמעלטע פראַ־געס, פול מיט טיפן פאַרבאָרגענעם זין — זי האָט געהאָפט, אַז ער וועט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט און וועט זיך אַליין אויס־געבן. פּונקט ווי אַסאַך נאַיִווע לײַט, פלעג זי זיך טרייסטן מיטן געדאַנק, אַז זי פאַרמאָגט גרויסע דיפּלאָמאַטישע פייִקייטן און פלעג די סאַמע נאַיִווע פלענער אירע האַלטן פאַר וווּנדער־לעך־קלוגע. אויך איצט האָט זי אָנגעהויבן פון גאָר ווײַט.

— אַ־יאָ, אין שול איז הײַנט, ווײַזט אויס, געווען זייער הייס, טאָם, עמעס?

— יאָ...

— שרעקלעך הייס?

— יאָ...

— און ס'האָט זיך דיר גאָר ניט געגלוסט אויסבאָדן, טאָם?

טאָם האָט זיך מיטאמאָל דערפילט אומבאקוועם; אין מויעך איז בא אים דורכגעלאָפן אן אומאנגענעמער כשאד. ער האָט שארף־פאָרשנדיק א קוק געטאָן אף דער מומע פאָליס פּאָנעם, נאָר דאָס פּאָנעם האָט אים גאָרניט ניט געזאָגט. ער האָט איר געענט־פערט:

— ניין, ניט זייער.

די אלטע לעדי האָט אויסגעשטרעקט די האנט און האָט א טאפּ געטאָן טאָמס העמדל.

— אָבער איצטער, יערנפאלס, איז דיר מיסטאָמע ניט איבעריק הייס.

און זי איז צופרידן געווען, טראכטנדיק, ווי פלינק זי איז דער־גאנגען, אז דאָס העמדל איז טרוקן, און ס'איז קיינעם אפילע אפן זינען נישט געקומען, אז אָט דאָס טאקע האָט זי געוואָלט דער־וויסן זיך.

טאָם האָט פונדעסטוועגן שוין באוויזן זיך אָנצושטויסן, פונוואנען דער ווינט בלאָזט. ער האָט טייקעף אָנגענומען א מיטל קעגן דער ווייטערדיקער אויספאָרשונג.

— עטלעכע פון אונדז האָבן, קעדיי דערפרישן זיך, ארונטער־געשמעלט דעם קאָפּ אונטערן קראנט. מיין קאָפּ איז נאָך ביז איצט נאס — איר זעט!

די מומע פאָלי איז געווען אויסער זיך: ווי האָט זי עס גע־קאָנט דורכלאָזן אזא וויכטיקן באווייז? נאָר באלד איז זי געפאלן אף א נייעם געדאנק.

— טאָם, דו האָסט דאָך ניט באדארפט בייסן אָפּגיסן דעם

קאָפּ מיט וואסער צעטרענענע דעם קאָלנער פונעם העמדל דאָרט, ווו איך האָב דיר אים פארנייט? א־נו, צעשפיליע זיך!

טאָמס אומרויִק פּאָנעם האָט זיך אינגאנצן אויסגעלייַטערט, ער האָט צעשפּיליעט דאָס רעקל, דער קאָלנער פון זייַן העמדל איז געווען פעסט צוגענייט.

— נו, גוט־גוט! מאַלאַדיעץ! און איך בין געווען זיכער, אז די האָסט זיך אי ארומגעשלעפּט פוסט־און־פּאס, אי געבאָדן זיך. נאָר איצטיקס מאָל בין איך דיר מויכל. איך בין זיכער, אז אין דייַנע שלעכטע אופּטוען קרימסטו נאָך, ווי א מאַלפּע, די אופּטוען פון אנדערע שלעכטע לייַט. אינדערעמעסן ביסטו בעסער, ווי דו זעסט אויס. אָבער געדענק, נאָר הייַנטיקס מאָל בין איך דיר מויכל.

די מומע פּאָלי האָט זיך געערגערט, וואָס איר דורכגעטריבנ־קייַט האָט ניט דערגרייכט צום ציל, און אין דער זעלבער צייַט איז זי זייער צופרידן געווען, וואָס פון הייַנט אָן וועט טאָם זיך שוין אופירן לייַטיש.

פלוצעם האָט סיד א זאָג געגעבן:

— עפּעס געדענקט זיך מיר, אז איר האָט, דאכט זיך, צוגע־נייט זייַן קאָלנער מיט ווייַסע פעדעם, און דאָ איז שווארצע...

— נו, פארשטייט זיך, אז כ'האָב צוגענייט מיט ווייַסע פעדעם, טאָם.

נאָר טאָם איז ניט געבליבן ווארטן אף דעם ווייַטערדיקן. שטייענדיק שוין הינטער דער טיר, האָט ער א געשריי געטאָן:

— וועסט ארייַנכאפּן פון מיר דערפאר, ווערעמדיקער באָכער!

פארטייַעט זיך אין א זיכער אָרט, האָט טאָם באטראכט די צוויי גרויסע נאָדלען, וואָס זייַנען ארייַנגעשטעקט אין די לאצן פון זייַן רעקל און זייַנען ארומגעוויקלט מיט בייַוועלעך. אף איין נאָדל זייַנען געווען שווארצע בייַוועלעך, אף דער צווייטער — ווייַסע.

— זי וואָלט עס אפילע ניט באַמערקט, ווען ניט סיד. ווייסט עס א רוח, זי נייט דאָך ניט פארשיידענע פעדעם: אמאָל מיט שווארצע, אמאָל מיט ווייסע, — ווי קאָן איך עס פארגעדענקען!.. פארוואָס זאָל זי ניט האלטן זיך שטענדיק בא איינע און די זעלבע פעדעם?... סידן וועל איך פונדעסטוועגן פיין צענעריקן דערפאר, — דער רוח זאָל מיך אוועקנעמען, אויב איך וועל אים ניט צענעריקן!

טאָמ האָט אין דאָרף ניט געהאט קיין שעם פון א לייטיש יינגל. ער האָט אָבער גוט געוווּסט, ווער ס'איז א לייטיש יינגל, און פלעגן אים ניט קאָנען פארליידן דערפאר.

אין א רעגעס צוויי ארום האָט ער פארגעסן אלע זיינע צאָרעס, ניט דערפאר, וואָס זיינע צאָרעס זיינען פאר אים געווען וויניקער שווער און וויניקער ביטער, ווי פאר דערוואקסענע לייט, נאָר דערפאר, וואָס ס'האָט אים פארכאפט א נייער אינטערעס. דער נייער אינטערעס האָט אָפגערוקט און ארויסגעשטויסן פון זיין נעשאָמע אלע אנדערע זאָרגן, פונקט ווי דערוואקסענע פארגעסן זייערע אומגליקן, בייס ס'פארכאפט זיי א נייער אופטו. דער נייער אינטערעס איז באשטאנען אין דער נייער מאניר פייפן, וואָס טאָמ האָט איבערגענומען בא איינעם א נעגער; איצט האָט טאָמ געקאָנט פראנק און פריי אָפגעבן זיך מיט דער קונסט. די מאניר איז באשטאנען אין נאָכמאכן א פויגל־פייפ, וואָס ווערט איבערגעריסן דורך וואָרקעניש. צוליב דעם איז נייטיק געווען פון צייט צו צייט, ניט איבערייסנדיק דעם קלאנג, צורירן זיך מיט דער צונג צום גומען. דער לייענער געדענקט מיסטאמע, וויאַזוי ס'ווערט געמאכט, אויב ער איז נאָר ווען ס'ניט איז געווען א יינגל. אדאנק גרויסער אופמערקזאמקייט און פלייסיקייט האָט טאָמ אינגיכן געכאפט, אין וואָס ס'באשטייט די קונצ, און האָט פריילעך געשפאנט איבער דער גאס, — דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט הארמאָנישע קלאנגען, די נעשאָמע פול מיט דאנקבארקייט.

ער האָט זיך געפּילט, פּונקט ווי ס׳פּילט זיך אַן אַסטראָנאָם, וואָס האָט אַנטדעקט אַ נײַע פּלאַנעט. די פרייד פון אַנטדעקונג, די טיפע שטאַרקע פרייד, איז בײַ טאָמען, אָן שום ספק, געווען פיל שטאַרקער, ווי בײַם אַסטראָנאָם.

די זומערדיקע אָוונטן זײַנען לאַנגע. ס׳איז נאָך געווען ליכטיק. מיטאַמאָל האָט טאָם איבערגעריסן זײַן פֿײַפֿערײַ. ס׳איז פאַר אים געשטאַנען אַ פרעמד, אומבאַקאַנט יינגל, וואָס איז קוים־קוים העכער פון אים. דאָס דערשײַנען פון אַ נײַעם פּאַרשוין, אַלציינס צו וועלכן מין און עלטער דער פּאַרשוין זאָל ניט געהערן, פלעג אינעם קליינעם שטעטל פּיטערסבורג, נאַטירלעך, אַרויסרופן אָנגעשטרענגטסטן נײַגיר. דאָס יינגל, וואָס איז געשטאַנען פאַר טאָמען, איז דערצו נאָך געווען פײַן אויסגעפּוצט, כאָטש ס׳איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג. דאָס איז מאַמעש געווען אַ וווּנדער פון וווּנדער! געטראָגן האָט דאָס יינגל אַ זעלטן שיין היטעלע; זײַן בלוי רעקל, וואָס האָט שטײַף אַרומגענומען זײַן קערפּער און איז געווען פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּ, איז געווען פונקט־נײַ און ציכטיק־ריין. דאָס זעלבע — זײַנע הויזן. כאָטש ס׳איז ניט געווען קיין שום יאָנטעוו, איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן אויך אין שיך. אַפילו אַ האַלדזטוך פון אַ העל סטענגעלע האָט ער געטראָגן אויפן האַלדז! בכלל האָט ער אויסגעזען, ווי אַן עמעסער שטאָטישער פראַנט, און דאָס האָט טאָמען באַליידיקט ביז אין דער טיפסטער טיף זײַנער. וואָס מער טאָם האָט געקוקט אויף דעם בייזוווּנדער, וואָס מער ער האָט פאַריסן די נאָז, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז ער לאַכט זיך אויס פון אַזאַ מין קליידונג, אַלץ אָרעמער און נישטיקער האָט אים אויסגעזען זײַן אייגן אָנטאָן. קיין איינער פון די צוויי יינגלעך האָט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט. אַ שפּאַן געטאָן האָט איינער, אַ שפּאַן געטאָן האָט אויך דער צווייטער, — אָבער נאָר אין אַ זײַט אַרײַן, אין אַ ראָד, אַרום דעם צווייטן. דערבײַ זײַנען זיי געשטאַ־

נען די גאנצע צײַט איינער קעגן אנדערן און געקוקט איינער דעם אנדערן אין די אויגן אַרײַן. ענדלעך, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— און איך קאָן דיך אָנפּאַטשן.

— כ'וואָלט א באַלן געוועגן א קוק טאָן, וויאַזוי 'סטו עס טאָן.

— וואָס דען מיינסטו? כ'וועל עס טאַקע טאָן.

— קאָנסט ניט, צו קורצע הענט בא דיר.

— כ'קאָן.

— ניין, קאָנסט ניט!

— כ'קאָן!

א פּויזע. ביידע שטייען שטארק פארלאָרן. דערנאָך האָט ווי־דער טאָם אָנגעהויבן:

— וויאַזוי הייסטו?

— ניט דײַן אייסעק.

— אוי, גיב אכטונג, זאָלסט ניט אַרײַנכאַפּן.

— נו, אַפּ וואָס־זשע וואַרטסטו?

— זאָג נאָך א פּאָר ווערטער...

— א פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער, א פּאָר ווערטער... אָט האָסטו, נו?

— ס'איז קלוג, מיינסטו?.. ווען ס'זאָל זיך מיר נאָר גלוסטן, וואָלט איך דיך געקאָנט אוועקלייגן מיט איין האַנט, צובינדנדיק דײַן צווייטע בא זיך הינטער דער פּלייצע.

— פארוואָס־זשע טוסטו עס ניט? זאָגסט דאָך, אז דו קאָנסט.

— פארשטייט זיך, אז כ'קאָן, כ'וועל עס טאַקע טאָן, אויב דו וועסט זיך טשעפּען צו מיר.

— נו, פארשטייט זיך... מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע.

— פראַנט! מיינסט, האָסט זיך אויסגעפּוצט, ביסטו שוין א גאַנצער קנאַקער! אוי, זע נאָר, ס'אַרא הוט!

— קאָנסט אים צערײַסן, דעם הוט, אויב ער געפעלט דיר ניט. אנו פּרוּוו זיך נאָר אים אראָפּרײַסן מיר פונעם קאָפּ! וועסט דע־מלט זען...

— לײַגסט!

— דו לײַגסט!

— ביסט א פּוכטער קנאקער און א ליגנער.

— מײַלע, פאַרנעם זיך!

— היי, דו, הער נאָר, אויב דו וועסט זיך נאָך רייצן, וועל איך דיר געבן מיט אָט דעם שטיין איבערן קאָפּ.

— לאָמיר זען!

— אָט באלד וועסטו זען!

— איז אפּ וואָס וואַרטסטו? פארוואָס האלטסטו אין איין סטרא־שען, און קיין נאכעס זעט מען ניט? האָסט מוירע, הא?

— ס'הייבט זיך ניט אָן!

— ניין, האָסט מוירע!

— ניין, כ'האָב קיין מוירע ניט.

— האָסט מוירע.

ווידער א פּויזע, און ווידער גייען די יינגלעך ארום איי־נער ארום דעם אנדערן און באטראכטן איינער דעם אנדערן. ענדלעך, האָבן זיי זיך אוועקגעשטעלט אקסל צו אקסל.

— פאַרנעם זיך פונדאנען! — האָט געמאָלדן טאָם.

— פאַרנעם זיך דו!

— כ'וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט.

האָבן זיי ביידע זיך אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע און גענומען נעריקן מיט די הענט איינער דעם צווייטן. נאָר קיינער פון זיי איז ניט געווען אימשטאנד בײַצוקומען דעם צווייטן. ווען ס'האָט זיי, ענדלעך, ביידע פארכאפּט דעם אָטעם, און זיי זײַנען

שוין ביידע פלאם־רויט געוואָרן, האָט זיך זייער היציקער געשלעג אביסל געשטילט, און טאָם האָט געמאָלדן:

— ביסט א וויסטיק הינטל און טרוס... ווארט צו, איך וועל אפ דיר אָנרייצן מײַן עלטערן ברודער. ער וואָלט דיך געקאָנט צובייגן צו דער ערד מיטן מינדסטן פינגער זײַנעם. איך וועל אים הייסן עס טאָן.

— כ'האָב שטארק מוירע פאר דײַן עלטערן ברודער! איך האָב אליין א ברודער, נאָך א גרעסערן פון דײַנעם, און ער קאָן דיך אריבערשלײַדערן איבער יענעם פארקן. דאָס איז א בעסערע קונץ. (ביידע ברידער זײַנען בא די יינגלעך געווען הוילע פאנטאזיע).

— ס'א ליגן.

— לאָז זײַן, ס'א ליגן...

טאָם האָט מיטן גרויסן פינגער פונעם פוס דורכגעפירט א סימען אין שטויב און האָט א זאָג געטאָן:

— איך פארווער דיר אריבערטרעטן איבער אָט דעם פאס, אניט וועל איך דיך אזוי אָנקלאפן, אז דו וועסט ניט קאָנען אופשטיין.

דאָס פרעמדע יינגל האָט געשווינד אוועקגעשטעלט זיך אפן פאס, רעדנדיק:

— אָט לאָמיר זען, וויאזוי וועסטו עס טאָן!

— טשעפע זיך אָפּ! איך זאָג דיר, בעסער טשעפע זיך אָפּ!

— האָסט זיך דאָך בארימט, אז דו וועסט מיך אָנקלאפן — פארוואָס־זשע קלאפסטו מיך ניט?

— מיינסט, כ'וועל ניט אָנקלאפן? פאר צוויי צענט קלאפ איך דיך אָן.

דאָס פרעמדע יינגל האָט ארויסגענומען פון קעשעניע צוויי קופערנע מאטבייעס און מיט א שפּאָטישן שמייכל זיי דערלאנגט טאָמען.

טאָמ האָט זיי ארויסגעהאקט פונעמ סוינעס הענט, און זיי האָבנ זיכ אראָפּגעקייַקלט אפ דער ערד.

איינ אויגנבליק, אוןביידע יינגלעכ האָבנ זיכ געקייַקלט אינ דער בלאָטע, צונויפּדרייענדיק זיכ אינ א קנייַלעכל, אזויווי קעצ. א רעגע האָבנ זיי געשלעפּט איינער דעמ צווייטנ בא די האָר, בא די נעזער, בא די אויערנ און אָנראכמאָנעסדיק געריסנ איינער אפנ אנדערנ דאָס אָנטאָן, באדעקנדיק זיכ מיט שטויב און מיט רומ. ענדלעכ, האָט דער כאָאָס באקומענ א באשטימטע פאָרם, און אינ רויכ פונ שלאכט האָט זיכ אויסגעטיילט דאָס געשטאלט פונ טאָמענ, וואָס זיצט רייַטנדיק אפ זייַנ קעגנער, שלאָגנדיק אימ מיט די פויסטנ איבער דער פּלייצע און ריידנדיק דערבייַ:

— אָט האָסטו דיר, בארימער! וואָס, גענוג, הא?

דאָס יינגל האָט אומזיסט זיכ געמיט צו באפרייַענ זיכ און האָט הויכ געברומט, געיאָמערט, מער מאכמעס הילפלאָזנ צאָרנ, איידער פונ ווייטעק.

— וואָס, האָסט געקראָגנ? אָט האָסטו דיר! אָט האָסטו דיר! — טאָמ האָט ווייַטער געארבעט מיט די פויסטנ. — בעט זיכ, וועל איכ אופהערנ, דו נישט איינער.

סאָפקאָלסאָפ, האָט זיכ באמ פרעמדנ יינגל ארויסגעריסנ א דערשטיקטער „לאָז!“, און טאָמ האָט אימ אָפּגעלאָזט, ריידנדיק:

— זאָל עס דיכ אָנלערנענ. א צווייט מאָל טשעפּע זיכ ניט צו ניט־באטראכטערהייט!

דאָס פרעמדע יינגל איז אוועק מיט זייַנ וועג, אראָפּטרייסלענ־דיק דעמ שטויב פונעמ אָנטאָן, כליפּענדיק, סאָפּענדיק מיט דער נאָז, פונ צייַט צו צייַט זיכ ארומגעקוקט, שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, און געדראָט אָנ ראכמאָנעס אָנקלאפּנ טאָמענ, „ווי נאָר ער וועט נאָכ־אמאָל אימ קומענ צו די הענט“. טאָמ האָט אימ אָפּגעענטפערט מיט אָפּשפּעט־ווערטלעכ און האָט, שטאָלצ מיט זייַנ זיג, אוועק־

געלאָזט זיכ אהיים. נאָר ער האָט ניט באַוויזן אויסקערעווען די פלייצע, ווי דאָס פרעמדע ייִנגל האָט א שלײַדער געטאָן אינ אימ א שטיינ און האָט אימ געטראָפן גלײַכ אינ אקסל ארײַנ. און אליינ האָט עס זיכ, דאָס פרעמדע ייִנגל, צעיאָגט און געלאָזט זיכ אנטלויפן, ווי אנ אנטילאָפּע. טאָמ האָט נאָכגעיאָגט דעמ פארע־טער ביזן סאמע הויז זײַנעמ און האָט, אזויארומ, דערוווּסט זיכ, ווו ער וווינט. א שטיקל צײַט איז ער געשטאנענ אפ דער וואכ בא דער פירטקע, ארויסרופנדיק דעמ סוינע אפ אָפענעמ קאמפ נאָר דער סוינע האָט אימ נאָר באַוויזנ פארשיידנערליי נאָכ־קרימעני שנ דורכנ פענצטער, ארויסגיינ האָט ער ניט געוואָלט. סאָפּקאָלסאָף, האָט זיכ באַוויזנ דעמ סוינעס מאמע, און גענומענ אָנ־רופנ טאָמען „עקלדיק, פארדאָרבנ, דאָרפיש שנעקל״, און האָט אימ געהייסנ פארנעמענ זיכ. איז ער אוועקגעגאנגענ, פארזיכערנדיק אפ א קאָל, אז גיינ גייט ער אוועק נאָר דערפאר, וואָס ער וויל ניט פאטשקענ די הענט אינ אזא שמוץ.

אהיימ האָט ער זיכ אומגעקערט שפעט און איז פאָרזיכטיק ארײַנגעקראָכנ דורכנ פענצטער, סטארענדיק זיכ ניט אָנצומאכנ קיינ ראש. נאָר הינטערנ פענצטער האָט אפ אימ געווארט א לאָקער: די מומע. אז די מומע האָט דערזענ, וואָס פאר א טאכלעס ס'איז געוואָרנ פונ זײַנ רעקל מיט די הויזנ, איז איר באשלוס אוועקצו־זעצנ אימ אומ יאָנטעיו בא שווערער ארבעט געוואָרנ שטארק, אזויווי אײַזנ.

קאפיטל 2.

געווענ איז א שאבעס־אינדערפרי, א זומער־פרי, ווענ די גאנצע וועלט איז פריש און פרייליכ און פול מיט לעבנ. פונ אלעמענס הארצ זינגט עפעס אינ אזא פרי, און אויב דאָס הארצ איז יונג, זינגט עס אפ א קאָל. בא אלעמענ איז דאָס פּאָנעמ

פריידיק, בא אלעמענ איז דער שפאנ א לײַכטער. די ווײַסע אקאַ־ציעס שטייענ אינ פולנ בלי, אונ די לופט איז אָנגעפילט מיט זייער וואונדער־רייעכ.

דאָס בערגל „קארדיפ־כיל“, וואָס האָט געסטאָרטשעט הויכ איבערנ דאָרפ, איז אינגאנצנ באצירט געווענ מיט גרינס. סע האָט פונדערווײַטנס אויסגעזענ, ווי א קישעפדיק טרוימענ־לאנד, אונ ס'האָט מאמעש געצויגנ אויסצורוענ זיכ דערויפ.

טאָם האָט געשפאנט איבער דער סטעזשקע לעבנ פארקנ מיט אנ עמער קאלכ אונ מיט א פענדזל, וואָס העגגט אפ א לאנג הענטל. ער האָט מיט איינ בליק באטראכט דעם פארקנ, אונ אלצ ארום־אונ־ארום איז טייקעפ פינצטער געוואָרנ אינ זײַנע אויגנ. א טיפע מאָרעשכוירע האָט באהערשט זײַנ נעשאָמע. דרײַסיק יארד ברייטער פארקנ, נײַנ פוס די הייכ! דאָס לעבנ האָט טאָמענ אויסגעזענ ליידיק, זינלאָז אונ אומגעהייער שווער. ער האָט א קרעכצ געטאָנ, האָט אײַנגעטונקענ דאָס פענדזל אינ קאלכ אונ א פיר געטאָנ מיט דעם איבער דער אייבערשטער ברעט. דערנאָכ האָט ער עס איבערגעכאזערט נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל, האָט פארגלײַכט דאָס קליינע אויסגעווײַסטע אָרט מיט דעם ריזיקנ ניט־געוועירטנ אָרט אונ האָט זיכ, דערשלאָגנ פונ אומעט, אראָפּגעלאָזט אפ דער באנק. פונ טויער איז, אונטערשפרינגענדיק, ארויסגעלאָפנ דזשים מיט א בלעכענעם עמער, זינגענדיק א לידעלע. דאָס טראָגנ וואסער פונ שטאָט־ברונעם האָט טאָמ שטענדיק פײַנט געהאט מיט דער טיפסטער סינע, נאָר איצטער האָט עס אים ניט אויסגעזענ צו זײַנ אזוי אומאנגענעם. ער האָט זיכ דערמאנט, אז באם ברונעם פארזאמלט זיכ שטענדיק געזעלשאפט: נעגערנ, מולאטנ, ווײַסע, יינגלעכ אונ מיידלעכ רוענ אָפּ, ווארטנדיק אפ דער ריי, קריגנ זיכ, דינגענ זיכ באם אויסבײַטנ שפילעכלעכ, שלאָגנ זיכ, זינגענ, אזויווי שפיל־פייגעלעכ. ער האָט זיכ אויכ דערמאנט, אז, כאָטש

ביזן ברונעם איז ניט מער פונ א הונדערט פּוּפציק יארד, קערט זיך דשים אום פונ דאָרט מיט וואסער ניט פריִער, ווי אינ א שאָ ארום, אונ דאָס אויך, אויב מע גייט אים רופנ.

— הער נאָר, דזשים, ווילסט? פארב דו דאָ אָפּ א ביסל, אונ איך וועל פאר דיר גיינ נאָך וואסער.

דזשים האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— איך קאָנ ניט, מאסא[1] טאָם. די אלטע מיסיס האָט אָנגעזאָגט, איך זאָל גיינ גלײַך נאָך וואסער אונ זיך מיט קיינעם אונטערוועגס ניט אָפּשטעלנ שמועסנ. זי זאָגט: „איך ווייס, אז מאסא טאָם וועט דיך רופנ ווײַסנ דאָס ווענטל, נאָר דו פאָלג אים ניט, גיי זיך דײַנ וועג"; זי זאָגט: „איך וועל אליינ ארויסגיינ אכטונג געבנ, וויִאזוי ער ווײַסט".

— אָ, נארישקײַטנ, ווייס איך וואָס זי רעדט, דזשים. זי רעדט שטענדיק אזוי. גיב אהער דעם עמער — אינ איינ רעגע בינ איך הינ אונ צוריק. זי וועט אפילע ניט ווּיסנ אויך.

— אוי, כ'האָב מוירע, מאסא טאָם, כ'האָב מוירע פאר דער אלטער באלעבאָסטע! זי וועט מיר דעם קאָפּ אָפּרײַסנ, אפּ מײַנ וואָרט, אָפּרײַסנ!

— זי? זי רירט דאָך מיט קיינ פינגער קיינמאָל קיינעם ניט אָנ. סײַדנ זי הייבט אָנ מיטנ פינגערהוט דליבענ דעם קאָפּ — וואָס האָט דאָס פאר א באטרעפ? ווער נעמט זיך אזוינס צום הארצנ? ריידנ רעדט זי, עמעס, שרעקלעכע רייד. נו, אָבער פונ רייד טוט דאָך ניט וויי, אויב זי ווײנט נאָר ניט דערבײַ. דזשים, איך וועל דיר געבנ דאָס מארמערנע קײַקעלע... איך וועל דיר געבנ מײַנ ווײַסנ פּליט.

דזשים האָט זיך אָנגעהויבנ וואקלענ.

---

1) מאסא — פארדאָרבנ ענגליש וואָרט, ד.ה. פּאָרעצל.

— דעם ווײַסן פּליט, דשימ. אָט זע — צום פּליט איז צוגע־בונדן אַ שטריקל, מע קאָן אים שלעפּן, ווי אַן עמעסן פּליט.

— יאָ, ס'איז טאַקע עמעס, ס'איז זייער אַ ווײַלער פּליט. נאָר, מאַסאַ טאָמ, כ'האָב שרעקלעכ מוירע פאַר דער אַלטער באַ־לעבאָסטע!

נאָר דזשימ איז געווען ניט מער, ווי אַ מענטש — דער יעי־צערהאָרע איז צו שטאַרק געווען. דזשימ האָט שוין אַוועקגע־שטעלט דעמ עמער אַפ דער ערד, און האָט גענומען אין האַנט דאָס מאַרמערנע קײַקעלע. נאָר אין אַ רעגע אַרומ איז ער שוין געפלויגן פײַל פון בויגן איבער דער גאַס מיטן עמער אין דער האַנט און געקראַצט זיכ דעמ נאַקן. טאָמ האָט ענערגיש געשמירט דעמ פּאַרקן, און די מומע פּאָלי האָט געשפּאַנט פונעמ שלאַכט־פעלד מיט אַ שטעקשוכ אין האַנט, מיט טריומפ אין בליק!

נאָר ענערגיע האָט בײַ טאָמען ניט אַפ לאַנג געקלעקט. ער האָט גענומען טראַכטן וועגן דעמ, ווי פרײלעכ ער האָט זיכ גע־קליבן פאַרברענגען הײַנטיקן טאָג, און ס'איז אים נאָכ שווערער געוואָרן אַפן האַרצן: הײַנט שפּאַצירן אומ אַלע יינגלעכ; זיי האָבן געוויס פאַרטראַכט פאַרשיידנערליי וווּנדערלעכע עקספּע־דיציעס; זיי וועלן קומען טאָמען רופן און וועלן שרעקלעכ אָפּלאַכן פון אים דערפאַר, וואָס אים קומט אויס אַרבעטן אומ יאָנטעוו.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים געבראָטן, אַזויווי פײַער. ער האָט אַרויסגענומען אַלע זײַנע אוצרעס און גענומען זיי באַ־טראַכטן. געווען זײַנען צווישן די אוצרעס צעבראָכענע שפּילעכ־לעכ, מאַרמערנע קײַקעלעכ, פאַרשיידענע שמאָכטעלײַעס. דאָס אַלץ וואָלט אים, מיסטאָמע, געקלעקט אַפ צו בײַטן זיכ אַפ אַ שטיקל צײַט מיט עמעצן מיט דער אַרבעט, נאָר ס'איז ניט גענוג געווען אַפ צו קויפן זיכ כאָטש אַפ אַ האַלבער שאָ פולקומע

פריַיהייט. ער האָט אריַינגעלייגט זיַין ריַיכטום צוריק אין קעשע־ניע אריַין און האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם געדאנק זיך צו פּרוּוון אונטערקויפן די כאווײרים. נאָר אין דער שווערער האָפענונג־לאָזער רעגע איז אים פּלוצעם באפאלן באגײַסטערונג, ס'האָט אין זײַן מויעך א בליץ געטאָן א געניאלער, א גלענצנדער געדאנק. ער האָט גענומען דאָס פענדזל און איז רויק צוגעטראָטן צו דער ארבעט. פונדערוויַיטנס האָט זיך באוויזן בען ראָדזשערס, טאקע דער, וואָס פאר זײַנע אָפּשפּעט־רייד האָט טאָם מער פון אלץ מוירע געהאט. בען האָט ניט גלאט געשפּאנט. ער האָט אונטער־געשפּרונגען און אונטערגעטאנצט — א קלאָרער באוויַיז, אז אפן הארצן איז אים לײַכט און אז ער ריכט זיך צו באקומען אסאך פארגעניגן פון היַינטיקן טאָג. בען האָט געביסן אן עפּל און האָט פון צײַט צו צײַט ארויסגעלאָזט א מעלאָדישן פּײַפ, גע־מישט מיט עטלעכע נידעריקע טענער: דינ־דאָנ־דאָנ, דינ־דאָנ־דאָנ,— דאָס האָט ער פאָרגעשטעלט מיט זיך א דאמפּמאשין. צוגייענדיק נעענטער, האָט ער פארקלענערט דעם טראָט, זיך אוועקגעשטעלט אינמיטן גאס און גענומען פאמעלעך פארקערעווען, פאָרזיכטיק, אָנ־געשטרענגט. ער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די דאמפּשיף „גרוי־סער מיסורי״, וואָס זיצט נײַן פוט די טיף אין וואסער. בען איז געווען אי די שיף, אי דער קאפּיטאן, אי דער עקיפּאזש אין איינער און דער זעלבער צײַט. דעריבער איז אויסגעקומען פאָר־שטעלן זיך אי אלס שטייענדיקן אפן דער אייגענער פּאלובע, אי אלס באפעל־אָפּגעבער, אי אלס אויספירער פון די באפעלן.

— סטאָפּ, מאשין! דינ־דילינ־דינ! — ער האָט בעהאדראָגע אראָפּגעשפּאנט פון דער מיט וועג און האָט זיך דער־נעענטערט צום זוים. — צוריק! דילינ־דילינ־דינ! — ער האָט זיך אויסגעצויגן, ווי פאר העכערע אמטלײַט, האלטנדיק די הענט בא די נעט פון די הויזן. — הינטערשטער גאנג! פארקערעווע רעכטס!

טשש־טששש־טששש! — זײַן רעכטע האַנט האָט געמאָלט ריזיקע קרײַזן — איצט האָט ער פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ ראָד פון פער־ציק פוט אין קרײַז. — פאַרקערעווע מיטן לינקן באָרט! דילינ־דינ־דינ! טשש־טששש־טששש! — איצט האָט ער געמאָלט קרײַזן מיט דער לינקער האַנט.

— סטאָפּ, מאַשין! דילינ־דינ־דינ! פאַמעלעכער פאַרקערע־ווע! די שיפּ־נאָז רעכטער! וואַרפּ אַראָפּ דעם שטריק! לעבעדי־קער! וואָס שטייסטו? כאַפּ דעם שטריק! פאַרדריי דעם שטריק אָט אַף יענעם רינג! לאָז אָפּ!.. די מאַשין שטייט, סער. דילינ־דינ־דינ! שש! שש! שש! שש! (נאָכמאַכנדיק דער שיפּעניש פון אָפּ־געקילטן דאַמף, וואָס רינט אַרויס פון די קראַנען).

טאָם האָט ווײַטער געשמירט, ניט ווענדנדיק קיין שום אַכט אַף דער דאַמפּשיפּ. בען האָט אַף אים פאַרכידעשט אויסגע־סטאַרטשעט די אויגן, דערנאָך אַ זאָג געגעבן:

— כי־כי! געפּאַקט זיך דאָס ביקל אַפן שטריקל!

טאָם האָט ניט געענטפערט. ער האָט, ווי אַן עכטער מאָלער, גע־קוקט אַף זײַן אַרבעט, אָנגעקוואָלן פון זײַן לעצטן שטריך, דער־נאָך האָט ער נאָך אַ לײַכטן שמיר געטאָן און ווידער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַפּצוריק, אַ קוק געטאָן. בען האָט צוגעפירט זײַן שיפּ נעענטער און האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעם טאָמען באָרט־צו־באָרט. בײַ טאָמען איז דאָס מויל אָנגעפילט געוואָרן מיט סלי־נע, אַז ער האָט נאָענט דערזען דעם עפּל, נאָר ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער זעט ניט, און האָט פלײַסיק געאַרבעט. ענד־לעך, האָט בען אַ זאָג געגעבן:

— וואָס, גוטער ברודער, מ'האָט דיך טאַקע אַוועקגעזעצט אַרבעטן?

— אַך, ס'איז דו, בען! איך האָב אַפילע ניט באַמערקט.

— הער נאָר, איך לאָז זיך אַוועק אין אַ ווײַטן יאַם־שווים,

יאָ: דיר וואָלט זיך אויך מיסטאָמע געגלוסט, האַ? נאָר דו ווילסט בעסער ארבעטן, א־יאָ? נו, פארשטייט זיך, ווי דען!

טאָם האָט א קוק געטאָן אַף אים און האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט בא דיר ארבעט?

— און וואָס הייסט אָט דאָס בא דיר — ניט קיין ארבעט?

טאָם האָט ווידער גענומען זיך צום שמירן, א זאָג געבנדיק גלאַט אזוי:

— מעגלעך, אז יאָ, און מעגלעך, אז ניט. ווי ס'זאָל ניט זײַן, טאָם סאָיער איז דערמיט צופרידן.

— הער שוין בעסער אוף! וועסט דאָך ניט נעמען איַינריידן, אז אָט די ארבעט געפעלט דיר!

דאָס פענדזל האָט גענומען ארבעטן שנעלער.

— צי ס'געפעלט מיר? פארוואָס זאָל עס מיר טאקע ניט געפעלן? קומט דען אונדז יעדן טאָג אויס צו ווײַסן פארקנס?

דער שמועס האָט באקומען א נײַע שײַן. בען האָט אופגע־הערט הריזען דעם עפּל. טאָם האָט געפירט מיטן פענדזל הין און צוריק, האָט אָפּגעשפּאנט אפצוריק אַף עטלעכע טריט, קעדיי אָנקוועלן פונעם עפעקט, האָט דאָ־דאָרט צוגעגעבן א שמיר און האָט ווידער קריטיש באטראכט דאָס אָפּגעטאָנענע; בען האָט נאָכ־געשפּירט נאָך יעדער באוועגונג זײַנער. ס'האָט אים אלץ מער און מער פארינטערעסירט, ס'האָט אים אלץ מער און מער פארצויבערט.

ענדלעך, האָט ער א בעט געגעבן:

— הער נאָר, טאָם, לאָז מיך א ביסעלע פארבן!

טאָם האָט א טראכט געטאָן. ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט שוין גרייט געווען מאסקים צו זײַן, נאָר דערנאָך וואָלט ער בא־שלאָסן עפּעס אנדערש:

— ניין־ניין, בען, ס'טויג נישט. פארשטייסטו, די מומע פּאָלי איז זייער שטרענג אין אָט דער פראגע. דער פּארקן גייט

דאָך ארויס צו דער גאס־צו. ווען ער זאָל זײַן אין הויף, וואָלט איך גאָרניט ניט געהאט קעגן, און זי וואָלט אויך קיין טײַנעס ניט געהאט. נאָר דאָ — יאָ, גוטער־ברודער, זי איז מעסוקן שטרענג אין אָט דער פראגע, — דארף מען ווײַסן זייער פאָרזיכטיק. איך האלט, אז פון טויזנט, מעגלעך, אז אפילע פון צוויי טויזנט ייִנג־לעך, וועט זיך ניט געפינען קיין איינער, וואָס זאָל עס קאָנען טאָן, ווי ס׳דארף צו זײַן.

— נו, געשיקט זיך? ווייס איך וואָס. גיב מיר נאָר א פרווו טאָן, א ביסעלע נאָר. ווען דו זאָלסט זײַן אפ מײַן אָרט, וואָלט איך דיך געלאָזט. הא, טאָם?

— בען, איך וואָלט מיט פארגעניגן דיך געלאָזט, אָבער די מומע פאָלי... אָט האָט דושים אויך געוואָלט, און זי האָט ניט דערלויבט; סיד האָט זיך אויך געבעטן — האָט זי אים אויך ניט געלאָזט. איצט פארשטייסטו, ס׳ארא פאראנטוואָרטלעכקײַט איך טראָג? אויב דו וועסט אָנהייבן ווײַסן און ס׳וועט זיך באקומען ניט ווי ס׳דארף צו זײַן...

— הער שוין אוף, איך וועל זײַן פאָרזיכטיק. נו, לאָז א פרווו טאָן! הער: כ׳וועל דיר געבן א שטיקל עפל.

— נו, גיב! נאָר... ניין, בען, מ׳דארף בעסער ניט — כ׳האָב מוירע...

— כ׳וועל דיר דעם גאנצן עפל אוועקגעבן!

טאָם האָט אים אין די הענט אריינגערוקט דאָס פענדזל, אויסערלעך — ניט האָבנדיק קיין כיישעק, אינעווייניק, אין זיך — פול מיט פרייד. און בייס די געוועזענע דאמפשיפ „גרויסער מיסורי" האָט זיך געמיט און האָט געשוויצט קעגן דער זון, איז דער אָפּרוענדיקער קינסטלער געזעסן אפ א פעסל אין שאָטן, באָמבלענדיק מיט די פיס, קײַענדיק דעם עפל און גרייטנדיק נעצן פאר נײַע אומשולדיקע קאָרבאָנעס. קיין קאָרבאָנעס האָט

ניט אויסגעפעלט: ס'זיַינענ אלצ נײַע אונ נײַע יינגלעכ צוגעקומענ צומ פארקנ; צוגעקומענ, פלעגנ זיי פלאפלענ א ביסל אונ פלעגנ פארבלײַבנ פארבנ. דאנ, ווענ בענ איז געבליבנ אָנ קויכעס, האָט טאָמ שוינ געהאט פארקויפט די צווייטע רייִ ביל פישערנ פאר א פאפירענעמ לופט־באלאָנ, וואָס איז אפ קיינ האָר ניט קאליע; ווענ פישערס רייִ איז אריבער, האָט זײַנ אָרט פארנומענ דזשאָני מילער, וואָס האָט באצאָלט דערפאר מיט א טויטנ שטשור אונ מיט א שטריק אפ אופצוהענגענ אונ דרייענ דעמ שטשור; אונ אזוי ווײַטער, אונ אזוי ווײַטער. אזוי איז דורכ א שאָ נאָכ א שאָ. צו מיטאָג־צו איז טאָמ, וואָס איז אינדערפרי געווענ א גישכיקער קאפצנ, פארוואנדלט געוואָרנ מיטאמאָל אינ א נאָגיד. כוצ די אויבנדערמאנטע אויצרעס, האָט ער פארמאָגט איצט צוועלפ מארמערקייקעלעכ, א פיצל פונ א טאבאק־פושקעלע מיט מוזיק, ברוכווארג פונ בלויענ פלאש־גלאָז, קלעצלעכ פונ בײַוועלעכ, א שטיק קרײַד, א גלעזערנעמ קאָרעק פונ א גראפינ, א צינערנ סאָלדאטל, זעקס קלאפערלעכ, א קעצל מיט איינ אויג, א קופערנעמ טיר־קנאָפ, א הינטיש האלדז־רימענדל, — קיינ הונט נאָר ניט געווענ, — א הענטל פונ א מעסער, פיר מאראנצ־שאָלעכצנ אונ אנ אלט צעבראָכנ פענצטערל פונ א בוידעמ. ער האָט, טאָמ, זייער פײַנ פארבראכט די צײַט, געאָרביט ניט טוענדיק, דערצו נאָכ אינ א גרויסער געזועלשאפט. אונ דער פארקנ איז אויסגעווײַסט געווענ מיט דרײַ שיכטנ קאלכ!

ווענ ס'זאָל ניט געווענ אויסגיינ בא אימ דער קאלכ, וואָלט ער געמאכט פאר קאפצאָנימ אלע יינגלעכ פונ דאָרפ.

דאָ איז טאָמ דערגאנגענ, אז די וועלט איז, אינ טאָכ גענומענ, גאָר ניט אזוי נאריש אײַנגעאָרדנט. ער האָט אנטדעקט א גרויסנ געזעצ, וואָס פירט אָנ מיט די מענטשישע טאטנ: אויב מע וויל צווינגענ א יינגל אָדער ביכלאל א מאנספארשוינ עפעס

באגערן, דארף מען בלויז טאָן אזוי, אז ס'זאָל דאָס זײַן שווער צו דערגרייכן. ווען ער, טאָם, זאָל זײַן א גרויסער, א קלוגער פילאָסאָף, אזויווי דער אווטער פון אָט דעם בוך, וואָלט ער פארשטאנען, אז מי הייסט באם מענטשן דאָס, וואָס ער איז מעכוייעוו צו טאָן, און פארגעניגן — דאָס, וואָס ער איז טאָן ניט מעכוייעוו. און דאָס וואָלט אים מיטגעהאָלפן צו פארשטיין, פארוואָס רעכנט מען די אויסארבעטונג פון קינסטלעכע ציין אָדער דאָס דרייען די רעדער פון א מילכל — פאר אן ארבעט, און דאָס קײַקלען די גאלקעס אין קעגלען אָדער דאָס ארופשטײַגן אפ מאָנבלאן — פאר א פארגעניגן. אין ענגלאנד זײַנען פאראן רײַכע לײַט, וואָס פאָרן דורך טאָגטעגלעך צוואנציק־דרײַסיק מײַל, זיצנדיק אפ דער קעלניע פון דיליזשאנס און פראווענדיק מיט פיר פערד, — פאָרן אום זומער, אין גרויסער היץ, בלויז דערפאר, וואָס אָט־די פריי־ווילעגיע קאָסט זיי אָפּ היפשע סומען געלט; ווען מע וואָלט זיי פאָרגעלייגט געהאלט דערפאר, וואָלט דער פארגעניגן פארוואנדלט געוואָרן פאר זיי אין מי און זיי וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט.

## קאפיטל 3.

טאָם האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר דער מומע פאָלי. זי איז געזעסן לעבן צעעפנטן פענצטער אין געמיטלעכן הינטערשטן צימער, וואָס האָט איר געדינט אײנצײַטיק אלס עסצימער, שלאָפצימער און ביבליאָטעק. די אראָמאטפולע זומער־לופט, די טיפע שטילקײַט ארום, דער בלומען־רייעך, די פארשלעפערנדיקע זשומעניש פון די בינען האָבן אפ איר שטארק געווירקט, און די אלטיטשקע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ איבער איר שטריק־ארבעט. זי האָט ניט געהאט מיט וועמען צו שמועסן, כוצן קאָטער, און דער קאָטער אליין איז איצט אויך געשלאָפן בא איר אפ די

קני. די בּרילן אירע האָבּן צוליב פּולערער זיכערקײַט גערוט אױפֿ אירע גרויע האָר. די מומע פֿאַלי איז זיכער געווען, אז טאַם האָט שוין פונלאַנג ערגעץ אוועקגעיאָגט. זי האָט זיך ביז גאָר פארכידעשט, וואָס ער גיט זיך אזוי פרוכטלאָז איבער אין איר רעשוס.

— מומע, איך מעג שוין גיין זיך שפּילן?

— וואָס הייסטו! שוין? וויפל האָסטו עס אָנגעפארבּט?

— אלץ איז פארטיק, מומעניו.

— טאָם, זאָג ניט קיין ליגן! כ׳קאָן עס ניט פארטראָגן!

— איך זאָג ניט קיין ליגן, מומע, אלץ איז פארטיק.

די מומע פֿאָלי האָט אָבּער פּאָרט ניט געגלייבּט. זי האָט זיך אוועקגעלאָזט אליין א קוק טאָן. זי וואָלט זייער צופרידן געווען, ווען טאָמס פארזיכערונגען וואָלטן געווען כאָטש אױפֿ צוואנציק פראָצענט עמעס. אז זי האָט אפדערעמעסן דערזען, אז דער גאנצער פּארקן איז אויסגעווייַסט מיט עטלעכע שיכטן קאלך, אזוי אז אפילע אױפֿ דער ערד, אין דער לענג פון פּארקן איז דורכגעפירט א ווייַסער פּאס, האָט זי מאמעש אירע אויגן ניט געגלייבּט.

— נו, ווייסטו, כ׳וואָלט קיינמאָל ניט געריכט זיך אפילע... מע דארפֿ דעם עמעס זאָגן, טאָם, דו קאָנסט ארבּעטן, אויבּ דו ווילסט נאָר. — דאָ האָט זי געפונען פאר נייטיק ווייכער מאכן דעם קאָמפּלימענט. — נאָר צו זעלטן פארגלוסט זיך עס דיר. נו, גיי, שפּיל זיך, אָבּער זע־זשע — קום אהיים צו דער צייַט, אניט וועל איך דיך...

זייַן העלדנטאט האָט אױפֿ איר אזױ שטארק געווירקט, אז זי האָט אים אוועקגעפירט אין קעמערל, אויסגעקליבּן דעם בּעסטן עפּל און ארייַנגערוקט אים אין האנט אריַין, צוגעבּנדיק דערצו א געוויסע מאָראל וועגן דעם, אױפֿ וויפל מער ווערט און געשמאַ־ קייַט ס׳באקומט אזא נאשערייַ, ווי אן עפּל, פונעם בּאוווסטזייַן,

אַז געקריגן איז ער געוואָרן ניט מיט קיין זינדיקן וועג, נאָר אַלס לוין פאַר גוטע פּרווון. זי האָט פאַרענדיקט מיט אַ גע־ציקלטן פּאַסעק פון דער ביבל, און טאָם האָט דערווייַל באַוויזן אוועקשלעפּן אַ פּלעצעלע.

דערנאָך איז ער אַרויס אין הויף אַרייַן און האָט דערזען סידן. ער האָט געשפּאַנט, סיד, אַרויף אויף די דרויסנ־טרעפּ, וואָס פירן אין די הינטערשטע צימערן פון אייבערשטן גאָרן. אין מע־שעך פון איין רעגע האָט זיך די לופט אָנגעפּילט מיט געקלאַנג פון הילכיקע קלעפּ. ווי אַ האָגל, האָבן זיך די קלעפּ געשאָטן אויף סידן. איידער די מומע פּאָלי איז געקומען צו זיך פון גרויסן כידעש און איז אַרויסגעלאָפן אויף הילף, האָבן שוין זעקס־זיבן קלעפּ געטראָפן אין ציל. טאָם איז אַריבערגעקראָכן איבערן פלויט און איז ניט געוואָרן. דער הויף האָט דאָפּקע פאַרמאָגט אַ פּאָרטקעלע, נאָר טאָם האָט געוויינלעך קיין צייַט ניט געהאַט דערלויפן צו דעם. אַצינד, אַז ער האָט זיך צערעכנט מיט סידן דערפאַר, וואָס יענער האָט אים אויסגעגעבן, וועגנדיק דער מו־מע פּאָליס אויפמערקזאַמקייַט אויף די שוואַרצע פעדעם, — אַצינד האָט טאָמס האַרץ געניסן זיסע רו.

טאָם איז דורך דורכן הינטער־הייפל און האָט פאַרקערעוועט אויפן שמוציקן וועג, וואָס האָט געפירט פאַרבייַ דער קו־שטאַל. דאָ האָט ער שוין ניט געהאַט וואָס מוירע צו האָבן, אַז מע זאָל אים פּאַקן און באַשטראָפן; ער איז שוין געווען לאַנג־לויטן אויסער יעדער געפאַר. האָט ער זיך אוועקגעלאָזט צום דאָרפישן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט זייַנען זיך צונויפגעקומען אויף אַ מילכאָמע צוויי „קריגס־אַרמייען" פון דאָרפישע ייִנגלעך. מיט איינער פון די אַרמייען האָט קאָמאַנדירט טאָם, מיט דער צווייטער — זייַן בעסטער גוטער ברודער, דזשאָ גאַרפּער. ביידע גרויסע קאָ־מאַנדירן האָבן ניט געמיינערט זייער ווערדע מיט שלאָגן זיך אין

די אלגעמיינע רייען — דאָס האָט מער געפאסט פארן דרויב, — זיי האָבן אָנגעפירט מיט דער שלאכט, זיצנדיק צוזאמען אפן בערגל און אָפגעבנדיק באפעלן דורך אדיוטאנטן. נאָך א לאנגער און שווערער שלאכט האָט טאָמס ארמיי געזיגט. דערנאָך האָבן ביידע כאיאָלעס איבערגעציילט די געהארגעטע, געביטן זיך מיט די גע־פאנגענע, צונויפגערעדט זיך וועגן די באדינגען און וועגן דעם טאָג פון דער קומענדיקער אנטשיידענער שלאכט, אויסגעשטעלט זיך אין רייען און אוועק מיט א צערעמאָניאלן מארש. טאָם האָט זיך אוועקגעלאָזט איינער אליין.

פארבײַגייענדיק לעם דעם הויז, ווו ס'האָט געוווינט דזשעפטע־טשער, האָט ער דערזען אין גאָרטן אן אומבאקאנט מיידעלע — א ווונ־דערלעך בלוי־אויגיק באשעפעניש, מיט געלע האָר, פארפלאָכטענע אין צוויי לאנגע צעפ, אָנגעטאָן אין א ווײַס זומער־קליידל און אויסגענייטע גאטקעלעך. דער העלד, וואָס איז נאָרוואָס גע־קרוינט געוואָרן מיט די לאָרבער־קרענץ פון ניצאָכן, איז טייקעף באזיגט געוואָרן. דאָס געשטאלט פון איינער אן עמא לאָורענס איז טייקעף פארשוווּנדן געוואָרן פון זײַן הארצן, ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין דערינערונג אפילע. טאָם האָט געמיינט, אז ליב האָט ער עמאן אומגעהייער, ביז מעשוגאס, ביז פארגעטערונג, און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די דאָזיקע ליבע איז ניט מער, ווי א נישטיקער צופאל. ער איז עטלעכע כאדאָשים געווען פארטאָן אין דערשלאָגן זיך בא עמאן ענטפער אפ זײַן ליבע; עמא האָט ערשט מיט א וואָך צוריק אים מוידע געווען זיך, אז זי האָט אים אויך ליב. אין מעשעך פון זיבן קורצינקע טעג איז ער געווען גליקלעך און שטאָלץ, ווי קיין איין יינגל אפ דער וועלט. — און פלוצלינג, אין איין אויגנבליק, איז עמא פארשוווּנדן געוואָרן פון זײַן הארצן, ווי א פרעמדער, צופעליקער גאסט, וואָס איז אָפגעוועזן זײַן צוגאסט.

טאָמ האָט געגאַנווּעט געקוקט און אָנגעקוועלט פון אָט דעם נײַעם מאלעך, ביז ער האָט באמערקט, אז אויך דער „מאלעך" האָט אים דערזען. דאן האָט ער זיך געמאכט, ווי ער זעט גאָרניט, און גענומען „ווײַזן פּאָקוסן", אופּטאָן קאָלערדיי אומגעלומפּערטע שטיקלעך, ווי סע טוען געוויינלעך ייִנגלעך, אז זיי ווילן צוציִען צו זיך די אויפמערקזאמקײַט פון מיידלעך. אזוי איז אדורך א שטיק צײַט. דערנאָך, אינמיטן עפּעס א פּאר־דרייטן גימנאסטישן פּאָקוס, האָט ער א קוק געטאָן אין א זײַט און האָט דערזען, אז דאָס מיידעלע האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט זיך געלאָזט גיין צום הויז־צו. טאָמ איז צוגעגאנגען צום פּארקן און מיט פיל טרויער זיך אריבערגעבויגן איבער אים. ער האָט געהאָפט, אז דאָס מיידעלע וועט נאָך אביסל זײַן אין גאָרטן. זי האָט זיך, עמעס, נאָך פּארהאלטן א רעגע אפן גאנעק, נאָר דערנאָך האָט זי זיך אוועקגעלאָזט צו דער טיר. טאָמ האָט שווער א זיפץ געטאָן, ווען זי האָט אוועקגעשטעלט דעם פוס אפן דער שוועל, נאָר פלוצעם איז זײַן פּאָנעם ליכטיק געוואָרן פון באגײַסטערונג: איידער זי איז פארשוווּנדן געוואָרן הינטער דער טיר, האָט דאָס מיידעלע זיך אומגעקוקט און א וואָרף געגעבן איבערן פּארקן א בלימל. דאָס ייִנגל איז צוגעלאָפן, האָט זיך אָפּגעשטעלט א צוויי שפּאן די ווײַט פון בלימל, צוגעשטעלט די דלאָניע צו די אויגן און גענומען שארף, פאָרשנדיק אײַנקוקן זיך אין דער גאס, ווי ס'וואָלט זיך דאָרט באוויזן עפּעס ביז גאָר אינטערע־סאנטס. דערנאָך האָט ער אופגעהויבן א שטרויעלע און עס ארופּ־געלייגט צו זיך אפן דער נאָז, באמיִענדיק זיך, סע זאָל אײַנהאלטן דאָס גלײַכגעוויכט, — צוליב דעם האָט ער באלאנסירט פון זײַט אפן זײַט, האלטנדיק דעם קאָפּ פארוואָרפן אפּצוריק. באלאנסירנ־דיק, האָט ער זיך אלץ מער און מער דערנענטערט צום בלימל. ענדלעך, האָט ער ארופגעטראָטן דערויף מיט זײַן באָרוועסן פוס,

עס א כאפּ געטאָן מיט די בייגעוודיקע פינגער, איז זיך צעשפּרונ־גען אף איין פוס, אוועקטראָגנדיק דאָס אויצערל, און איז שנעל פארשוווּנדן געוואָרן הינטערן ראָג. נאָר ניט אף לאנג — בלויז אף אזויפיל צייַט, וויפל ס'איז נייטיק געווען אף צעשפּיליען דאָס רעקל און באהאלטן דאָס בלימל אף דער ברוסט נעענטער צום הארצן, אָדער מעגלעך צום מאָגן: קיין גרויסער באָקי אין אנא־טאָמיע איז טאָם ניט געווען.

דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט און איז ביז פארנאכט גע־האנגען אפן פּארקן, האלטנדיק אין איין באווייַזן פּאָקוסן; נאָר דאָס מיידעלע האָט זיך מער ניט באוויזן, כאָטש טאָם האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אז זי קוקט פון ערגעץ ארויס דורכן פענצטער און זעט, ווי ער באמיט זיך. סאָפּקאָלסאָפּ איז ער אָן כיישעק אוועק אהיים. דער קאָפּ איז בא אים פול געווען מיט טרוימען און מיט זעונגען.

בא דער וועטשערע איז ער די גאנצע צייַט געווען אין אזא אופגערעגטן צושטאנד, אז די מומע זייַנע האָט געהאלטן אין איין וווּנדערן זיך — „וואָס האָט עס געטראָפן מיט אָט דעם קינד ?". מ'האָט אים פייַן אויסגעזידלט דערפאר, וואָס ער האָט אָנגעקלאפּט סידן, נאָר ער האָט זיך, זעט אויס, ניט באליידיקט דערוף. ער האָט זיך געפּרוּווט צושלעפּן א שטיק צוקער בא דער מומען פון אונטער דער נאָז און האָט דערפאר געקריגן אי־בער די הענט, נאָר ער האָט אויך דאָ זיך ניט באליידיקט און האָט נאָר געזאָגט:

— מומע, פארוואָס שלאָגט איר ניט סידן, אז ער נעמט בא אייַך צוקער ?

— סיד פּייַניקט ניט אזוי קיין מענטשן, אזויווי דו. ווען ניט איך, וואָלסטו די הענט קיינמאָל ניט ארויסגענומען פון דער צו־קער־פּושקע.

די מומע איז ארויסגעגאנגען אין קיך אריַין, און סיך האָט, גליקלעך פון זיַין פריַיהיַיט, טייקעף אויסגעשטרעקט די האנט צו דער צוקער־פּושקע, ווי ער וואָלט כּיוזעק מאכן פון טאָמען. טאָמען האָט עס זייער פיל געזונט געקאָסט. נאָר די צוקער־פּוש־קע האָט זיך ארויסגעגליטשט פון סידס פינגער, איז אַראָפּגעפאַלן אפּן דיל און האָט זיך צעבראָכן. טאָמען האָט ארומגעכאַפּט א פרייד, ס'האָט אים אזוי אנטציקט, אז ער האָט זיך אפילע איַינגע־האַלטן און האָט פארשוויגן. ער האָט באשלאָסן ניט ארויסריידן קיין וואָרט, אפילע אז די מומע וועט אריַינגיין, באשלאָסן זיצן שטיל, ביז זי וועט ניט פרעגן, ווער האָט עס געטאָן, און ערשט דע־מלט אויסזאָגן. ער האָט שוין באצייטנס געפילט דעם פארגע־ניגן פון צוזען, ווי דער „געפעסטעטער" כאַפּט אריַין. ער איז געווען אזוי באגיַיסטערט, אז ער האָט זיך קוים דערוואַרט, ביז די אלטיטשקע האָט זיך אומגעקערט און איז, א פליעסק געבנדיק מיט די הענט, געבליבן שטיין איבער דער צעבראָכענער צוקער־פּושקע, בליצנדיק מיט צאָרן אריבער די ברילן. טאָם האָט אין זיך א זאָג געטאָן צו זיך אליין: „אָט איז עס, ס'הייבט זיך אָן!" נאָך א רגע — און ער איז געלעגן אויסגעשפּרייט אפּן דיל. די שטראָפּנדיקע דלאָניע איז שוין אויפגעהויבן געווען אפּ צו געבן נאָך א קלאַפּ, ווען טאָם האָט וויינענדיק אויסגעשריגן:

— וואַרט צו! פארוואָס שלאָגט איר מיך? דאָס האָט דאָך סיד צעבראָכן די צוקער־פּושקע!

דער מומע פּאָלים האנט איז געבליבן שטיין אין דער לופטן. טאָם האָט זיך געריכט אפּ אן אופריַיס פון ראכמאָנעס און כאַראָטע, נאָר די אלטיטשקע האָט זיך איַינגעהאלטן און האָט נאָר א זאָג געטאָן:

— הם! נו, פונדעסטוועגן רעכן איך, האָסטו ניט אומזיסט אריַינגעכאַפּט. דו האָסט אויך, מיסטאָמע, עפּעס אָנגעארבעט, בייס איך בין דאָ ניט געווען.

דער געוויסנ האָט זי ניט געלאָזט רוענ. ס'האָט זיכ איר
שרעקלעכ געוואָלט זאָגנ דעמ ייִנגל עטלעכע גוטע ווערטער, א
צערטל טאָנ אימ, נאָר דאָס וואָלט געגליכנ געווענ צומ מוידע
זײַנ זיכ, אז זי איז אומגערעכט. די דיסציפּלינ האָט עס פארבאָטנ.
טאָמ איז מאָרעשכוירעדיק געזעסנ אינ ווינקל, אופרייצנדיק זיכ
אונ פארגרעסערנדיק זײַנע יעסורימ. ער האָט געוווסט, אז אינ
הארצנ איז די מומע איצט גרייט פאלנ אימ צו די פיס, אונ פונ
אָט דעמ באוווסטזײַנ האָט ער מאָרעשכוירעדיק פארגעניגנ גע־
האט. ער האָט באשטימט ניט אָנעמענ קיינ שריט צו שאָלעמ
מאכנ אונ ניט באמערקנ די אופרופנ פונ איר זײַט. ער האָט גע־
וווסט, אז פונ צײַט צו צײַט רוט אפ אימ א ראכמאָנעס־קוק, א
פארנעפּלטער פונ טרערנ, נאָר ער האָט עס ניט געוואָלט בא־
מערקנ. ער האָט זיכ פאָרגעשטעלט, ווי ער ליגט קראנק אונ
האלט שוינ בא לעצט, אונ די מומע האָט זיכ אָנגעבויגנ איבער
אימ, ווארט כאָטש אפ איינ וואָרט פארגעבונג, נאָר ער דרייט
זיכ אויס מיטנ פּאָנעמ צו דער וואנט אונ שטארבט, ניט זאָגנדיק
אָט דאָס וואָרט. ווי וועט זי זיכ עס דעמלט פילנ? ער האָט זיכ
פאָרגעשטעלט, ווי מע ברענגט אימ אהיימ א טויטנ, נאָכ דעמ,
ווי מע האָט אימ ארויסגעשלעפּט פונ וואסער; די לאָקנ זײַנענ
אײַנגאנצנ נאס געוואָרנ, זײַנע הענט, וואָס זײַנענ צונויפגעלייגט
אפ דער ברוסט, האָבנ זיכ באַרוט אפ אייביק, אונ זײַנ קראנק
הארצ אויכ דאָס זעלבע; ווי זי וועט זיכ עס א וואָרפ טאָנ אפ
זײַנ טויטנ קערפּער אונ קלאָגנ, יאָמערנ איבער אימ אונ בעטנ
גאָט, ער זאָל איר אומקערנ איר ייִנגל, אונ זי וועט קיינמאָל־קיינ־
מאָל מער ניט באליידיקנ אימ אומזיסט אונ אומנישט! אונ ער
וועט ליגנ א בלייכער, א קאלטער, א פארגליווערטער — די יע־
סורימ פונעמ אומגליקלעכנ קליינעמ מארטירער האָבנ זיכ אפ איי־
ביק פארענדיקט... ער האָט זיכ אזוי אופגערעגט פונ אָט די ביל־

דער, אז די גאנצע צײַט האָט ער געהאַלטן עפּעס אין איין שלינגען. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אז באַלד דערהאַרגעט עס אים, אזוי האָט עס אים דעם האַלדז צונויפגעדריקט; אין די אויגן זײַנען איז אומגעשוואומען עפּעס א פֿײַכטקייט, זי פלעגן אַרײַבערינען, ביז ער פלעגט א פֿינגל טאָן מיט די אויגן, אַראָפּרינען אַראָפּ און אַראָפּטריפֿן פֿון עק נאָז. ער האָט אזוי האַנאָע געהאַט פֿון עם פעסטען זיך מיט זײַנע יעסורים, אז ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן לעבן זיך קיין פֿרייליכע פּנים און קיין געלעכטער; זײַן אומגליק איז געווען צו הייליק דערויף.

אז אין צימער איז אונטערטאַנצנדיק אַרײַנגעפֿלויגן זײַן פֿרײַנטל מערי, פֿול מיט פֿרייד דערפֿון, וואָס זי האָט ענדלעך, אומגעקערט זיך אַהיים פֿון איר רײַזע אין דער פּראָווינץ, וועלכע האָט געדויערט א גאַנצע וואָך, אז דאָס צימער האָט זיך אָנגעפֿילט מיט לידער און זון, איז טאָמ א פֿינצטערער, א מאָרעשכוירע־דיקער אוועק פֿון שטוב. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט ווײַט פֿון די ערטער, וווּ ס׳געפֿינען זיך געוויינלעך זײַנע כאַווײרים, ער האָט געזוכט איינזאַמע ערטער, וואָס זאָלן פּאַסן פֿאַר זײַן שטימונג. ס׳האָט אים געצויגן צו זיך דער הילצערנער פּליט אפֿן טײַך. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַהין און האָט זיך אוועקגעזעצט באַם זוים, קוקנדיק אין דער ווײַט אַרײַן אף דער אומעטיקער ראַכוועס פֿון טײַך. ער האָט געטראַכט דערפֿון, ווי גוט ס׳וואָלט געווען דערטרונקען ווערן מיטאַמאָל און אין כאָלאָשעס־צושטאַנד. דערנאָך האָט ער זיך דערמאַנט אינעם בלימל, האָט ער דאָס אַרויסגענומען און אין א פֿײַנלעכן פֿאַרגעניגן אויסגעגלײַכט די צעקנייטשטע בלעטלעך. ער האָט געפֿרעגט בא זיך, צי וואָלט זי ראַכמאָנעס געהאַט אף אים, ווען זי וואָלט זיך דערוווּסט? וואָס וואָלט זי געטאָן? וואָלט זי זיך צעוויינט און וואָלט געוואָלט האַלדזן אים און טרייסטן אים? צי זי וואָלט זיך קאַלטבלוטיק

אוועקגעקערט, ווי די גאנצע פארדאָרבענע וועלט? דאָס דאָזיקע בילד האָט אים מיטגעבראכט אזויפיל זיסע פּיַין, אז טאָמ האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן פון דעמ און האָט עס זיך פאָרגעשטעלט אפ קאָלערליי אויפאנימ, ביזוואנען דאָס בילד איז אינגאנצן ניט צערונען. דאָך האָט ער זיך סאָפּקאָלסאָפּ אופגעהויבן און איז אינ פינצטערניש אוועק אהיימ.

ארומ צען אזייגער האָט ער, פארבײַגייענדיק איבער דער לייַ־דיקער גאס, ווו סע האָט געוווינט זײַן ליבע אומבאקאנטע, זיך אָפּגעשטעלט און זיך אײַנגעהערט: ס'הערט זיך קיין קלאנג ניט. אינ א פענצטער פון צווייטן גאָרן, הינטערן פאָרהענגל, פינקלט א ליכט.

עפשער שלאָפט דאָ זײַן מאלעכל? טאָמ איז אריבערגע־שפרונגען איבערן פארקן, האָט פאָרזיכטיק דורכגערוקט זיך צווישן די קוסטשעס, איז צו צומ פענצטער און לאנג, מיט גרויס געפיל, געקוקט דערויפ; דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעלייגט אפ דער פלייצע גלײַך אפ דר'ערד, צונויפגעלייגט די הענט אפ דער ברוסט און צונויפגעדריקט אינ די הענט דאָס פארוועלקטע בלימל. אָט אזוי וועט ער שטארבן — פרעמד דער פארדאָרבענער וועלט, אָן א דאך איבערן עלנטן קאָפ, אָן א פרײַנטלעכער האנט, וואָס זאָל אָפּווישן דעמ טויט־שווייס פון זײַן קאָפּ, אָן א מילד פּאָנעמ, וואָס זאָל מיט ליבע און ראכמאָנעס זיך אָנבייגן איבער אימ, ווען ס'וועט אָנקומען די שאָ פון טויט־פּיַין. אָט אזוינעמ וועט זי אימ דערזען, ווען זי וועט מאָרגן ארויסגיין אקעגן דעמ פריילעכן פרימאָרגן... וועט זי דעמלט כאָטש איין טרערעלע לאָזן פאלן אפ זײַן פארשטארטן קערפער? וועט זי כאָטש איין מאָל א זיפצ טאָן וועגן דעמ בליִענדיקן יונגן לעבן, וואָס איז אזוי פריצײַטיק, אזוי אכזאָריעסדיק פארשניטן געוואָרן?

דאָס פענצטער האָט זיך צעפּראלט: א שארפ קוויטשיק קאָל

פון א דינסט האָט פאַרשוועכנדיק צעשטערט די הייליקע שטיל־
קייט, און א שטראָם וואַסער האָט זיך א גאָס געטאָן אויפן טויטן
קערפּער פונעם יונגן מאַרכירער.

אונדזער העלד איז אופגעשפּרונגען. ס'האָט אים פאַרפּעלט
אָטעם, ער האָט געסאָפּעט און געשפּיגן. איינדערלויפנדיק האָט דורכ־
געזוימעט עפּעס ענלעכס אויף א געשליידערטן שטיין, ס'האָט א
קלונג געטאָן עפּעס ענלעכס אויף א דערשטיקטער קלאָלע, דערנאָך
האָט זיך געלאָזט הערן א קלינגעניש פון גלאָז, וואָס טרייסלט זיך.
עפּעס א נעפּלדיקע קליינע פיגור איז אריבערגעשפּרונגען איבערן
פּאַרקן און איז טייקעף פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצ־
טערניש.

אין א קורצער צייט אַרום האָט טאָם, אויסטוענדיק זיך צו
נאַכט־צו, באַטראַכט זיינע פאַרנעצטע אָנטאָן בײַ דער שיין פון א
כיילעוו־ליכט. די שיין האָט אופגעוועקט סידן, נאָר אויב בײַ יע־
נעם איז אפילו יאָ געווען א פּיצל געדאַנק וועגן בעטן
פאַרגעבונג, האָט ער זיך באַטראַכט און איז געבליבן שטיל, מאַכנדיק
דעם אָנשטעל, אַז ער שלאָפט. טאָמס אויגן האָבן אים קיין גוטס
ניט צוגעזאָגט. טאָם האָט זיך אַנידערגעלייגט, באַפרײַענדיק זיך
פון עם מוז איבערצוחזרן די טפילעס, וואָס מע לייענט פאַרן
שלאָפן. סיד האָט עס באַמערקט און פאַרגעדענקט.

## קאַפּיטל 4.

דער זונטיק־פרימאָרגן איז געווען א שטילער, א לויטערער.
די זון האָט געשײַנט איבערן שטעטל, ווי זי וואָלט דאָס שטעטל
געבענטשט. נאָכן איבערבײַסן האָט די מומע פּאָלי אײַנגעאָרדנט א
מין היימישע גאָטסדינסט. אָנגעהויבן האָט זיך די גאָטסדינסט מיט
א קאָלעקטיווער טפילע, וואָס איז באַשטאַנען פון לאַנגע ציטאַטן

פון דער ביבל, ציטאטן, פאריייניקטע דורך דינעם צעמענט פון „אייגענע״ צוגאָבן.

נאָכדעם האָט טאָם געגומען כאַזערן פסוקים פון עוואַנגעליום. סיד האָט אויסגעכאַזערט זײַן לימעד נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. טאָם האָט אָנגעשטרענגט זײַן גאַנצע ענערגיע אַף אויסצוכאַזערן אַפּ אויסנווייניק פינף פסוקים; דאָס פרײַנטל מערי האָט אים צוגעמונטערט.

— זאָרג זיך ניט, טאָם, ס׳איז גאָר ניט אַזוי שווער... אויב דו וועסט אויסכאַזערן, וועל איך דיר געבן עפּעס זייער א ווילע זאַך. הערסט? נו, זײַ־זשע א קלוג ייִנגל!

— נו, גוט! אָבער וואָס וועסטו מיר געבן, מערי? זאָג, וואָס?

— א כילעק דיר וואָס, טאָם: אַז איך זאָג — א ווילע זאַך, איז עס מיסטאָם א ווילע. דו ווייסט דאָך אַליין.

— עמעס, מערי. נו זאָל זײַן אַזוי, כ׳וועל נאָך אַביסל כאַזערן.

און אונטער דער צווייענדיקער ווירקונג פון נײַגיר און ארויסקוק אפּן צוגעזאָגטן לוין האָט טאָם זיך גענומען כאַזערן מיט אַזאַ פלײַס, אַז אינגיכן האָט ער דערגרייכט גלענצנדיקע רעזולטאַטן.

מערי האָט אים געגעבן א נײַיִנק, אָט ערשט געקויפט מעסערל, וואָס האָט געקאָסט צוועלף מיט א האַלבן סענט. טאָם איז געווען אויסער זיך פון אַנטציקונג. דעם פרײַנטל מעריס גוטסקײַט האָט אים טיף־טיף אופגערודערט. עמעס, מיטן מעסערל האָט מען גאָרניט געטאָרט שנײַדן, נאָר טאָם האָט פונדעסטוועגן באַוויזן צעשנײַדן דערמיט דעם בופעט. ער האָט זיך געקליבן טאָן דאָס זעלבע מיטן קאָנטאָר־טישל, נאָר מ׳האָט אים א רוף געטאָן אָנטאָן זיך אַפּ צו גיין אין דער זונטיק־שול.

מערי האָט אים איג די הענט אריַינגערוקט א בלעכנ טאזעלע מיט וואסער אונ א שטיק זייפ. ער איז ארויסגעגאנ אפ יענער זיַיט טיר אונ האָט אוועקגעשטעלט דאָס טאַזעלע אפ דער קליינינקער באנק, דערנאָכ האָט ער איַינגעגעצט די זייפ אינ וואסער אונ האָט זי צוריק אוועקגעלייגט, האָט פארקאטשעט די ארבל, כאַר־זיכטיק אויסגעגאָסנ די וואסער אפ דר'ערד, איז אריַינגעגאנ אינ קיכ אריַינ אונ גענומענ זיכ געשמאקן רייַבנ דאָס פאָנעם מיטנ האנטעכ, וואָס איז געהאנגענ הינטער דער טיר. נאָר מערי האָט בא אים צוגענומענ דעמ האנטעכ:

— ווי שעמסטו זיכ ניט, טאָמ! מ'טאָר ניט זיַינ אזא מיִעסער באָכער. ס'וועט דיר גאָרניט שאטנ, אז דו וועסט זיכ איַינוואשנ.

טאָמ איז אביסל פארשעמט געווענ. דאָס טאזעלע איז ווידער אָנגעפילט געוואָרנ מיט וואסער. דאָס מאָל איז טאָמ א שטיק צייַט געשטאנענ איבערנ טאזל, ווי ער וואָלט זיכ אָנגענומענ מיט אנטשלאָסנקייַט. ענדלעכ, האָט ער טיפ א זיפצ געגעבנ אונ גע־נומענ וואשנ זיכ. אז ער איז דאָס צווייטע מאָל אריַינגעגאנ אינ קיכ אריַינ, מיט פארמאכטע אויגנ, אָנטאפנדיק מיט דער האנט דעמ האנטעכ, האָבנ די וואסער אונ זייפ־שוימ, וואָס זיַינענ גע־רונענ פונ זיַינ פאָנעמ, ניט דערלויבט צו צווייפלענ אינ זיַינ אָרנט־לעכקייַט. פונדעסטוועגנ, אז ער איז ארויס פונ אונטערנ האנטעכ, האָט זיַינ פארצעפ נאָכ אלצ אויסגעוויזנ גאָר ניט באפרידיקנדיק. די ריינע זיַיט האָט פארכאפט בלויז א טייל פאָנעמ, פונ שטערנ ביזנ קינ; העכער אונ נידעריקער פונ אָט דעמ אָרט האָט זיכ געצויגנ א ברייטע ניט־באוואסערטע טעריטאָריע, זי האָט זיכ אראָפּגע־לאָזט פונויבנ צומ שטערנ אראָפּ, אונ אונטנ האָט זי זיכ אוועק־געלייגט, ווי א פינצטערער פאס ארומ האלדז.

מערי האָט זיכ אליינ א נעמ געטאָנ צו אימ, אונ ערשט נאָכדעמ איז ארויס א יונג — א כוואט, אנ עכטער מאנספאר־

שוין און ברודער, מיט וועלכע ס'איז קיין ביזויען ניט דורכצו־
שפּאַנען די גאַס: די האָר זײַנען באַשמירט געוועזן און צוגעגלעט,
די קורצע לאָקנדלעך זײַנען געלעגן שיין און מײַסטעריש (ער אַליין
פלעגט שטענדיק מיט גרויס פלײַס באַמיִען זיך אײַנגאַנצן צופּלעטשן
די האָר. ער האָט געהאַלטן, אַז לאָקן מאַכן ביכלאַל ענלעך אַף
אַ מיידל, זײַנע האָר פלעגן אים די יאָרן דערגיין). דערנאָך האָט
מערי אַרויסגענומען דעם גרויסאַרטיקן גאַרניטער, וועלכן טאָם טוט
אָן בלויז אום זונטיק שוין אַ מעשעך פון צוויי יאָר, אַרויסגענו־
מען די „צווייטע פּאָר", ווי מ'פלעגט דעם גאַרניטער רופן אין
שטוב, באַצייכענענדיק דערמיט די גרייס פון טאָמס גאַרדע־
ראָב. אַז טאָם האָט זיך אָנגעטאָן, האָט מערי „צורעכט געמאַכט"
אַף אים דאָס אָנטאָן, האָט אים פאַרשפּיליעט דאָס רעקל אַף
אַלע קנעפּ, האָט אויסגעגלײַכט דעם ברייטן העמד־קאָלנער, וואָס
פאַלט אים אַף די אַקסל, האָט מיטן בערשטל דאָס אָנטאָן אים
אויסגערייניקט און, ענדלעך, אָנגעטאָן אים אַפן קאָפּ אַ שטרוי־
ענעם הוט.

אָט דאָס אַלץ האָט זייער באַיינט זײַן אויסערלעכן אויס־
זען. נאָר דאָס פּנעם איז געווען בײַ אים ניט־צופרידן, און גע־
פילט האָט ער זיך אויך ניט־פויגלדיק: ניט געווינט איז ער גע־
ווען צו זען זיך אין אויסגעוואַשענעם און ריינעם — ס'האָט אים גע־
צוימט. ער האָט געהאָפט, אַז מערי וועט פאַרגעסן אין די שטיוול,
נאָר אומזיסט: מערי האָט זיי אָנגעשמירט, ווי דער שטייגער איז,
מיט פעטס און זיי אים געבראַכט, ער זאָל זיי אָנטאָן. דאָ
האָט ער אָנגעווירן דעם געדולד און קלאָגן זיך גענומען, אַז
שטענדיק צווינגט מען אים טאָן דאָס, וואָס ער וויל ניט. אָבער
מערי האָט שטײַף אַ זאָג געגעבן:

— נו, זײַ אַזוי גוט, טאָם, זײַ אַ קלוגער באָכער!

און ער האָט, וואָרטשענדיק, אַרופגעצויגן אַף זיך די שטיוול.

מערי האָט זיך אויך גיך אָנגעטאָן, און אַלע דריַי קינדער האָבן זיך אוועקגעלאָזט צו דער זונטיק־שול, וועלכע טאָם האָט פּיַינט געהאַט מיט אַלע קוֹיכעס, און סיד און מערי האָבן זי זייער ליב געהאַט.

די לימודים אין דער שול פלעגן דויערן פון ניַין ביז האַלב עלף; דערנאָך פלעג זיך אָנהייבן די גאָטסדינסט. צוויי פון די קינדער פלעגן פריַיוויליק בליַיבן הערן די דראָשע; דער דריטער פלעג אויך בליַיבן — וויַיל מע האָט אים דערצו געצווּנגען. אַף די הויכע קלויסטער־בענק פלעגן זיך אויסזעצן בא דריַי הונדערט מאַן. דער קלויסטער איז געווען אַ קליינער, אַן אָרעמער, מיט אַ מין הילצערנעם קאַסטן אויבן אָנשטאָט אַ גלאָקן־טורעם.

באַם אַריַינגאַנג איז טאָם עטוואָס אָפּגעשטאַנען פון זיַיניקע און האָט זיך געווענדעט צו אַ כאַווער, וואָס איז, פּונקט ווי ער אַליין, יאָנטעוודיק אויסגעפּוצט:

— הער נאָר, ביל, דאָ בא דיר אַ געל בילעטל?

— דאָ.

— וואָס ווילסטו פאַר אים?

— וואָס וועסטו מיר געבן?

— אַ שטיק לאַקריץ און אַ קריקל פון אַ ווענטקע.

— גיב אַ קוק טאָן.

טאָם האָט באַוויזן. די זאַכן האָבן זיך געפונען אין אַ באַפרידיקנדיקן צושטאַנד און זיַינען אַריבער פון הענט אין הענט.

דערנאָך האָט טאָם אויסגעביטן אַ פּאָר וויַיסע בילעטלעך אַף דריַי רויטע און נאָך עטלעכע קליינינקיַיטן אַף אַ פּאָר בלויע בילעטלעך. עפּשער אַ האַלבע שאָ האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּשטעלן יעדער פאַרביַיגייענדיק יינגל און יעדן פאָרגעלייגט זיַינע אויצרעס אַלס ביַיט אַף בילעטן פון פאַרשיידענע קאָלירן. דערנאָך איז ער אַריַינגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַ כאָפּטע ריינינקע יינגלעך און מיידלעך אין קלויסטער אַריַין, האָט זיך אוועקגע־

זעצט אפ זייַנ אָרט אונ טייקעפ פארפירט א געשלעג מיט איינעמ
פונ די שכיינימ־ייִנגלעכ. ס'האָט זיכ אריַינגעמישט דער לערער,
אנ ערנסטער, באיאָרטער מענטש, אונ ביידע ייִנגלעכ זייַנענ שא־
שטיל געוואָרנ. אָבער ווי נאָר דער לערער האָט זיכ אויסגע־
דרייט מיט דער פלייצע, האָט טאָמ א שלעפ געטאָנ בא די
האָר דאָס ייִנגל, וואָס איז געזעסנ אפ דער באנק פונ־
פאָרנט, פאר אימ, אונ ער האָט טייקעפ אריַינגעשטעקט די נאָז
אינ בוכ אריַינ. אז דער באליידיקטער האָט זיכ אומגעקוקט, האָט
ער ניט געקאָנט פארשטיינ, ווער האָט עס אימ אָפגעטאָנ. אונ
טאָמ האָט שוינ געשטאָכנ מיט א שפילקע א צווייטנ שאָכנ, קעדיי
דערהערנ, ווי יענער ניט א געשריי: „אייַ“! טאָמ האָט
ווידער געקראָגנ א פאָרוואורפ פונעמ לערער. דער גאנצער קלאס
טאָמס איז מערכטנס געווענ, ווי צוגעקליבנ, א ראשיקער, אומ־
רויִקער אונ אייַנגעגעסענער. אז ס'איז דערגאנג צומ אויספרעגנ
דעמ פארגעבענעמ לימעד, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז קיינער פונ
די ייִנגלעכ האָט אימ ניט אויסגעכאזערט, ווי ס'דארפ
צו זייַנ, אונ ס'איז אויסגעקומענ אלעמענ אונטערצוזאָגנ.
קאמ־קאמ, מיט גרויסע צאָרעס האָבנ זיי געענטפערט, אונ יע־
דער האָט באקומענ א באלוינונג — דאָס בלויע בילעטל, וואָס
מ'פלעגנ געבנ פאר צוויי פסוקימ, אויסגעכאזערטע אפ אויסווייניק.
אפ יעדער בילעטל איז געווענ אָנגעשריבנ א פאָסעק פונ עוואנ־
געליע. צענ בלויע בילעטלעכ זייַנענ געגליכנ געווענ צו איינ
רויטנ אונ האָבנ געקאָנט אויסגעביטנ ווערנ אפ אזוינעמ; צענ
רויטע זייַנענ געגליכנ געווענ צו איינ געלנ; פאר צענ געלע פלעג דער
דירעקטער ארויסגעבנ דעמ שילער, וואָס האָט זיכ אויסגעצייכנט,
א ביכל אינ אנ איינפאכנ איַינבונד. וואָלט בא אסאכ פונ מייַנע
לייענער געקלעקט זיקאָרנ אונ פלייַס אפ אויסצוכאזערנ אפ אויס־
ווייניק צוויי טויזנט פסוקימ פונ דער „הייליקער שריפט“? אונ דאָך,

אָט האָט מערי אזויארום געקראָגן צוויי ביבל — א באַלוינונג פאר גע־דולדיקער צווייאָריקער מי; און איינע ייִנגל — א דײַטש לויט דער אָפּשטאַמונג — האָט געקראָגן פיר ביבל אָדער, דאַכט זיך, טאקע די גאַנצע פינף. איינמאָל האָט ער אויסגעשאָסן נאָכאַנאַנד, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, דרײַ טויזנט פסוקים; נאָר אזא מאַרך־אָנשטרענ־גונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַן אומקומעניש פאר אים, און פון יענעם טאָג אָן איז ער קימאט אַן אידיאָט געוואָרן. דאָס איז פאר דער שול געווען א גרויסער בראָך, ווײַל פריִער פלעג גע־ווײנלעך דער דירעקטער אין פײַערלעכע פאַלן, ד.ה. בײַ ס׳פלעג זיך צונויפקומען א גרויסער עולם, אַרויסרופן אָט דאָס ייִנגל, ער זאָל „זיך צעלאָזן״ (לויט טאָמס אויסדרוק). פון די איבעריקע האָבן בלויז די עלטערע געהיט זייערע בילעטלעך און ניט גע־וואָרפן דאָס לאַנגווײַליקע „כאַזערן״ אַזאַ לאַנגע צײַט צוליבן פאַרדינען א בילעטל. דעריבער פלעג דאָס אַרויסגעבן אַזאַ באַ־לוינונג, ווי א ביבל, זײַן א זעלטענע, אַן אויסערגעוויינלעכע דער־שײַנונג; דער שילער, וואָס פלעג זי באַקומען, פלעג אויסוואַקסן אַף א גאַנצן קאָפּ, און אַלע כאַוויירים פלעגן אים מעקאַנע זײַן. זיי פלעגן דאַן, אָפּט אפילע אַף גאַנצע צוויי וואָכן, פאַרכאַפּט ווערן פון קאָווער־גאַרעניש. מעגלעך, אַז טאָמס סייכל־מאָגן, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, האָט קיינמאָל ניט געדאָרשט נאָך אזא באַלוינונג, אָבער איינס באַשטימט: זײַן גאַנצער באַוווּסטזײַן האָט שוין לאַנג געדאָרשט נאָכן רום און גלאַנץ, וואָס זײַנען צונויפגעבונדן מיטן באַקומען אַזאַ באַ־לוינונג.

דער דירעקטער האָט זיך באַצײַטנס באַוויזן אַף דער קאַטעד־רע מיטן פאַרמאַכטן הימנען־בוך אין דער האַנט און מיט פינגער, פאַרלייגטע צווישן די בלעטלעך. ער האָט אײַנגעלאַדן דעם קלאַס אויפמערקזאַם האָרכן.

דער דירעקטער איז געווען א דארער מאנצבל, אלט א יאָר פינף און דרײַסיק, מיט א צאפּן־בערדל פון זאמד־קאָליר און מיט קורץ אונטערגעשוירענע האָר אויך פון דעם זעלבן קאָליר. די אייבערשטע זוימען פון זײַנע געדיכט־אָנגעקראָכמאלעטע „שטייען־דיקע" קאָלנער האָבן דערגרייכט קימאט ביז די אויערן זײַנע. די שפּיציקע עקן האָבן זיך פארבויגן פּאָרויס קימאט לעבן די ליפּן־ווינקלען. ס'האָט זיך באקומען עפּעס א מין פארקן, וואָס צווינגט דעם דירעקטער קוקן די גאנצע צײַט גלײַך פאר זיך, אָדער אויסדרייען זיך מיטן גאנצן קערפּער, ווען ס'איז נייטיק א קוק טאָן אין א זײַט אראָפּ. זײַן קין האָט גערוט אף א ברייטן קווייטנדיקן האלדזטוך, וואָס איז ברייט און לאנג, ווי א באנק־בילעט. בא די עקן פונעם האלדזטוך איז געהאנגען א בא־כראָם־סטענגע; די נעזער פון די שטיוול זײַנען געווען שארף פארבויגן ארויף, לויט דער דעמאָלטיקער מאָדע, אזויווי די שפּיצן פון גליטשערס, — דעם דאָזיקן עפעקט פלעגן זיך פלײַסיק און אײַנגעשפּארט באמיִען קריגן די יונגעלײַט פון יענער צײַט, אָפּשטייענדיק שאָענלאנג מיט שטיוול־נעזער צוגעדריקטע צו דער וואנט. מיסטער אוואָלטערס האָט געהאט זייער א שטרענגן אויס־זען, זייער אן אופריכטיק און ערנסטע הארץ. צו אלעם, וואָס איז היי־ליק און קלויסטעריש, פלעג ער זיך באציִען מיט אזא אָפּשײַ און פלעג עס אזוי אָפּטיילן פונעם וועלטישן, אז אפילו אין קאָפּ זײַנעם אין דער זונטיק־שול פלעגן באווײַזן זיך באזונדערע אינ־טאָנאציעס, אזעלכע, וואָס מ'האָט זיי לאכלוטן נים געקאָנט טרעפן אינדערוואָכן. אָנגעהויבן האָט ער זײַן דראָשע אף אזא אויפן:

— אצינד, קינדער, וואָלט איך בעטן אײַך א מינוט־צוויי זיצן ווי נאָר מעגלעך גלײַך און שטיל און שענקען מיר אײַער גאנצע אופמערקזאמקײַט. אָט אזוי! אָט אזוי טאקע דארפן זיך האלטן פײַנע יינגלעך און מיידלעך. איך באמערק, אז איינע קליינ

מיידעלע קוקט אין פענצטער אריין, — זי מיינט געוויס, אז איך זיץ ערגעץ דאָרט אפ א בוים און האַלט א רעדע פאר די קליינע פייגעלעך (דער אוילעם כיכיקעט דערביי). איך וויל אייך זאָגן, וו עס פרייט מיין הארץ ווען פאר זיך אזויפיל פריילעכע, ריינינקע קינדערשע פּענעמער, וועלכע זיינען צונויפגעקומען זיך אהער צווישן די הייליקע ווענט לערנען זיך גוטסקייט און יוישער.

און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער. בּרענגענדיק זיינע ווייטער־דיקע רייד איז אינגאנצן איבּעריק. די גאנצע רעדע דעם דירעקטערס איז צונויפגעשטעלט געווען לויטן פונלאנג באוווסטן, אלעמען גוט־באקאנטן אייבּיקן מוסטער.

דאָס לעצטע דריטל פון דער דאָזיקער רעדע האָבּן אָפּט פאר־טויבּט די באנייטע געשלעגן צווישן די ייִנגלעך, אויך דער גע־מורמל און דאָס לאכן פון די שילער, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבּערן קלויסטער, פארכאפּנדיק אפילע אזעלכע פעסטע פעלדזן, ווי סיד און מערי. נאָר אלע שמועסן זיינען פארשטומט געוואָרן, ווי נאָר דעם דירעקטערס קאָל האָט אָנגעהויבּן אראָפּפאלן. דער שלוס פון דער רעדע איז באגעגנט געוואָרן מיט אן אופּרייס פון צארטער דאנקבּארקייט.

דעם געמורמל און די שמועסן האָט אין א היפּשער מאָס ארויסגערופן א געשעעניש א מער־ווייניקער זעלטענע — דאָס דער־שיינען פון באזוכער: דער אדוואָקאט טעטשער און זיינע באגליי־טער — א דארער אלטיטשקער, א שיינער, אָנגעזעענער דזשענטל־מען פון מיטעלע יאָרן, מיט גרויע האָר, און א פּרעכטיקע דאמע, געוויס — דעם לעצטנס פרוי. די דאמע האָט געפּירט בּא דער האנט א מיידעלע. טאָמ האָט די גאנצע צייט ניט געקאָנט איינזיצן אפ זיין אָרט איבּער דעם געפיל פון שולדיקייט און געוויסן־ערגערניש; ער האָט די האָזע ניט געהאט צו טרעפן זיך מיט עמא לאָורענס אויגן; ער האָט ניט געקאָנט אויסהאלטן איר באשיידענעם ליבּע־

בליק. נאָר, אַז ער האָט דערזען דאָס אַרײַנקומענדיקע מיידעלע, איז זײַנע נעשאָמע פול געוואָרן מיט וווּנדער־גליק און ער האָט טייקעף גענומען מיט אַלע קויכעס „ווײַזן פּאָקוסן", „מאַכן פיגורן" קלאַפּן די ייִנגלעך, שלעפּן זיי בײַ די האָר, קאָרטשען צורעס און דאָסגלײַכן — באַווײַזן אַלע קונצן, וואָס מע קאָן האָפן, אַז זיי וועלן פאַנגען דאָס מיידעלע און אויסנעמען בײַ איר. אין זײַנע וווּנדער־גליק איז געווען בלויז איין ניט־אַנגענעמענער בײַמיש — דער זייכער דערפון, ווי מע האָט אים געמאַכט צום נאַר אינעם גאָרטן פון אָט דעם מאַלעך; נאָר אויך דער דאָזיקער בײַמיש איז אינגיכן אָפּגעווישט געוואָרן דורך די כוואַליעס פון פאַרפלייצנדיקן גליק. די געסט האָט מען אַוועקגעזעצט אויף אַ בעקאָוועדיק אָרט, און ווי נאָר מיסטער אואָלטערס האָט פאַרענדיקט זײַנע רעדע, האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר דער שול. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מאַן אין די מיטעלע יאָרן איז זייער אַן אָנגעזעענער פּאַר־שוין — ניט מער און ניט ווייניקער, ווי דער קרײַז־ריכטער. אַזאַ הויכגעשטעלטן מעלוכע־מאַן האָבן די קינדער נאָך קיינמאָל ניט געזען; זיי האָבן זיך געכידעשט, קוקנדיק אויף אים, און האָבן בײַ זיך געפרעגט, צי איז ער טאַקע געבויט פון דעם זעלבן מאַטע־ריאַל, וואָס אַלע אַנדערע מענטשן; זיי האָבן געגאַרט דערהערן, ווי ער כוּט עס אַ ברום, ווי אַ לייב, און גרימצאָרן, און אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר דעם דאָזיקן ברום. ער איז אָנגעקומען, דער ריכטער, פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל [1], וואָס געפינט זיך צוואַנציק מײַל די ווײַט פון פּיטערסבורג. האָט ער, הייסט עס, אַסאַך געפאַרן און געזען די גרויסע וועלט; ער האָט מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען די געבײַדעס פונעם קרײַז־געריכט,

1) די אַמעריקאַנער האָבן ליב אָנצורופן זייערע קליינע שטעטלעך מיט קלינ־גענדיקע נעמען פון די וועלט־שטעט. פאַראַן בײַ זיי שטעטלעך פּאַריזשן און א. וו.

וואָס איז געדעקט, ווי מ׳דערציילט, מיט א בלייענעם דאכ. דער אָפּשיי, וואָס אָט דאָס אלעס האָט ארויסגערופן, האָט זיך ארויסגעדריקט אין א פייערלעכער שטילקייט און אין רייען אופמערקזאמע אויגן, געווענדעטע אפן ריכטער. דאָס איז געווען דער בארימטער ריכטער טעטשער, דער ברודער פונעם היי־מישן, פיטערסבורגער אדוואָקאט. דזשעפ טעטשער איז טייקעפ ארויסגעגאנגען פאָרויס אָפּגעבן שאָלעם דעם גרויסן מאן, דעם פעטער זיינעם. די גאנצע שול האָט דזשעפן מעקאנע געווען. ווען ער וואָלט, דזשעפ, געהערט דעם געמורמל פון די כאווײרים זיינע, וואָלט עס, ווי מוזיק, געקלונגען אין זיינע אויערן.

— זע נאָר, דזשים, ער גייט אהינצו, אפ מיין וואָרט, אהינצו! גיב א קוק, גיב א קוק! אָט גריסט ער זיך מיט אים, אָט דער־לאנגט ער אים די האנט! א, ווי געפעלט דיר? די האנט! ווייסט עס א רועכ, דיר וואָלט זיך מיסטאָמע געוואָלט זיין אפ דזשעפס אָרט?

מיסטער אוואָלטערס האָט אפ זיין שטייגער „געמאכט פיגורן" פאר די אָנגעזעענע באזוכער. ער האָט, היצנדיק זיך, געמאכט פאראָרדענונגען; פאָרווורפן, אָנווייזונגען און באפעלן האָבן זיך געשאָטן אפ רעכטס און אפ לינקס. דער ביבליאָטעקער האָט אויך „געמאכט פיגורן", לויפנדיק הין און צוריק, די הענט אָנגעפילט מיט ביכער, זייענדיק גוואלדיק פארטאָן, יאָגנדיק און טומלענדיק. די יונגע לערערנס האָבן „געמאכט פיגורן", צארט אָנבייגנדיק זיך איבער די שילער, וועלכע זיי האָבן ערשט ניט לאנג געשענקט פיינע פעטש; זיי האָבן שמייכלענדיק געדראָט מיטן פינגער די ווילדע קינדער און מילד געגלעט איבערן קאָפּ די ווילע. די יונגע לערער האָבן „געמאכט פיגורן", באווייזנדיק זייער מאכט מיט קורצע באמערקונגען, פאָרווורפן און אנדערע צייכנס פון געטריישקייט און שטרע־בונג צו דיסציפלין. די מיידעלעך האָבן אויך „געמאכט פיגורן"

אפּ קאָלערליי אויפאַנים, און די ייִנגלעך האָבן אַזוי צוגעאַרבעט, אַז די לופט איז פול געווען מיט קײַקעלעך פון צעקײַטן פּאַפּיר, וואָס פליִען פון איין באַנק צו דער צווייטער, און מיט געמורמל־זשומעניש פון קוילעס, וואָס שפּאַרן זיך און אַמפּערן זיך. איבער אָט דעם אַלעמען האָט זיך געהייכט די פיגור פון עם גרויסן מאַן, וואָס זיצט מײַעסטעטיש אין שטול, באַשײַנענדיק די שול מיט זײַן מײַעס־טעטישן ריכטער־שמייכל און וואַרעמענדיק זיך, אַזוי צו זאָגן, אין שטראַלן פון זײַן אייגענער גרויסקײַט — ער האָט אויך אָפּ זײַן אויפן „געמאַכט פיגורן". דאָס גליק זאָל פול זײַן, האָט דעם מיס־טער אוּאָלטערס נאָר איינס געפעלט: אַ פאַל אָפּ צו באַווײַזן דעם הויכגעשטעלטן גאַסט דעם ווונדער פון פלײַס, דער פאַל פון שען־קען אַ ביבל דעם בעסטן שילער. בײַ עטלעכע שילער איז געווען אַ קליינע צאָל געלע בילעטן, נאָר בײַ קיינעם איז ניט געווען קיין גענוגנדיקע צאָל, — ער האָט שוין געפרעגט וועגן דעם, דער די־רעקטער, בײַ די בעסטע שילער. ער וואָלט איצט אָפּגעגעבן אַ האַלבע וועלט, קעדיי ווידער אומקערן דעם ייִנגל דעם דײַטש זײַן זיקאָרן און סייכל.

און אָט, אין דער רעגע, ווען דער דירעקטער האָט שוין אָנ־געווירן יעדע האָפענונג, איז פאָרויסגעטראָטן טאָם סאָיער מיט נײַן געלע בילעטן, נײַן רויטע און צען בלויע און האָט געפאָדערט אַלס באַלוינונג אַ ביבל! ווי עס וואָלט אַ דונער געטאָן אינמיטן אַ העלן, לויטערן טאָג. מיסטער אוּאָלטערס האָט זיך לאַכלוטן ניט געריכט, אַז גראָד טאָם זאָל קומען מיט אַזעלכע פרעטענזיעס. נאָר טאָן האָט מען גאָרניט געקאָנט — די פאָדערונגען זײַנען גע־ווען גענוגלעך. טאָמען האָט מען אַרופגעפירט אָפּ דער עסטראַדע, ווו עס זײַנען געזעסן דער ריכטער און די אַנדערע גרויסע לײַט, און דער שול־שעף גופא האָט געמאָלדן וועגן דעם גרויסן נײַס. עס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן, אַ פּלעטנדיקן אײַנדרוק; שוין

לאנג, אז די שול האָט ניט באַקומען אזא סיורפּריז; עס האָט ארויסגערופן אן אומגעהייערע סענסאציע. דער נײַער העלד איז מיטאמאָל פּונקט אזוי גרויס געוואָרן, ווי דער בארימטער מאן, און די שול האָט איצט פארגאפט געקוקט אף צוויי ווונדער מיטאמאָל. אלע יינגלעך האָבן געגליט פון קינע, אין מער פון אלעמען האָבן געפּײַניקט זיך יענע, וועלכע האָבן אליין מיטגעהאָלפן אָט דעם אומגעזעצלעך־געקראָגענעם רום, פאר קויפנדיק טאָמען די בילעטן פאר די אויצרעס, וואָס ער האָט אָנגעזאמלט בײַם ווײַסן דעם פּלויט.

דער דירעקטער האָט דערלאנגט טאָמען די ביבל מיט דער געהעריקער פײַערלעכקײַט, נאָר אין זײַן רעדע איז קיין ברען ניט געווען: דאָס הארץ האָט אים געזאָגט, דעם אומגליקלעכן דירעקטער, אז עפּעס איז דאָ פארבאָרגן א סאָד, א סאָד, וואָס ס'איז בעסער עפּשער ניט צורירן זיך צו אים. ס'וואָלט דאָך אומגעהייער לעפּיש געווען צו מיינען, אז אָט דאָס יינגל האָט אָפּגעשפּאָרט אין זײַן זיקאָרן צוויי טויזנט הייליקע פּסוקים, בײַס עס האָט אים קיין קויעך ניט געקלעקט אף איין טוץ אפילע. עמא לאָורענס איז געווען גליקלעך און שטאָלץ, און האָט זיך געמיט, אז טאָם זאָל עס באמערקן אף איר פּאָנעם; נאָר ער האָט אף איר ניט געקוקט. פון אָנהייב האָט זי זיך געוווּנדערט, דערנאָך האָט זי זיך א ביסל פארלאָרן, דערנאָך איז אין איר מויעך דורך א טונקעלער כשאד און איז טייקעף פארשווונדן געוואָרן, דערנאָך איז דער כשאד צוריק געקומען. זי האָט גענומען זיך צוקוקן. א פלינקער בליק האָט איר אלץ אויסגעזאָגט — און איר הארץ איז צעשמעטערט געוואָרן; זי איז אין קאס געווען, האָט געוויינט, האָט שטארק פײַנט געקראָגן די גאנצע וועלט און מער פון אלעמען, ווי עס האָט זיך איר געדוכט, טאָמען.

טאָמען האָט מען פאָרגעשטעלט פארן ריכטער, נאָר דאָס יינגל האָט זיך געשעמט, האָט קאם דעם אָטעם געכאפּט, און דאָס הארץ

זײַנס האָט געפּלאַטערט, טײַלווײַז פון שרעק פאַר דער גרויזאַמער מײַעסטעטישקייט פון אָט דעם מאַן, נאָר דערהויפּט דערפאַר, וואָס דאָס איז איר פּאָטער. טאָם איז גרייט געווען פאַלן צו די פיס און נייגן זיך פאַר אים, ווען אין קלויסטער וואָלט נאָר טונקל געווען. דער ריכטער האָט אַרופגעלייגט זײַן האַנט אויף טאָמס קאָפּ, האָט אָנגערופן טאָמען „קלוג ייִנגל" און האָט אים געפרעגט, ווי הייסט ער.

דאָס ייִנגל האָט זיך פאַרהיקעט, דערנאָך האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און האָט אויסגעשאָסן:

— טאָם.

— אָ, ניין, ניט טאָם, נאָר...

— טאָמאַס.

— אָט אַזוי. איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט נאָך עפּעס צו־געבן... גוט־גוט! נאָר פונדעסטוועגן האָסטו, פאַרשטייט זיך, נאָך אַ נאָמען. וועסט מיר דאָך זאָגן, עמעס?

— זאָג דעם דזשענטלמען דײַן פאַמיליע, טאָמאַס, — האָט זיך אַרײַנגעמישט אָוואָלטערס. — און אַז דו רעדסט מיט עלטערע, פאַרגעס ניט צוגעבן „סער". מע דאַרף זיך קאָנען האַלטן אין געזעלשאַפט.

— טאָמאַס סאָיער, סער.

— נו אָט, אָט אַ קלוג באָכערל! אַ ווויל ייִנגל, אַ פײַן ייִנגל! צוויי טויזנט פּסוקים — ס'איז אַסאַך, זייער־זייער אַסאַך! און ס'וועט דיר קיינמאָל ניט באַנק טאָן, וואָס דו האָסט זיך געמיט זיי אויסצוכאַזערן: דאָס וויסן איז וויכטיקער פון אַלץ אויף דער וועלט. בלויז דאָס וויסן טאַקע מאַכט דעם מענטשן גרויס און גוט. דו אַליין, טאָמאַס, וועסט אַמאָל זײַן אַ גרויסער גוטער מענטש, און דו וועסט זיך דעמלט אומקוקן אַפּצוריק און וועסט זאָגן: אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען די מײַלעס פון דער זונטיק־

שול, וואָס כ׳האָב באַזוכט קינדווייַז; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען מייַנע טייַערע לערער, וואָס האָבן מיך צוגעווינט צו לערנען זיך; אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם גוטן דירעקטער, וואָס האָט מיר מיטגעהאָלפן און אַכטונג געגעבן אויף מיר און האָט מיר געגעבן אַ וווּנדערלעכע ביבל, אין אַ שיינעם אייַנבונד, קעדיי ס׳זאָל בײַ מיר זייַן אַן אייגענע ביבל און קעדיי זי זאָל טאָמעד זייַן לעבן מיר. אָט דאָס אַלעס האָב איך צו פאַר־דאַנקען דער גוטער דערציִונג. אָט וואָס דו וועסט זאָגן, טאַטאַס,— און דו וואָלסט, פאַרשטייט זיך, ניט גענומען פאַר אָט די אויף אויסנווייניק אויסגעכאַזערטע צוויי טויזנט פּסוקים קיינשום אָנ־דער באַלוינונג, קיין שום טויזנטער. און אַצינד וועסטו ניט אָפּ־זאָגן צו זאָגן מיר און אָט דער דאַמע עפּעס דערפון, וואָס דו האָסט אויסגעכאַזערט, — איך ווייס, דו וועסט ניט אָפּזאָגן, ווייַל מיר שטאָלצירן מיט ייִנגלעך, וועלכע לערנען זיך אַזוי גוט. דו ווייסט, פאַרשטייט זיך, די נעמען פון אַלע צוועלף אַפּאָסטאָלן. איז זאָג־זשע אונדז, ווי האָבן געהייסן די ערשטע צוויי אַפּאָסטאָלן פון יעזוס קריסטוס?

טאָם האָט זיך אַ ציִ געטאָן בײַ אַ קנעפּל און האָט טעמפּ גע־קוקט אויפן ריכטער, דערנאָך איז ער פלאַם־רויט געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

בײַ מיסטער וואָלטערס איז דאָס האַרץ פאַרשטאַרט געוואָרן. דאָס יונגאַטשל איז דאָך ניט אימשטאַנד צו ענטפערן אויף דער פּאַשעטסטער פראַגע, — צוליב וואָס פרעגט עס אים דער ריכטער? נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן פאַר זייַן כויוו צו שטיצן דעם ריכטער.

— ענטפער־זשע דעם דזשענטלמען, טאָמאַס, האָב קיין מוירע ניט.

טאָם האָט געפלאַמט.

— איך ווייס, אז מיר וועט ער זאָגן, — האָט זיך אַרײַנגעמישט די דאמע, — נו, ליבינקער, ענטפער־ושע! די ערשטע צוויי טאַל־מידים פון יעזוס קריסטוסן האָבן געהייסן...

— דאָוויד און גאָליאַס!

פון מיטלייד צו אינדזער העלד לאָמיר אַראָפּלאָזן דעם פאָר־האַנג איבערן סאָף פון אָט דער סצענע.

## קאַפּיטל 5.

ארום האלב צען אזייגער האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק פון קליינעם קלויסטער, און אוילעם האָט טייקעף גענומען צו־נויפנעמען זיך צו דער פּרימאָרגן־דראָשע. די שילער פון דער זונ־טיק־שול האָבן זיך אויסגעזעצט אין פארשיידענע ווינקלען פון קלויסטער, אף די זעלבע בענק, ווו עס זײַנען געזעסן זייערע עלטערן: קעדיי די עלטערן זאָלן קענען די גאנצע צײַט אכטונג געבן אף זיי. לעבן דער מומע פּאָלי האָבן זיך אוועקגעזעצט טאָם, סיד און מערי; טאָמען האָט מען אוועקגעזעצט וואָס ווײַטער פון אָפענעם פענצטער, קעדיי ס'זאָלן אים ניט צוציִען די דרויסנ־דיקע זומער־בילדלעך. דער קלויסטער האָט זיך ביסלעכווײַז אָנגעפילט. געקומען איז דער באַיאָרטער פּאָסטמייסטער דער יוירעד, געקומען איז דער מער מיט זײַן פרוי — צווישן אלע אנדערע אומ־נוצלעכע זאכן האָט דאָס שטעטל פארמאָגט אויך א מער, — און דער פרידנס־ריכטער איז געקומען, און די אלמאָנע דוגלאס, די שיינע, אויסגעפּוצטע, גוטע און מילדע פרוי (איר הויז אפן בערגל איז דאָס איינציקע הויז אין שטאָט, וואָס איז ענלעך אף א פאלאץ; דאָס איז א גאסטפרײַנטלעך הויז, ווו עס ווערן אײַנגעאָרדנט די פּרעכטיקסטע יאָנטויווים אין שטעטל פּיטערסבורג). געקומען איז דער אדוואָקאט ריווערסאָן, דער נײַער אריסטאָקראט פון דער אומגעגנט; געקומען איז די היגע בארימטע שיינהײַט מיט א גאנצער סוויטע


4—882

יונגע שיינהייטן אין באטיסטענע קליידער מיט סטענגעס; און נאָך זיי — אויך אלע יונגעלייט, וואָס דינען אין די אָדער יענע שטאָט־אַנשטאַלטן. ביזן אָנקומען פון די שיינהייטן זיינען די יונגעלייט געשטאַנען אין פּאָליש אין איין לאַנגער שורע, ווי אַ וואַנט, אויס־געפּוצטע און אָנגעשמירטע, און האָבן געשטשירעט די ציין, גע־ביסן די גאַלקעס פון זייערע שטעקנס, ביז ס'זיינען פאַרביי זיי ניט דורך אַלע היגע פריילנס; צום סאַמע לעצט איז אָנגעקומען דאָס לייטישע יינגל בילי מאַפּערסאָן, וואָס היט אָפּ גוואַלדיק גע־טריי זיין מוטער, ווי די מוטער וואָלט געווען פון קרישטאָל. ער פלעג ש'זענדיק פירן מיט זיך אין קלויסטער אַריין די מוטער, און אלע מאַמעס פלעגן אים ברענגען זייערע זין אַלס אַ ביישפּיל. די יינגלעך האָבן אים דערפאַר שרעקלעך פיינט געהאַט, דעריקער דערפאַר, וואָס מיט זיין לייטישקייט דערגייט מען זיי שטענדיק די יאָרן. פון קעשעניע האָט באַ אים קלוימערשט צופעליק אַרויסגע־שטעקט אַן עקל פון אַ נאָזטיכל: טאָמ האָט קיין נאָזטיכל אינגאַנצן ניט פאַרמאָגט, און יינגלעך, וואָס פאַרמאָגן אַזוינס, האָט ער גע־האַלטן פאַר פראַנטן.

ס'האָט זיך שוין צונויפגעזאַמלט דער גאַנצער עולם דאַווענען; דער גלאָק האָט אַ קלונג געטאָן נאָכאַמאָל, האָט געגעבן אַן אָנצו־הערעניש די פּוילאַקעס און פּוסטעפּאַסניקעס, און דערנאָך איז אין קלויסטער געוואָרן פייערלעך־שטיל. בלויז אַף דער גאַלעריי האָט זיך פון צייט צו צייט געהערט אַ געמורמל און כיכיקעניש. דער דאָזיקער געמורמל און איינגעהאַלטענער געלעכטער האָבן ניט אויפגעהערט די גאַנצע צייט פון גאָטדינסט.

דער גאַלעך האָט אָנגעהויבן מיט אַ הימן, — ער האָט אים דורכגעלייענט מיט דעם נוסח, וואָס איז באַזונדערס באַליבט אין פּיטערסבורגער סוויווע. ער האָט אָנגעהויבן אַף נידעריקע טענער, האָט פּאַמעלעכן געהעכערט דאָס קאָל, איז דערגאַנגען ביז גאַנצ

הויכע טענער, האָט געשטעלט א שטארקן טראָפּ אפּן פארלעצטן וואָרט, און האָט דערנאָך, פּלוצלינג, ווי אונטערטוקנדיק זיך, מיט־אמאָל אראָפּגעלאָזט דעם טאָן. ער האָט געשעמט, דער גאַלעך, אלס אויסגעצייכנטער פאָרלייענער. בייס די „גאָטספאָרכטיקע געפּרעכנ״ מיט די דאַוונער פלעג מען אים שטענדיק בעטן פאָר־לייענען די הייליקע געזאנגען. אז ער פלעג ענדיקן לייענען, פלעגן די פרויען אויסשטרעקן די הענט ארויף, צום הימל, הילפלאָז זיי אראָפּלאָזן אפּ די קני, פארגלאָצן די אויגן און שאָקלען מיטן קאָפּ, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מיט רייד קען מען עס ניט אויס־דריקן: ס׳איז צו גוט, צו גוט פאר אונדזער זינדיקער ערד״.

נאָך דעם, ווי מ׳האָט דורכגעזונגען דעם הימן, האָט דער פּאָ־טער מיסטער ספּרעג גענומען לייענען „מעלדונגען״ וועגן פאר־זאמלונגען פון קאָלערליי געזעלשאפטן; געלייענט האָט ער אזוי לאנג, אז עס האָט זיך געדאכט, אז צום צעטל פארזאמלונגען וועט קיין סאָף ניט נעמען. דערנאָך האָט דער גאַלעך גענומען דאַוונען. ס׳איז געווען א לאנגע, פייַנע, אויספירלעכע טפילע: פארן קלויס־טער און פארן פּאָלק, וואָס דינט דעם קלויסטער; פאר אלע אנדערע קלויסטערס אין שטעטל; פארן שטעטל אליין; פארן גראפטום, אין וועלכן דאָס שטעטל געפינט זיך; פאר דער מעלוכע; פאר די אָנגעשטעלטע פון דער מעלוכע; פאר די פאראייניקטע שטאטן; פארן קאָנגרעס; פארן פּרעזידענט, פאר דער ארמיי אין פלאָט — און אזוי ווייַטער, און אזוי ווייַטער.

אז די טפילע האָט זיך, סאָפּקאָלסאָפּ, געענדיקט, האָבן די דאַוו־נער, וועלכע זייַנען די גאנצע צייַט געשטאנען, צוריק זיך אוועק־געזעצט אפּ זייערע ערטער. טאָם סאָיער האָט ניט ליב געהאט קיין טפילעס. ער האָט זיך געצוווּנגען אויסהערן זיי, נאָר, הערנדיק, איז ער קיין רעגע ניט געזעסן רויִק אפּ זייַן אָרט. אין סאָך גענומען, האָט ער אפילו ניט געהערט — ער האָט שוין לאנג דערלערנט

די אָרדענונג, אין וועלכער דער גאַלעכ לייענט די טפילעס, און האָט דעריבער קימאַט אָן שום אָנשטרענגונג פּין זינען נאָכגע־שפּירט נאָכ זיי; אַז ס'פלעג אינמיטנ דורכשווינדלענ עפּעס נייס, פלעג טאַמ מיט זיינ שאַרפנ געהער טייקעפ עס אופכאַפּנ, און זיינ גאַנצער באַוווסטזיינ פלעג אופגעבראַכט ווערנ: קאָלערליי צוגאָבנ צו די טפילעס האָט ער געהאַלטנ פאַר אַ ניט־אָרנטלעכנ אופטו מיצאַד דעמ גאַלעכ.

אינמיטנ דעמ דאַוונענ האָט טאַמענ פאַרינטערעסירט אַ פליג, וואָס האָט זיכ אַוועקגעזעצט אפּ דעמ וואַנט פונ דער באַנק, פונ־פאָרנט פאַר אימ. די דאָזיקע פליג האָט אימ מאַמעש פאַרפּייניקט: זי האָט אַזוי רויִק געריבנ אירע פּיצעלעכ לאַפּקעלעכ איינע אינ דער אַנדערער, זי האָט אַזוי רויִק אַרומגעכאַפּט מיט די לאַפּקעלעכ דעמ קאָפּ און האָט פּאָלירט דעמ קאָפּ אַזוי פלייסיק, אַז ער האָט זיכ ווי אָפּגעטיילט פונעמ קערפּער, אַרויסגעזוזנ האָט זיכ נאָר דאָס דינע העלדזל־פּעדעמל; דערנאָכ האָט זי מיט די הינטערשטע פיס־לעכ גערייניקט, געריבנ די פליגעלעכ און זיי אויסגעגלעט, ווי די פאַלדנ פונ אַ ראָק, קעדיי זיי זאָלנ שטייפער ליגנ לעבנ קערפּער; זי איז געזעסנ רויִק פאַרטאָנ אינ איר טואַלעט, זיכער, אַז קיינשומ סאַקאָנע דראָט איר ניט. און ס'האָט איר טאַקע גאָרניט ניט גע־דראָט. כאָטש טאַמענ האָט געביסנ די האַנט אפּ אַ כאַפּ צו טאָנ די פליג, האָט ער די האָזע ניט געהאַט צו טאָנ עס, — ער איז זי־כער געווענ, אַז זיינ נעשאָמע וועט טייקעפ אומקומענ, אויב ער וועט אָפּטאָנ אַזאַ שטיקל בייסנ דאַוונענ. אָבער ווי נאָר דער גאַלעכ איז דערגאַנגענ צו דער שלוס־טפילע, האָט זיכ טאַמס האַנט פונ זיכ אַליינ אַ בייג אויס געטאָנ און זיכ אַ ציִ אויס געטאָנ פאָרויס; אַז ס'האָט אַ קלונג געטאָנ „אָמיינ", איז די פליג שוינ געפאַנגענ געווענ. די מומע אָבער האָט באַמערקט דעמ דאָזיקנ מאַ־נ'ווער און האָט געצוווּנגענ טאַמענ אַרויסלאָזנ די פליג.

דער גאַלעכ האָט דורכגעלייענט דעם טעקסט, אַפּ ווערלכן ס׳איז געבויט זײַן דראָשע, און האָט מיט אַ מאָנאָטאָן־הודענדיק קאָל אָנגעהויבן די דראָשע. זי איז אַזוי לאַנגווײַליק געווען, אַז אײַנגיכן האָט דער גרעסטער טייל עולם געדרימלט, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער גאַלעכ האָט געדראָט די זינדיקע מיט זודיקע שוועבל און סמאָלע, און די צאָל צאַדיקים, פאַר וועלכע ס׳איז צוגעגרייט אייביקער ווילטאָג, האָט ער דערפירט ביז אַזאַ באַגרענעצטער ציפער, אַז ס׳האָט זיך באַקומען: אַזאַ בינטעלע צאַדיקים לוינט גאָר, דאַכט זיך, ניט ראַטעווען. טאָמ האָט געציילט די זײַטלעך פון דער דראָשע: באַם סאָפ פון דער גאַנצער קלויסטער־דינסט פלעג ער שטענדיק וויסן פינקטלעך, וויפל זײַטלעך ס׳האָט פאַרמאָגט די דראָשע, נאָר זייער זעלטן האָט ער עפּעס געוווסט וועגן אינהאַלט אירן. פונדעסטוועגן, דאָס מאָל האָט ער אַפּ אַ שטיקל צײַט אופריכטיק זיך פאַרינטערעסירט מיט איר. דער גאָלעכ האָט אויסגעמאָלט דאָס גרויסאַרטיקע, וווּנדערלעכע בילד פון די צאַדיקימס גליקלעכן לעבן אין גאַניידן, ווו אַ לייב וועט ליגן פרײַנטלעך לעבן אַ שעפעלע און ביידע וועלן זיי זיפ אונטערגעבן אַ קליין קינד. אָבער דער גאַנצער פּאַטאָס, די גאַנצע מאָראַל פון אָט דעמ צויבערלעכן בילד זײַנען פאַר טאָמען לעבעצ געגאַן אומזיסט־און־אומנישט: ער האָט געטראַכט נאָר וועגן דער אויסגעצייכנטער ראָל פון אָט דעם קינד, אַפּ וועלכן ס׳וועלן קוקן אַלע פעלקער. טאָמס פּאָנעמ האָט באַקומען אַ פאַרטראַכטן, באַזינטן אויסזען — ער וואָלט געוואָלט זײַן אַפּן אָרט פון אָט דעם קינד, מיט איין טנײַ, פאַרשטייט זיך, אַז דער לייב זאָל זײַן אַ דרעסירטער.

אַז דער פריידיקער איז ווידער אריבער צו די טרוקענע און לאַנגווײַליקע גריבלענישן, זײַנען טאָמס ליידן באַנײַט געוואָרן. פּלוצעם האָט ער זיך דערמאַנט, ס׳אַראַ אויצער עס ליגט בײַ אימ אין קעשעניע, און ער האָט עס אײַלנדיק ארויסגענומען. געווען

איז עס א גרויסער שוואַרצער זשוק,—א „בייַסער", ווי דער דאָזי־
קער מין זשוקעס האָט געהייסן בא טאָמען. באהאַלטן איז ער
געווען, דער זשוק, אין א פּיסטאָנען־פּושקעלע. אז טאָם האָט
אופגעעפנט דאָס פּושקעלע, האָט דער זשוק צום אַלעם ערשטן אים
א ביס געטאָן אין א פינגער. פארשטייט זיך, אז טאָם האָט
אים מיט א שנעל אָפּגעשלייַדערט, און דעם צעביסענעם פינגער
אריַינגערוקט אין מויל אַרייַן. דער זשוק, וואָס איז אראָפּגעפלויגן
צו די זייַטיקע בענק, איז דאָרט אראָפּגעפאַלן, געבליבן ליגן אפ
דער פּלייצע און האָט זיך הילפלאָז געדרייט, געוואָרפן, ניט
זייַענדיק אימשטאַנד זיך איבערצוקערן. טאָם האָט געקוקט אפ
אים און האָט געגאַרט קריגן אים צוריק, נאָר דער זשוק איז
שוין געווען וויַיט פון טאָמען. ער האָט איצט געדינט אלס פאר־
וויַילונג פאר פיל אנדערע, וועלכע ס'האָט ניט פארינטערעסירט
די דראָשע, און וועלכע האָבן איצט נאָכגעשפּירט נאָך זייַנע
זשוקישע באַמיִונגען באנייַס צו שטעלן זיך אפ די לאַפּקעס.

דאָ האָט אין קלויסטער אריַין צום גאַנצן פארבלאָנקעט א גאַס־
הונט—א פּודעל, אַן אומעטיקער, א פארמאַטערטער פון דער זו־
מערדיקער היץ און שטילקייַט. ס'איז אים נימעס געוואָרן, דעם
פּודעל, צו זיצן פארשפּארטערהייט, ער האָט געגאַרט נאָך פאר־
וויַילונג און נאָך נייַע אייַנדרוקן. אז ער האָט דערזען דעם זשוק,
האָט זיך זייַן מאָרעשכוירעדיק אראָפּגעלאָזטער וויידל טייקעף אופגע־
הויבן און זיך צעפאָכעט. ער האָט לאַנג ארומגעשמעקט זייַן רויב,
איז ארומגעגאַנגען ארום איר, פונדערווייַטנס זי באַטראַכט. דער־
נאָך איז ער געוואָרן דרייסטער, צוגעגאַנגען נעענטער; דערנאָך האָט
ער צעעפנט דאָס מויל, געוואָלט א כאַפּ טאָן דעם זשוק — נאָר
ס'האָט אים ניט געלונגען; ער האָט איבערגעכאַזערט זייַן פּרווו,
נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל; זעט אויס, ס'איז אים זייער געפעלן
געוואָרן; ער האָט זיך אויסגעצויגן אפן בויך אזוי, אז דער זשוק

איז אויסגעקומענ צווישנ זײַנע לאַפּעס, אונ האָט זיכ ווײַטער אָפּגעגעבנ מיט זײַנע עקספּערימענטנ: סאָפּקאָלסאָפּ איז עס אימ נימעס געוואָרנ,—ער איז געוואָרנ גלײַכגילטיק אונ צעטראָגנ, ער האָט אָנגעהויבנ דרימלענ. ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז האָט זיכ זײַנ קאָפּ אראָפּגעלאָזט, אונ זײַנ קינ האָט אָנגערירט דעמ סוינע. יענער האָט אימ טייקעפּ א ביס געטאָנ. דער פּודעל האָט א קוויטש געגעבנ, האָט א פּאָכע געטאָנ מיטנ קאָפּ, דער זשוק איז אָפּגעפלויגנ אפּ א שפּאנ צוויי אונ איז ווידער אנידערגעפאלנ אפּ דער פּלייצע. דער אוילעמ, וואָס איז געזעסנ נאָענט אונ האָט עס געזענ, האָט זיכ געקאטשעט פונ געלעכטער אינ זיכ; אסאכ פּענעמער האָבנ זיכ באהאלטנ הינטער די ווייערס אונ הינטער די נאָזטיכלעכ — טאָמ איז מאמעש גליקלעכ געווענ. דער פּודעל האָט איצט געהאט א נארישנ אויסזענ, — ער האָט, זעט אויס, אליינ אויכ געפילט, אז מ'האָט אימ געשטעלט צומ נאר, נאָר אינ דער זעלבער צײַט האָט זײַנ הינטיש הארצ געקלעמט די באליידיקונג אונ די דאָרשט נאָכ נעקאָמע. דעריבער איז ער צוגעגאנג צומ זשוק אונ האָט פאָרזיכטיק באנײַט די אטאקע; ער איז געשפּרונגענ אפּנ זשוק פונ אלע זײַטנ, קימאט אָנרירנדיק דעמ סוינע מיט די פּעדערשטע לאפּעס. ער האָט אפּ אימ געקלאפּט מיט די ציינ, געפּאָכעט מיטנ קאָפּ, אזוי אז די אויערנ האָבנ זיכ געטרייסלט, נאָר סאָפּקאָלסאָפּ איז אימ דאָס אויכ נימעס געוואָרנ; ער האָט געפּרווט פארווײַלנ זיכ מיט א פליג, נאָר אויכ דאָס איז, זעט אויס, צו לאנגווײַליק געווענ פאר אימ; ער איז א שטיקל צײַט נאָכגעגאנ נאָכ א מור־רעשקע, צוטוליענדיק די נאָז צומ סאמע דיל, נאָר אויכ דאָס האָט אימ אינגיכנ דערעסנ; האָט ער א גענעצ געטאָנ, א זיפצ געטאָנ, אינגאנצנ פארגעסנ אינעמ זשוק אונ זיכ אוועקגעזעצט אפּ אימ. אָט דאָ איז געשענ א זאכ! דער פּודעל האָט א מוירעדיקנ ברומ געטאָנ אונ זיכ צעשלײַדערט, צעיאָגט איבערנ קלויסטער. פּונקט

לעבן אלטאר איז ער אריבערגעלאָפן אַף דער צווייטער זײַט קלויסטער, האָט פּײַל־פון־בויגן דורכגעיאָגט איבער יענער זײַט, לעבן דער טיר האָט ער צוריק זיך א וואָרף געטאָן צו דער ערשטער זײַט קלויסטער, ניט אופהערנדיק צו בילן און קוויטשען — דער זשוק, וואָס האָט זיך צו אים אין בויך אריַינגעקלישטשעט, האָט אלץ ניט געוואָלט צענעמען זײַנע קלעמערס; וואָס מער דער פודעל האָט זיך ארומגעוואָרפן, אלץ שטארקער איז געוואָרן דער ווייטעק, און ענדלעך איז דער הונט פארוואנדלט געוואָרן אין א מין פעל־באוואקסענער קאָמעטע, וואָס יאָגט זיך ארום זיך אין אומגעהייערער שנעלקײַט. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס דער דול־געוואָרענער פודעל האָט זיך א שלײַדער געטאָן אין א זײַט ארײַן און איז ארופגעשפּרונגען אַף די קני צו זײַן באלעבאָס, דער באלעבאָס האָט אים ארויסגעשלײַדערט דורכן פענצטער, און זײַן קלאָגעדיקער געביל איז פאַמעלעך פארשוווּנדן אין דער ווײַט.

אלע זײַנען געזעסן מיט פלאַם־רויטע פּענעמער, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, קאַם אײַנהאלטנדיק זיך פון צעלאכן זיך אַף א קאָל. אפילע דער פריידיקער אליין האָט זיך פארפלאָנטערט, און כאָטש ער האָט טייקעף באַנײַס אָנגעהויבן זײַן דראָשע, נאָר איצט האָט ער שוין גערעדט ניט גלאטיק, פארהיקענדיק זיך, פילנדיק, אז אלע שאנסן אַף צו מאכן דעם נייטיקן אײַנדרוק האָט ער אָנגעווירן; אפילע אַף זײַנע סאמע ערנסטע פראזן האָבן די צוהערער, אויסבאהאלטנדיק זיך הינטער די ווענטלעך פון די בענק, זיך אָפּגערופן בלויז מיט אופרײַסן פון אויסגעלאסענעם געלעכטער, ווי ער, דער פריידיקער, וואָלט געזאָגט עפּעס אומגעהייער קאָמישעס. אלע האָבן פרײַ אָפּגעאָטעמט, ווען די דאָזיקע פּײַן האָט זיך געענדיקט און דער גאלעך האָט געבענטשט דעם עולם.

טאָם סאָיער האָט געשפּאַנט אהיים א פריילעכער. ער איז געקומען צום געדאַנק, אז אויך די קלויסטער־דינסט קאָן אמאָל זײַן ניט זייער לאַנגווײַליק, אויב מ׳זאָל נאָר אַרײַנטראָגן אין איר א שטיקל פאַרשיידנאַרטיקײַט. איינס בלויז האָט פאַרטונקלט טאָמס פרייד; ער האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם, וואָס דער פודעל האָט זיך א שפּיל געטאָן מיט זײַן זשוק — אָבער צוליב וואָס האָט ער אים, דער פודעל, פאַרשלעפּט מיט זיך? דאָס איז דאָך ניט אָרנטלעך!

## קאַפּיטל 6.

מאָנטיק אינדערפרי האָט זיך טאָם סאָיער אויפגעכאַפּט אין הוילע צאָרעס. דאָס פלעג מיט אים טרעפן אַלע מאָנטיק: מיט אָט דעם טאָג הייבט זיך אָן די וואָך פון נײַע פּײַנען, די וואָך פון געבראָטנ ווערן אף א פּאַמעלעכן פײַער אין דער שול. באַם אויפכאַפּן זיך פלעג אים, געוויינלעך, טייקעף אָנהייבן באַנק טאָן, וואָס נעכטן איז געווען יאָנטעוו: נאָך דער פרײַהײַט איז דאָס אומקערן זיך צו דער קנעכטשאַפט נאָך שווערער געווען.

טאָם איז געלעגן און האָט געטראַכט. פלוצעם האָט ער דער־פילט, אז ער האָט גרויס כיישעק שלאַף צו ווערן, קעדיי בלײַבן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אַרײַן. טאַקע אפדערעמעסן, קאָן מען ניט שלאָף ווערן אף עפּעס? ער האָט זיך אַרומגעטאַפּט, — ס׳האָט אינערגעץ גאָרניט ניט וויי געטאָן. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַרומגעטאַפּט.

דאָס מאָל האָט זיך אים א דאַכט געטאָן, אז ס׳הייבט זיך בא אים אָן א שנײַדעניש אין בויך, און ער האָט זיך דערפרייט, האָפנדיק, אז דער ווייטעק וועט זיך פאַרשטאַרקן. נאָר דער ווייטעק איז, אדעראַבע, אינגיכן שוואַכער געוואָרן און איז צו־ביסלעך־צוביסלעך פאַרשוווּנדן געוואָרן. טאָם האָט ווידער גענו־

מען טראכטן, און איז מיטאמאָל געפאַלן אַף אַ געדאַנק: ציינ־וויטעק; ער האָט זיך שוין געקליבן „צעוויינען זיך, ווי אַ הונט" (לויט זיין אייגענעם אויסדרוק), נאָר פּלוצעם איז אים איינגעפאַלן, אַז אויב ער וועט ארויסשטעלן אַזאַ טערעץ, ווי ציינ־וויטעק, וועט די מומע פאַשעט און פראָסט ארויסרייסן אים דעם צאָן — דאָס טוט דאָך זייער וויי. דעריבער האָט ער באַשלאָסן, אַז דעם צאָן איז בעסער צו לאָזן אַף באַוואָרעניש אַף יעדן פאַל, און בעסער זוכן עפּעס אַנדערש. אַ לאַנגע צייט האָט ער גאָרניט ניט געקענט געפינען; דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער דאָק־טער האָט דערציילט וועגן עפּעס אַ שלאַפקייט, וואָס האָט אוועק־געלייגט איינעם אַ פּאַציענט צו בעט אַף דריי וואָכן און האָט אים געדראָט מיט אָנוווערן אַ פינגער. טאָמע האָט גיך ארויסגע־שלעפּט פון הינטער דער קאָלדרע דעם גרויסן פינגער און גענו־מען אים באַטראַכטן, נאָר ער האָט ניט געוווּסט, וועלכע סימפּ־טאָמען טרעפן בײַ אָט דער שלאַפקייט. פונדעסטוועגן, פּרוּוון האָט דאָך געלוינט, האָט ער גענומען קרעכצן.

נאָר ס׳יד האָט זיך ניט אופגעכאַפּט.

טאָמע האָט זיך צעקרעכצט נאָך העכער, און ס׳האָט זיך אים שוין געדאַכט, אַז דער פינגער טוט אים אינדערעמעסן וויי.

סיד האָט זיך ניט אָנגערופן.

טאָמע האָט שווער געאָטעמט פון אָנשטרענגונג. ער האָט אָפּ־גערוט אַביסל, האָט אָנגענומען לופט אין די לונגען אַריין און האָט ארויסגעלאָזט אַ ריי גרויסאַרטיקסטע קרעכצן.

סיד האָט געכראָפּעט.

דאָס האָט טאָמען אופגערעגט. ער האָט אַ רוף געטאָן: „סיד! סיד!" און האָט אים אַ טרייסל געטאָן בײַם אַקסל. דאָס האָט געווירקט, און טאָמע האָט זיך ווידער צעקרעכצט. סיד האָט אַ געניץ געטאָן, זיך אויסגעצויגן, אופגעהויבן זיך אַף אַן עלנבויגן,

צעסאָפּעט זיך און אויסגעסטאָרטשעט אפ טאָמען א פּאָר אויגן.
טאָם האָט ווידער געקרעכצט. סיד האָט אים א רוף געטאָן.

— טאָם, הער נאָר, טאָם!

קיין ענטפער האָט סיד ניט באַקומען.

— דו הערסט, טאָם? טאָם, וואָס איז מיט דיר?

און סיד האָט אים א טרייסל געטאָן, אײַנקוקנדיק זיך אין זײַן פּאָנעם. טאָם האָט ביטער ארויסגעקרעכצט:

— לאָז צורו, סיד! טשעפּע מיך ניט!

— אָבער וואָס איז מיט דיר, טאָם? איך וועל גיין רופן די מומע.

— ניין, מע דארף ניט, עפּשער וועט עס איבערגיין. רוף ניט קיינעם. מע דארף ניט.

— ני, וואָס רעדסטו, פארשטייט זיך, אז כ'וועל זי א רוף טאָן. אָבער קרעכצ ניט אזוי! ס'איז שרעקלעך! שוין לאנג, אז דו פילסט זיך אזוי?

— עטלעכע שאָ. אוי! כ'בעט דיך, ריר מיך ניט אָן, סיד! דו דערגייסט מיר די יאָרן!

— פארוואָס האָסטו מיך פריִער ניט אופגעוועקט? טאָם, טײַערינקער, קרעכצ ניט אזוי: סע שרעקט מיך, וואָס טוט דיר וויי?

— איך בין דיר אלצדינג מוחל, סיד! (א קרעכצ)... אלצ, וואָס דו האָסט קעגן מיר געזינדיקט... אז איך וועל אויסגיין...

— אָ, טאָם, דו שטארבסט? טאָם, ליבינקער, שטארב ניט! מע דארף ניט, עפּשער...

— איך בין מוחל אלעמען, סיד! (א קרעכצ)... זאָג זיי עס. און מײַן רעמל פונעם פענצטערל, און דאָס קעצל, וואָס מיט איין אויג, גיב אוועק יענעם מיידעלע, וואָס איז ערשט ניט לאנג גע־קומען צו פאָרן אין שטאָט, און זאָג איר...

נאָר סיד האָט א כאפּ געטאָן זײַן אָנטאָן און איז אוועק. אצינד האָט טאָמ אינדערעמעסן געליטן, — אזוי שטארק האָט געארבעט זײַן פאנטאזיע, — די קרעכצן זײַנע האָבן געקלונגען אינגאנצן נאטירלעך.

סיד האָט געיאָגט אראָפּ איבער די טרעפּ און האָט געשריגן:

— מומע פּאָלי, גייט גיכער, טאָמ שטארבט!

— שטארבט?

— נו יאָ! אפּ וואָס־זשע ווארט איר? גייט גיכער.

— נארישקייטן, כ׳גלייב ניט!

נאָר פונדעסטוועגן איז זי שוין געלאָפן ארויף, און סיד און מערי נאָך איר. דאָס פּאָנעם איז בא איר געווען ווײַס ווי קרייד, און די ליפּן האָבן געציטערט. צוגעלאָפן צו טאָמס בעטל, האָט זי קאם געקאָנט ארויסריידן:

— טאָמ, טײַבעלע, וואָס איז מיט דיר?

— אָך, מומע, איך...

— וואָס איז מיט דיר, וואָס איז מיט דיר, קינד?

— אך, מומעניו, סע ברענט מיר א פלאם־פײַער אין פינגער...

די אלטיטשקע איז אראָפּגעפאלן אפן בענקל און האָט זיך צעלאכט. דערנאָך האָט זי זיך צעוויינט, דערנאָך האָט זי זיך צעלאכט און ווידער צעוויינט זיך, דאָס האָט איר לײַכטער געמאכט אפן הארצן און זי האָט אים א זאָג געטאָן:

— נו, האָסטו מיך אָנגעשראָקן! אצינד גענוג: ווארפ אוועק אָט די נארישקײַטן און שטיי טייקעף אוף!

די קרעכצן האָבן מיטאמאָל אופגעהערט, און דער פינגער האָט טייקעף אופגעהערט וויי צו טאָן.

אביסל פארשעמט, האָט טאָמ דערקלערט:

— מומע פּאָלי, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער פינגער איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן, און ער האָט אַזוי וויי געטאָן, אַז כ'האָב אפילו פאַרגעסן אין מײַן צאָן.

— הער נאָר, און וואָס איז באַ דיר מיטן צאָן?

— אײַן צאָן שאָקלט זיך און טוט מוירעדיק וויי, מאַמעש ניט אויסצוהאַלטן.

— נו, גענוג, גענוג, דו קאָנסט נאָך באַלד ווידעראַמאָל אָנהייבן קרעכצן. עפן אויף דאָס מויל! יאָ, דער צאָן שאָקלט זיך טאַקע, אָבער דערפון שטאַרבט מען ניט. מערי, ברענג מיר אַהער דעם שנור זײַד און אַ האַלאַוועשקע פון דער קיך.

— מומעניו, מע דאַרף ניט, — עס טוט שוין מער ניט וויי. איך וועל ניט קרעכצן, אויב ער וועט אפילו ווידער אָנהייבן וויי טאָן. כ'בעט אײַך, מע דאַרף ניט, מ׳מע, מיינט ניט, אַז איך וויל זיצן אינדערהיים און ניט גיין אין שול אַרײַן.

— האַ, האָסטו עס די גאַנצע מײַסע פאַרקאָכט, קעדיי ניט גיין אין שול אַרײַן, און אָנשטאָט דעם גיין כאַפּן פיש? אַך, טאָם, טאָם! איך האָב דיך אַזוי ליב, און דו טוסט מיר אָפּ, ווי אומיסטן, אַזעלכע מיִעסקײַטן, שאַנעוועסט ניט מײַן אַלט האַרץ!

דערווײַל האָט מען געבראַכט דאָס קלאַפּער־געצײַג אָפּ צו רײַסן דעם צאָן. די מומע פּאָלי האָט געמאַכט אַ שלייף אָפּן עק פון שנור זײַד, האָט אים אָנגעטאָן אויפן קראַנקן צאָן און האָט אים פעסט פאַרצויגן, דעם צווייטן עק פון שנור זײַד האָט זי צוגעפעסטיקט צו אַ פיסל פון בעט; דערנאָך האָט זי אַ כאַפּ געטאָן די פלאַקערנדיקע האַלאַוועשקע און זי צוגערוקט צו טאָמס פּאָנעם. אַ רעגע — און דער צאָן איז שוין געהאַנגען אויף אַ פּעדעמל לעבן בעט.

אָבער פאַר אַלע גאָרעס באַקומט מען — אַזוי אָדער אַנדערש — לוין. אַז טאָם האָט איבערגעביסן און איז אַוועק, און אַז ער איז

געקומענע אין שול אַרײַן, האָבן אַלע כאַווײרים אים מעקאַנע געווען: די פרײַע לאָכ, וואָס האָט זיך באַוויזן אין דער אייבערשטער זײַט פון זײַנע ציין, האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו שפּײַען אַפּ גאָר אַ נײַעם, אומגעוויינלעכן אויפן. ס׳איז נאָך אים נאָכגעגאַנ־גען אַ גאַנצע כאַפּטע כעוורעלײַט, וועלכע אָט די זאַך האָט פאַרינטערעסירט; דאָס ייִנגל, וואָס האָט זיך צעשניט. אַ פינגער און איז ביז דעם טאָג געווען דער צענטער פון אַלעמענס אויפ־מערקזאַמקייט און אָפּשײַ, האָט מיטאַמאָל אָנגעווירן אַלע זײַנע אָנהענגער, און זײַן רום האָט זיך אינגאַנצן פאַרטונקלט. דאָס ייִנגל האָט גרויסע יעסורים געהאַט דערפון, און ער האָט געמאָלדן מיט קלאָמפּערשטער פאַראַכטונג, אַז ס׳איז קיינשום קונצ ניט צו שפּײַען אַזוי, ווי טאָם סאָיער; אָבער אַ צווייט ייִנגל האָט אים דערויף געענטפערט: „ביסט אויך מיר אַ קנאַקער?״—און ער איז אַוועקגעגאַנגען, ווי אַן אַנטקרוינטער העלד.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך טאָם באַגעגנט מיטן היגן יו.גנ „אויסוווּרף״, העקלבערי פין, דעם זון פון אַ שיקער, וואָס איז באַוווּסט אין שטאָט.

אַלע מאַמעס אין שטעטל זײַנען דאַם־סאָנים געווען העקל־בערן און אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי מוירע געהאַט פאַר אים, ווײַל געווען איז ער אַ פוסטעפּאַסניק, אַן אומווירדיק, ניט דערצויגן ייִנגל, וואָס האָט ניט אַנערקענט קיינשום געזעצן,— אויך ווײַל זייערע קינדער האָבן פון אים געהאַלטן אַ וועלט, ווײַל זייערע קינדער פלעגן מיט גרויס פאַרגעניגן פאַרברענגען מיט אים, כאָטש ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן געווען. די קינדער פלעגן ביז גאָר באַנק טאָן, וואָס זיי קאָגען ניט געראָטן זײַן אין אים. טאָם האָט, ווי אַנדערע קינדער פון די לײַטישע הײַזער, מעקאַנע געווען העקלבערן פאַר זײַן אָפּגעשטויסנקייט, וואָס אַדאַנק איר האָט ער געקענט אַ גאַנצן טאָג גאָרניט ניט טאָן. אויך

טאַמענ איז שטרענג פארווערט געווענ צו שפּילנ זיך מיט אָט דעמ אַפּגעריסענעמ־אָפּגעשליסענעמ גאסנ־ייִנגל. פארשטייט זיך, אז טאקע דעריבער פלעג טאָמ ניט דורכלאָזנ קיינ איינ פאל אפּ צו שפּילנ זיך מיט אימ. העקלבערי פלעג זײַנ אָנגעטאָנ אינ אָפּגע־טראָגנ אָנטאָנ, וואָס דערוואקסענע האָבנ עס ארויסגעוואָרפנ; דאָס אָנטאָנ האָט אינ אלע צײַטנ פונ יאָר געבליט מיט פאַ־שיידנארטיקע פלעקנ, הענגענ פלעג עס בא אימ, ווי א שמאטע. זײַנ הוט האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך מאמעש א כורווע; פונ די זוימענ איז אראָפּגעהאנגענ א גרויסע שטיק, ווי א האלבע לע־וואָנע; אויב ער פלעג טראָגנ א רעקל, פלעג עס דערגרייכנ ביז די פיאטעס, אונ די הינטערשטע קנעפּ פלעגנ זיך געפינענ אפּ א היפּש שטיק נידעריקער פונ דער פּלייצע; האלטנ פלעגנ זיך די הויזנ אפּ איינ שלייקע. פונהינטנ האָבנ זיי זיך געבאָמבלט, ווי א ליידיקער זאק, אונ אונטנ זײַנענ זיי פארפּוצט געווענ מיט טראלדנ, וואָס פלעגנ זיך שלעפּנ איבער דער בלאָטע, אויב מע האָט זיי ניט פארקאטשעט. העקלבערי איז געווענ א פראנק־אונ־פרײַער פויגל, ער האָט ארומגעבלאָנקעט, ווו ער האָט נאָר געוואָלט. בײַס א גוטנ וועטער פלעג ער נעכטיקנ ערגעצ אפּ א גאנעק, אינ א שלעכטנ, פּײַכטנ—אינ ליידיקע פּעסער; מע פלעג אימ ניט צווינ־גענ גיינ אינ שול אונ אינ קלויסטער ארײַנ, ער האָט ניט געהאט וועמענ צו פאָלגנ, ער האָט אפּ זיך קיינ באלעבאָס ניט געהאט; ער האָט געקאָנט כאפּנ פיש אָדער באָדנ זיך, ווענ אונ ווו ס'האָט זיך אימ געגלוסט, ער האָט געקאָנט בלײַבנ אינ וואסער, וויפל ס'האָט זיך אימ געגלוסט; שלאָפנ פלעג ער זיך לייגנ, ווענ ער האָט נאָר געוואָלט, אפילע אינמיטנ באנאכט; אומ פרילינג פלעג ער דער ערשטער צווישנ אלע ייִנגלעך אָנהייבנ גיינ באָרוועס, אונ אז ס'געקומענ הארבסט, פלעג ער דער לעצטער זיך אָנטאָנ אינ לעדערנע שטיוול; ער האָט ניט געדארפט ניט וואשנ זיך,

ניט אָנטאָן קיין ריינע קליידער, און זידלען פלעג ער זיך אויס־געצייכנט, ווונדערלעך. מיט איין וואָרט, דאָס דאָזיקע יינגל האָט פארמאָגט אלץ, וואָס גיט צו א ווערט דעם לעבן. אזוי האָבן געהאלטן אלע יינגלעך, וואָס זיינען געפענטעט געווען אין די פיינע הייזער פון פיטערסבורג.

טאָם האָט א רוף געגעבן פינען:

— היי, העקלבערי, קום נאָר אהער! — וואָס איז עס בא דיר?

— א געפייגערטע קאץ.

— לאָז נאָר א קוק טאָן! זע נאָר, אינגאנצן פארסטארטשעט געוואָרן. ווו האָסטו זי געקראָגן?

— געקויפט בא א יינגל.

— וואָס האָסטו געגעבן דערפאר?

— א בלוי בילעטל און א פוכירל, וואָס כ'האָב געקראָגן אין שעכט־הויז.

— און ווו האָסטו גענומען א בלויען בילעט?

— געקויפט בא בען ראָדזשערס מיט צוויי וואָכן צוריק פאר א בייטשל.

— הער נאָר, העק, אפ וואָס טויג עס א טויטע קאץ?

— אפ וואָס זי טויג? אפ בראָדיווקעס פארטרייבן.

— נו? וואָס זאָגסטו? איך ווייס א בעסער מיטל.

— קום אין געוועט, אז ניין. וואָס פאר א בעסער מיטל?

— פוילע וואסער.

— פוילע וואסער! זי איז גאָרניט ניט דערווערט, דיין פוילע וואסער.

— „ניט דערווערט"! האָסט אמאָל געפרווט פארטרייבן מיט איר בראָדיווקעס?

— ניין, ניט געפרווט. נאָר באָב טענער האָט געפרווט.

— פונוואנענ ווייסטו עס?

— ער האָט געזאָגט דזשעפ טעטשערנ, דזשעפ—דזשאָני בע־קערנ, דזשאָני— דזשים כאלסטנ, דזשים—בענ ראָדזשערסנ, בענ — איינעם א נעגער, אונ דער נעגער האָט מיר דערציילט. אָט ווייס איכ עס.

— נו, איז וואָס־זשע געדרונגענ דערפונ? אלע זאָגנ זיי א ליגנ. יעדנפאלס אלע, כוצנ נעגער, אים קאָנ איכ ניט, נאָר כ׳האָב נאָכ ניט געזענ קיינ נעגער, וואָס זאָל קיינ ליגנס ניט האקנ. נאריש־קייטנ!.. אצינד זאָג מיר, העק, ווי האָט עס באָב טענער געטאָנ?

— אָט ווי, ער האָט גענומענ אונ האָט איינגענעצט די האנט אינ רעגנ־וואסער, וואָס האָט זיכ אָנגעקליבנ אינ לאָכ פונ א קלאָץ.

— אינמיטנ העלנ טאָג?

— פארשטייט זיכ.

— שטייענדיק מיטנ פּאָנעם צו דער קלאָץ?

— יאָ, יעדנפאלס, אזוי געדענק איכ.

— האָט ער עפּעס געזאָגט דערביי?

— דאָס ווייס איכ ניט.

— א פיינע מייסע. ווילנ פארטרייבנ בראָדיוועקעס מיט פוילער וואסער, אז מע קאָנ ניט נעמענ זיכ פאר דער ארבעט, ווי ס׳דארפ צו זיינ! פונ אזעלכע נארישקייטנ קאָנ, פארשטייט זיכ, גאָרניט ארויסקומענ. מע דארפ אוועקגיינ איינער אליינ אינ וואלד, גע־פינענ אנ ערטל, ווו ס׳איז דאָ אזא קלאָץ מיט רעגנ־וואסער, אונ פונקט צוועלפ אזייגער באנאכט, אוועקשטעלנדיק זיכ מיט דער פלייצע צו דער קלאָץ, דארפ מענ אראָפּלאָזנ די האנט אינ דער וואסער אונ זאָגנ דערביי:

„גערשטנ־קערנ, גערשטנ־קערנ, אפּ מעל זיכ צעשיט.
פוילע וואסער, פוילע וואסער, מיינע בראָדיוועקעס נעמ מיט!“

און דערנאַך דאַרף מען גיך־גיך אָפּטרעטן אַף עלף שפּאַן מיט פאַרמאַכטע אויגן און דערנאָך דאַרף מען דרייַ מאָל זיך א דריי טאָן אַרום זיך און אַזוי וועג צוריק מיט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסרעדן. אויב דו וועסט אַרויסרעדן אַפילע איין וואָרט, איז דער גאַנצער קישוף פאַרפאַלן.

— יאָ, ס'איז גערעכטן אין אַן עמעס; אָבער באָב טענער האָט ניט אַזוי געטאָן.

— פאַרשטייט זיך, געוויס ניט אַזוי! צווישן די ייִנגלעך איז שטאָט האָט ער מער בראָדיווקעס פון אַלעמען; ווען ער זאָל וויסן, וויאַזוי צו פאַרטרייַבן בראָדיווקעס מיט פוילער וואַסער, וואָלט ער שוין קיין איין בראָדיווקע נישט געהאַט. איך אַליין האָב זיי אין די טויזנטער פאַרטריבן אַף אַזאַ אויפן. העק, ני, און ווי פאַרטרייַבט מען זיי מיט געפייגערטע קעץ?

— אָט וויאַזוי. נעם א קאַץ און לאָז זיך מיט איר אַוועק אַפן צווינטער, פאַר האַלבנאַכט, אַף אַזאַ אָרט, וווּ ס'איז באַגראָבן א שלעכטער מענטש, און אָט אין האַלבנאַכט וועט זיך באַוויַיזן א שעד און עפּשער צוויי־דרייַ שיידים; נאָר דו וועסט זיי ניט זען, דו וועסט נאָר דערהערן, ווי דער ווינט וועט זיך צערוישן, און עפּשער וועסטו דערהערן, ווי זיי וועלן ריידן צווישן זיך; און אַז זיי וועלן נעמען שלעפּן דעם מעס, גיב נאָך זיי א וואָרף די קאַץ און זאָג: „דער שעד נאָכן מעס, די קאַץ נאָכן שעד, די בראָדיווקעס נאָך דער קאַץ, — א סאָף זאָל דאָ צו אייַך נעמען, און איך באַדאַרף אייַך מער ניט האָבן!" דערפון וועט וועלכע ס'זאָל ניט זייַן בראָדיווקע פאַרשווונדן ווערן.

— ס'איז גערעכטן אין אַן עמעס. דו האָסט אַמאָל געפּרוווט, העק?

— ניין, מיר האָט די אַלטע מומע האָפּקינס דערציילט.

— נו, איז עס אַף געוויס; מע זאָגט, אַז זי איז א קישעף־מאַכערן.

— מע זאָגט! איך ווייס אפּ געוויס, אז זי איז א קישעפמאַ־כערן. זי האָט דעם טאטנ פארדאָרבנ. דער טאטע זאָגט עס אליינ. איינמאָל גייט ער אונ זעט, אז זי „לאָזט אָנ" אפּ אימ; האָט ער גענומענ א שטיינ אונ האָט א שלײַדער געטאָנ אינ איר — זי האָט זיך קאם אויסגעדרייט. איז וואָס מיינסטו: טאקע אינ דער זעל־בער נאכט האָט ער זיך אראָפּגעקײַקלט פונעמ דעכל, אפּ וועלכנ ער איז שיקערערהייט געשלאָפנ, אונ האָט זיך צעבראָכנ א האנט.

— אָט אַ שוידער! אָבער ווי האָט ער עס דערקענט, אז זי „לאָזט אָנ" אפּ אימ?

— ווייס איך, וואָס פרעגסטו? דער טאטע האָט געזאָגט, אז דערקאָנענ איז פונ די גרינגסטע זאכנ. דער טאטע זאָגט: אויב א מענטש קוקט אפּ דיר שארפּ אונ ער מורמלט נאָך עפּעס צו דערבײַ—איז קיינשום סאָפּעק ניט, אז ער „לאָזט אָנ" אפּ דיר.

— הער נאָר, העק, ווענ וועסטו פּרווונ—מיט דער קאצ?

— הײַנט באנאכט. איך האלט, אז די שיידימ וועלנ הײַנט געוויס קומענ נאָכנ אלטנ ווילִיאמס.

— אָבער מע האָט אימ דאָך נאָך שאבעס באגראָבנ, העק זיי האָבנ אימ געוויס אוועקגעשלעפּט שאבעס באנאכט.

— נו, וואָס רעדסטו! ווי האָבנ זיי געקענט אוועקשלעפּנ ביז האלבנאכט? אונ אינ האלבנאכט איז דאָך געוואָרנ זונטיק. איך האָב עפּעס ניט געהערט, אז שיידימ זאָלנ מעגנ פראנק אונ פרײַ ארומדרייענ זיך אפּ דר'ערד אומ זונטיק.

— דאָס איז עמעס. איך האָב וועגנ דעמ קיינ טראכט ניט געטאָנ. וועסט מיך נעמענ מיט זיך?

— פארשטייט זיך, אויב דו האָסט קיינ מוירע ניט.

— מוירע! אָט נארישקײַטנ! וועסט א מיאוקע טאָנ הינטערנ פענצטער?

— יאָ, אונ אויב דו וועסט קענענ ארויסגיינ, זאָלסטו ענט־

פערנ מיט א מיאוקע. פאָריקנ מאָל האָסטו מיכ דאָכ אזויפיל צײַט אָפּגעהאלטנ אומזיסט־אומנישט. כ'האָב אזוי לאנג געמיאוקעט, געמיאוקעט, ביז דער אלטער הייס האָט גענומענ שלײַדערנ שטיינער אפּ מיר, רײַרנדיק: „ווייסט זי דער רועכ, אָט די קאַצ!" דערפאר האָב איכ אימ אויסגעקלאַפּט א פענצטער מיט א ציגל — דו זאָג נאָר קיינעמ ניט אויס.

— אָפּגעמאכט! אינ יענער נאכט האָב איכ ניט געקענט מיאוקענ: די מומע פאָלי האָט די גאנצע צײַט נאָכגעשפּירט נאָכ מיר; אָבער הײַנט וועל איכ אומבאדינגט א מיאוקע טאָנ. הער נאָר, העק, וואָס איז עס בא דיר?

— גאָר א געוויינלעכע זאכ, א קלישטש.

— ווו האָסטו אימ גענומענ?

— אינ וואלד.

— וואָס ווילסטו פאר אימ?

— איכ ווייס ניט, כ'האָב אימ קיינ כיישעק ניט צו פארקויפנ.

— ווי דיר געפעלט. דער קלישטש איז דאָכ א קליינינקער, א ברעקעלע.

— נו, פארשטייט זיכ, פרעמדס פרווט מענ זיכ שטענדיק מאכנ צונישט. מיר איז אויכ אָט דער קלישטש געפעלנ. פאר מיר איז אויכ דאָס גענוג.

— קלישטשנ איז דאָ אינ וואלד אָנ א שיר. איכ וואָלט געקאָנט צונויפקלײַבנ א טויזנט קלישטשנ, ווענ כ'זאָל נאָר וועלנ.

— איז פארוואָס טאקע ניט? פארוואָס־זשע גייסטו ניט אינ וואלד ארײַנ? אהא, דו ווייסט אליינ, אז ס'וואָלט זיכ דיר ניט אײַנגעגעבנ. און איכ וועל דיר זאָגנ, אז דער דאָזיקער קלישטש איז זייער א פריִער: ס'איז דער ערשטער, וועלכנ כ'האָב געפונענ הײַנטיקס יאָר.

— הער, העק, איכ וועל דיר געבנ פאר אימ מײַנ צאָנ.

— גיב א קוק טאָג!

טאָמ האָט ארויסגענומענ א פּאַפּירל אונ עס פאָרזיכטיק צעוויקלט. העקלבערי האָט אופמערקזאמ באטראכט דעמ צאָנ. דער יעיצערהאָרע איז שטארק געווענ. ענדלעכ, האָט ער א פרעג געטאָג:

— ס׳איז אנ עמעסער?

טאָמ האָט ארופגעצויגנ די אייבערשטע ליפּ אונ האָט געוויזנ די פרײַע לאָכ, וואָס איז געבליבנ נאָכנ ארויסגענומענעמ צאָנ.

— נו, אָפּגעמאכט!

טאָמ האָט ארײַנגעלייגט דעמ קלישטש איגעמ פּושקעלע פונ פּיסטאָנעס, וואָס האָט ערשט ניט לאנג געדינט אלס טורמע פארנ זשוק, אונ די ייִנגלעכ האָבנ זיכ צעשיידט. יעדער איינער האָט זיכ איצט געפילט רײַכער, ווי פריִער.

צוגעקומענ צומ קליינעמ, אינ א זײַט שטייענדיקנ שטיבל, אינ וועלכנ ס׳געפינט זיכ די שול, איז טאָמ שנעל ארײַנגעגאנ מיטנ אויסזענ פונ א מענטשנ, וואָס אײַלט זיכ אָרנטלעכ צו א לעקציע. ער האָט אופגעהאנגענ דאָס היטל אפנ צוויאָק אונ האָט מיט פארטאָגנענער אײַלעניש אוועקגעזעצט זיכ אפ דער באנק. דער לערער, וואָס איז געזעסנ אפ א הויכנ צעטראסקעטנ שטול, האָט פרידלעכ געדרימלט אונטער דעמ פארשלעפנדיקנ הודעניש פונ די שילער, וואָס כאזערנ די לימודים. דער איבערײַס אינ דעמ הודעניש האָט אימ אופגעוועקט.

— טאָמאס סאָיער!

טאָמ האָט געוווּסט, אז ווענ דער לערער רופט אימ אָנ מיטנ פולנ נאָמענ, איז מיט קיינ גוטס שמעקט עס ניט.

— סער?

— קומ צו אהער. נו, סער, פארוואָס האָט איר באוויליקט הײַנט ווידעראמאָל צו פארשפּעטיקנ?

טאָמ וואָלט לײַכט געקאָנט אויסדרייען זיך, זאָגנ עפּעס א ליגנ, מ׳האָט אימ אָבער געפּאקט פּלוצעמ, מיטאמאָל, אונ ניט באטראכטערהייט האָט ער געענטפערט:

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט שמועסנ אביסל מיט העקל־בערי פינ.

דעמ לערער האָט פארכאפּט אָטעמ. ער האָט אינ פאר־לוירנקײַט זיך ארומגעקוקט, דאָס הודעניש האָט אופגעהערט. די שילער האָבנ געטראכט: צי איז ניט אראָפּ פונ זינענ אָט דאָס דרייסטע ייִנגל? דער לערער האָט אָנגעהויבנ:

— וואָס... וואָס האָסטו געטאָנ?

— איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אביסל שמועסנ מיט העקל־בערי פינ.

צווייפלענ אינ דער באדײַטונג פונ אָטאָ די ווערטער איז אומעגלעך געווענ.

— טאָמאס סאָיער, ס׳איז דאָס וואונדערלעכסטע, וואָס כ׳האָב געהערט פאר מײַנ גאנצ לעבנ. פאר אזא כוצפּע איז ווייניק צו באשטראָפנ מיט דער ווירע. נעמ אראָפּ דאָס רעקל!

דעמ לערערס האנט האָט זיך געמיט, ביזוואנענ זי איז מיד געוואָרנ אונ ביזוואנענ דער קאנטשיק איז היפּש שיטער געוואָרנ. דערנאָך האָט ער באפוילנ:

— אצינד גיי, זעצ זיך אוועק מיט די מ יי ד ע ל ע כ! אונ זאָל עס דיך אָנלערנענ.

דאָס כיכיקעניש, וואָס האָט זיך ארומגעטראָגנ איבערנ קלאס, האָט פארשעמט טאָמענ, אונ ער האָט זיך טייקעפּ אוועקגע־זעצט לעבנ אנ אומבאקאנט מיידעלע, באמ עק פונ א סאָסנאָווער באנק; דאָס מיידעלע האָט א טרייסל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ האָט זיך אָפּגערוקט פונ אימ. טאָמ איז געזעסנ רויִק, אָנשפּארנדיק זיך מיטנ עלנבויגנ אינ דער לאנגער, נידעריקער פּארטע. ער האָט, זעט

אויס, פלײַסיק געלייענט. ביסלעכווײַז האָט ער אופגעהערט צוצוציִען אלעמענס אופמערקזאמקײַט, און דער קלאס האָט זיך ווידער אָנגעפילט מיטן געוויינלעכן שול־הודעניש. דעמלט האָט טאַטע גענומען געגאנווועט קוקן אפ זײַן שכיינע. יענע האָט עס באַמערקט, האָט געמאכט א גרימאסע און האָט זיך אפ א רעגע אויסגעדרייט צו אים מיטן נאקן. אז זי האָט פאַרזיכטיק ווידעראמאָל זיך אויסגעקערעוועט צו אים מיטן פּאָנעם, איז פאר איר געלעגן א פערעשקע. דאָס מיידעלע האָט זי אָפּגעשטופּט; טאַטע האָט זי ווידער שטילערהייט צוגערוקט; זי האָט ווידער אָפּגערוקט, נאָר שוין מיט וויניקער סינע. טאַטע האָט געדולדיק אוועקגעלייגט די פערעשקע צוריק אפ איר אָרט, און דאָס מיידעלע האָט זי דאָרט געלאָזט ליגן. טאַטע האָט אָנגעקריצט אפן גריפעלנעם טאָוול:

„—זײַט אזוי גוט, נעמט — בא מיר איז נאָך פערעשקעס דאָ”.

דאָס מיידעלע האָט א קוק געטאָן אפן טאָוול, נאָר האָט גאָרניט ניט געענטפערט. טאַטע האָט ווידער גענומען עפּעס קריצן אפן טאָוול, פארשטעלנדיק זיך פון איר מיט דער לינקער האנט. דאָס מיידעלע האָט זיך געמאכט, אז זי זעט קלאָמפּערשט ניט, נאָר אינגיכן האָט, זעט אויס, דער נאטירלעכער מענטשלעכער נײַגיר גענומען אופוואכן אין איר. טאַטע האָט ווײַטער געקריצט, ווי ער וואָלט עס ניט באמערקט. דאָס מיידעלע האָט זיך געפּרווט א קוק געבן, וואָס ער שרײַבט, אָבער אזוי א קוק געבן, עס זאָל זיך ניט ווארפן אין די אויגן. טאַטע האָט ווידער געמאכט אן אָנשטעל, אז ער באמערקט ניט גאָרניט. ענדלעך, האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האָט ניט א-טשלאָסן א מורמל געטאָן:

— לאָזט א קוק טאָן!

טאַטע האָט אנטפלעקט א טייל קאריקאטורישן געמעל פון א הויז מיט א מעשופּעדיקן דאך און מיט רויך אין געשטאלט פון א גרײַצער, וואָס שטײַגט פונעם קוימען. דאָס מיידעלע האָט זיך

ביסלעכוויַיז פארינטערעסירט מיט זײַנ ארבעט אונ האָט פארגעסנ אינ אלצ אפ דער וועלט. אז טאָמ האָט געענדיקט, האָט־זי א רעגע געקיקט, דערנאָכ שטיל־שטיל א זאָג געגעבנ:

— ס'איז וויל. איצט מאָל אויס א מענטשנ!

דער מאָלער האָט אויסגעמאָלט אפנ הויפ פארנ הויז א מענטשנ, אנ ענלעכנ אפ א קראנ, וואָס הייבט אופ מאסע, אונ אזא הויכנ, אז ער וואָלט געקאָנט אריבערשפאנענ איבערנ הויז; דאָס מיידעלע איז ניט געוועזנ קיינ שטרענגער קריטיקער: זי איז געבליבנ צופרידנ פונ אָט דעמ מעשונעדיקנ מענטשנ אונ האָט א מורמל געטאָנ:

— ס'ארא שיינער! איצט מאָלט מיכ אויס לעבנ אימ.

טאָמ האָט אויסגעמאָלט א זאמד־זייגער, צוגעמאכט צו אימ א פולע לעוואָנע פונויבנ, שטרויענע הענטלעכ אונ פיסלעכ, אונ אינ די צעשפרייטע פינגער האָט ער אריַינגעלייגט א ריזיקנ ווייער. דאָס מיידעלע האָט געזאָגט:

— דאָס איז אויכ זייער וויל. אכ, וואָלט איכ געוואָלט קענענ מאָלנ!

— ס'איז גאָר ניט שווער, — האָט א מורמל געטאָנ טאָמ,— איכ וועל איַיכ אויסלערנענ.

— נו, טאקע אינדערעמעסנ? ווענ?

— בייסנ גרויסנ איבעריַיס. איר וועט גיינ אהיימ עסנ וואַרמעס?

— ניינ, כ'וועל ניט גיינ.

— איז גוט, ווי הייסט איר?

— בעקי טעטשער. אונ איר? ניינ, כ'ווייס: טאָמאס סאָיער.

— מיכ רופט מענ אזוי, איידער מע באשטראָפט מיכ. אז איכ פיר זיכ אופ גוט, רופט מענ מיכ פאָשעט טאָמ. איר וועט מיכ רופנ טאָמ, עמעס?

— יאָ.

טאָמ האָט ווידער גענומען עפּעס שרייַבן אפן טאָוול, אויס־באהאלטנדיק פונעם מיידעלע דאָס אָנגעשריבענע. אָבער אצינד האָט זי זיך שוין ניט אָפּגערוקט. זי האָט געבעטן ווייַזן איר. טאָמ האָט זי אָפּגערעדט:

— ס'איז דאָרט גאָר ניטאָ.

— ניין, דאָ!

— ניין, ניטאָ; און, כוצ דעם, אייַך ווילט זיך גאָרניט א קוק טאָן.

— ניין, ס'ווילט זיך מיר, אפּ מייַן וואָרט, ס'ווילט זיך מיר. זייַט אזוי גוט, ווייַזט!

— איר וועט עמעצן אויסזאָגן.

— כ'וועל ניט אויסזאָגן, אפּ מייַן וואָרט, ניט אויסזאָגן, לאָ־מיך אזוי לעבן, אז איך וועל גיט אויסזאָגן!

— קיינעם ניט, קיין איין מענטשן ניט? דאָס גאנצע לעבן?

— כ'וועל קיינעם ניט אויסזאָגן, ווייַזט!

— אָבער אייַך ווילט זיך דאָך גאָר אינגאנצן ניט...

— אוי, איר פירט זיך מיט מיר אזוי, — וועל איך סייַ־ווי־סייַ א קוק טאָן...

און זי האָט ארופגעלייגט איר דין הענטל אפּ זייַן האנט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א לייַכטער געראנגל. טאָמ האָט זיך געמאכט, אז ער שטעלט זיך קלאָמפּערשט קעגן, אז ער ווערט זיך ערנסט. נאָר צוביסלעך האָט ער אָפּגעפירט די האנט און ס'האָבן זיך, סאָפּקאָלסאָפּ, אנטפּלעקט די ווערטער: „כ'האָב אייַך ליב!"

— פו, ווי נאריש ס'איז! — און דאָס מיידעלע האָט גאנץ שטארק א קלאפּ געטאָן אים איבער דער האנט, פונדעסטוועגן איז זי רויט געוואָרן. ס'האָט אויסגעזען, אז ס'טוט איר האנאָע...

אין דער זעלבער רעגע טאקע האָט טאָמ דערפילט, אז א שטראָפּנ־דיקע האנט האָט אים אָנגעכאפּט פעסט באם אויער און הייבט

אים אופ פונ דער באנק. אפ אזא אויפנ איז ער אריבערגעטראָגנ געוואָרנ דורכנ גאנצנ צימער אפ דער צווייטער זײַט קלאס אונ איז אוועקגעזעצט געוואָרנ אפ זײַנ שטענדיק אָרט. די גאנצע שול האָט זיך דערבײַ געקאטשעט פאר געלעכטער. עטלעכע שוידערלעכע רעגעס איז דער לערער געשטאנענ איבער אים, ניט אויסריידנדיק קיינ וואָרט. דערנאָך האָט זיך דער לערער שטומענ־דיק אוועקגעלאָזט צו זײַנ טראָנ.

אז די שול האָט זיך באַרויִקט, האָט טאָם געמאכט אנ אָרנטלעכע אָנשטרענגונג אָפּצוגעבנ זיך מיט לימודים, אָבער דער־רוף איז ער געווענ צו אופגערודערט. בײַסנ לימעד פונ לייענענ איז ער אָפּט געשטרויכלט געוואָרנ אונ האָט געפּלאָנטערט די ווערטער, בײַסנ לימעד פונ געאָגראפיע האָט ער פארוואנדלט די יאמענ אינ בערג, די בערג אינ טײַכנ אונ די טײַכנ אינ קאָנטינענטנ, אזוי אז ס'האָט זיך באקומענ דער ווילדער כאאָס, דער כאאָס פונ פאר באשאפנ די וועלט. אינעם דיקטאט האָט ער אָנגעמאכט א מאסע גרײַזנ אינ די פּאָשעטסטע ווערטער, — מיט איינ וואָרט, ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט ביז דער מאדרייגע פונעם סאמע אָפּגע־שטאנענעם לעצטנ שילער, אונ ער איז געצווונגענ געווענ אָפּ־טרעטנ אנ אנדערנ זײַנ בלעכנ מעדאלעכל, וואָס ער האָט מיט שטאָלצ געטראָגנ עטלעכע כאדאָשים נאָכאנאנד.

## קאפיטל 7.

וואָס מער טאָם האָט זיך געמיט אָנצושטרענגענ זיך איבערנ בוכ, אלץ מער זײַנענ זײַנע געדאנקענ צעמישט געוואָרנ. סאָפּ־קאָלסאָפּ, האָט ער א זיפצ געטאָנ אונ האָט אופגעהערט זיך מיִענ. ס'האָט זיך אים געדאכט, אז דער מיטאָג אונ דער גרויסער איבערײַס וועלנ שוינ אייביק ניט אָנקומענ. אינ דער לופט האָט געהערשט

טויטע שטילקייט: קיין קלאנג ניט, קיין אָטעם. פון אלע שלעג־פערדיקע טעג איז דער דאָזיקער טאָג געווען דער שלעפּערדיקסטער. דער פארשלעפנדיקער געמורמל פון די פינף און צוואנציק שילער, וואָס כאזערן די לימודים, האָט פארוויגט די נעשאָמע, ווי א צויבערלעכ הודעניש פון ביִנען. אינדערווייטנס, צווישן דעם פינקלענדיקן היצ־רויכל האָבן זיך געזען די צארט־גרינע בארג־שפּיצן פון קארדיפ־כיל, וואָס זיינען אנשלאָפן געוואָרן אונטער די בריִענדיקע זונ־שטראלן; הויכ אינדערלופטן האָבן פויל גע־שוועבט עטלעכע פויגלען; כוץ זיי האָט מען ניט געזען קיין איין לעבעדיקן נעפעש, אויב ניט רעכענען צוויי־דריי קי, נאָר אויכ די קי זיינען געשלאָפן.

טאָם האָט מיטן גאנצן לייב און לעבן געוואָרט ארויסצורייסן זיך אפ דער פריי, אָדער כאָטש געפינען עפעס אינטערעסאנטס אפ צו פארברענגען די צייט, וואָס ציט זיך אזוי נאָגנדיק־אומעטיק ער האָט ארייננערוקט די האנט אינ קעשעניע, און זיין פּאָנעם איז פלוצעם ליכטיק געוואָרן פון דאנקבארקייט. ער האָט אונטנ־ארום ארויסגעשלעפט דאָס פושקעלע פון פּיסטאָנעס, ארויסגענומען דעם קלישטש און אים אוועקגעלייגט אפ דער לאנגער, פלאט שיקער פּארטע. דער קלישטש איז, זעט אויס, אינ אָט דער רעגע אויכ פול געוואָרן מיט דאנקבארקייט; אָבער פון זיין זייט איז עס געווען פריצייטיק. ווי נאָר ער האָט, פול מיט דאנקבארקייט, געפרווט זיך אוועקגיינ, האָט אים טאָם מיט א שפּילקע פאר־קערעוועט צוריק און געצווונגען אים אויסקלייבן אנ אנדער ריכטונג.

לעבן טאָמען איז געזעסן זיין בעסטער גוטער פריינט, אויכ אים האָט די לאנגווייליקייט געגאָגט ניט ווייניקער, ווי טאָמען. דער פריינט האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער שפּיל און האָט זיך מיטאמאָל פאראינטערעסירט מיט איר. דער בעסטער גוטער

פרײַנט האָט געהײסן דזשאָ גארפער. די ייִנגלעך פלעגן זיך א גאנצע װאָך ניט שײדן, און אין די יאָנטויווים פלעגן זײ אײנס מיטן אנדערן זיך שלאָגן אין דער שפּיץ פון צװײ פּײַנטלעכע ארמײען. דזשאָ האָט אויך ארויסגעשלעפּט פון הינטערן לאַץ א שפּילקע און גענומען העלפן זײַן כאוועס יאָגן דעם קלישטש. ביידן האָט אלץ מער און מער פארכאפּט די דאָזיקע שפּיל. ענדלעך, האָט טאָם געמאָלדן, אז זײ שטערן אײנער דעם צװײטן, און קײן אײנער באקומט ניט דעריבער קײן פולע הנאָה. ער האָט אוועקגעלײגט אפּ דער פּארטע דעם כאוועס טאָװל און האָט דורכגעפירט איבער דער מיט פונויבן אראָפּ א פּאס:

— הער! אזא מין באדינג: ביז דער קלישטש װעט זײַן אפּ דײַן זײַט, מעגסטו אים יאָגן, װוּהין ס'גלוסט זיך דיר, איך װעל אים דעמלט ניט אָנרירן; אָבער אויב דו װעסט אים דורכלאָזן און ער װעט אװעק צו מיר, דעמלט טאָרסטו אים ניט אָנרירן, ביז ער װעט װידער ניט ארויס אפּ דײַן זײַט. אָפּגעמאכט?

— אָפּגעמאכט. נו, הײב אָן.

דער קלישטש איז גאָר אינגיכן אװעק פון טאָמען און האָט דורכגעשניטן דעם עקװאטער. דזשאָ האָט זיך לאנג געפּאָרקעט מיט אים; דערנאָך איז דער קלישטש אװעק און האָט זיך אומגעקערט צוריק צו טאָמען. די דאָזיקע איבערגענג האָבן זיך איבערגעכאזערט אָן א שיר מאָל. בײס אײנער פון די ייִנגלעך האָט געיאָגט דעם קלישטש, אינגאנצן פארטאָן אין אָט דעם אינטערעסאנטן אופטו, האָט דאָס צװײטע ייִנגל מיט ניט װײניקער אינטערעס נאָכגעשפּירט נאָך אים; בײדע האָבן אָנגעבויגן די קעפּ איבערן טאָװל, און די גאנצע איבעריקע װעלט איז פאר זײ אָפּגעשטאָרבן. צום סאָף איז דאָס גליק, זעט אויס, ענדגילטיק אריבער אפּ דזשאָס זײַט. דער קלישטש האָט, אופגערעגט און אופגערודערט ניט װײניקער פון די ייִנגלעך, געװאָרפן זיך הין

און צוריק. נאָר יעדער מאָל, ווען טאָמען האָט זיך שוין געדאכט, אז ער, טאָם, זיגט און ס'האָט אים שוין די הענט געביסן, פלעג דזשאָ מיט דער הילף פון דער שפילקע פלינק פארקערעווען דעם קלישטש אין אן אנדער זייט און אים לאָזן פאר זיך. טאָם איז, סאָפקאָלסאָפ, ארויס פון די קיילים. דער כיישעק איז צו שטארק געווען. ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט און האָט מיט זיין שפילקע פארצאמט דעם וועג. דזשאָ איז טייקעף אופגעבראכט געוואָרן:

— טאָם, ריר אים ניט אָן!

— איך וועל אים נאָר אביסל אונטעריאָגן, דזשאָ!

— ס'איז ניט ערלעך, סער; לאָזט אים צורו!

— גיי צו אלדע גוטע יאָר — איך וועל אים דאָך ניט לאנג אונטעריאָגן.

— לאָזט דעם קלישטש צורו, זאָגט מען אייך!

— איך וויל ניט!

— דו טאָרסט אים ניט אָנרירן: ער קריכט אום אף מיין זייט.

— אָבער וועמעס איז ער, דער קלישטש?

— ס'איז מיר אלציינס, וועמעס ער איז — ער קריכט אום אף מיין זייט, און דו טאָרסט אים ניט אָנרירן!

— נו, וועל איך טאקע אפצעלאָכעס טאָן. דער קלישטש איז מיינער, און איך קאָן טאָן מיט אים, וואָס ס'גארגלוסט זיך מיר, — לאָמיך אזוי לעבן!

אין אָט דער רעגע האָט טאָם געקראָגן א שטארקן זעץ אין פלייצע אריין; פונקט אזא זעץ האָט דזשאָ געקראָגן איבער די אקסלען. אין מעשעך פון צוויי מינוט האָט דער לערער געהאלטן אין איין אויסטרייסלען דעם שטויב פון ווייערע רעקלעך, — די גאנצע שול איז זיך פארגאנגען אין געלעכטער. די ייִנגלעך זיינען

צופיל פארכאפט געווען פון דער שפּיל, — זיי האָבן ניט געהאט באמערקט, ווי איבער די פּלוצעמדיקע קלעפּ איז מיטאמאָל געוואָרן ארום שטיל־שטיל: דער לערער האָט זיך אונטערגעגאנוועט צו זיי אף די שפּיץ פינגער און האָט א היפּשע צייַט, שטייענדיק הינטער זיי, נאָכגעשפּירט נאָך דער שפּיל, ביז ער האָט זיך, סאָפּקאָלסאָפּ, ארייַנגעמישט.

אז ס'האָט, ענדלעך, נעקלאפּט צוועלף אזייגער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער איבערייַס, איז טאָם ארויסגעגאנגען פון דער שול מיט איין גרופּע שילער, בעקי מיט א צווייטער. שפּע־טער אביסל האָבן זיי זיך ביידע באגעגנט באם עק לאָנקע, וואָס לעבן דער שול. זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שול אריַין און געטראָפן זי לאכלוטן ליידיק. זיי האָבן זיך אוועקגע־זעצט אף א באנק און אוועקגעלייגט פאר זיך א טאָוול; טאָם האָט געגעבן בעקין א גריפל און האָט, אָנפירנדיק מיט איר האנט, אויסגעמאָלט א צווייט הויז, א הויז פון וווּנדערלעכער ארכיטעק־טור. אז דער אינטערעס צו קונסט האָט זיך אויסגעשעפּט, האָבן זיי גענומען פּאָשעט פּלאפּלען. טאָם האָט געפרעגט:

— דו האָסט ליב שטשורעס?

— פו! איך האָב זיי מוירעדיק פייַנט.

— פארשטייט זיך, איך האָב אויך פייַנט לעבעדיקע שטשורעס. אָבער איצט רעד איך וועגן טויטע, מע קאָן זיי אָנטאָן א שטריק אפן האלדז און פאָכען מיט זיי ארום קאָפּ.

— ניין, איך האָב קיינשום שטשורעס ניט ליב. ליב האָב איך זייער קייַען גומי.

— פארשטייט זיך! א שאָד, וואָס ס'איז איצט בא מיר ניטאָ.

— עמעס? איך האָב א שטיקל. איך וועל דיר געבן קייַען אביסל, אָבער זאָלסט מיר דערנאָך אומקערן.

דאָס איז זייער אנגענעם געווען, און זיי האָבן גענומען

איינער נאָכן אנדערן קײַען, באַמבלענדיק פאר גרויס פארגעניגן מיט די פיס.

— דו ביסט אמאָל געווען אין צירק?

— יאָ, און דער טאטע האָט מיר צוגעזאָגט נאָכאמאָל פירן אהין, אויב כ׳וועל זײַן א קלוג מיידעלע.

— איך בין געווען אין צירק דרײַ־פיר מאָל, — ווייער פיל מאָל! דאָרט שטעלט מען שטענדיק פאָר עפּעס נײַס. איך, אז כ׳וועל אויסוואקסן, וועל איך ווערן א קלאָון אין א צירק.

— נו! עמעס? דאָס איז זייער ווויל! זיי זײַנען אלע אזעלכע ווױלינקע, פארביקע!

— יאָ, יאָ, און דערבײַ פארדינען זיי א יאם מיט געלט... בען האָט מיר געזאָגט, אז א דאָלאר א טאָג. הער נאָר, בעקי, דו ביסט אמאָל געווען א קאלע?

— וואָס הייסט עס?

— נו, א קאלע, קעדיי נאָכדעם כאסענע האָבן?

— ניין.

— דיר וואָלט זיך געוואָלט?

— איך ווייס ניט, וואָס מיינסטו?

— וואָס איך מיין? דו דארפסט פּאָשעט זאָגן א ייִנגל, אז דו וועסט קיינמאָל פאר קיינעם ניט כאסענע האָבן, כוץ אים, — פארשטייסט, קיינמאָל! דערנאָך גיסטו אים א קוש, און דאָס גאָר. דאָס קאָן יעדערער טאָן.

— א קוש טאָן? צוליב וואָס א קוש טאָן?

— נו, צוליב דעם, ס׳זאָל... ווײַל אזוי איז דער שטייגער; אלע טוען אזוי.

— אלע?

— נו יאָ, אלע פארליבטע. דו געדענקסט, וואָס כ׳האָב אָנגעשריבן אפן טאָוול?

— כ׳געדענק.
— וואָס האָב איך אָנגעשריבן?
— כ׳וויל ניט זאָגן.
— איז עפּשער זאָל איך זאָגן?
— י — יאָ... נאָר זאָל זײַן אַן אַנדערש מאָל...
— ניין, אַצינד.
— ניין, מע דאַרף ניט — בעסער מאָרגן.
— ניין, ניין, אַצינד, בעקי. איך וועל שטילערהייט, איך וועל דיר אָפּן אויער זאָגן.
זעענדיק, אַז בעקי קווענקלט זיך, האָט טאָם אָנגענומען איר שוויַיגן פאַר מיטשטימונג, ער האָט צוגעלייגט די ליפּן צום סאַמע אויער אירן און האָט איבערגעכאַזערט די דרײַ ווערטער. דערנאָך האָט ער געזאָגט:
— אַצינד זאָג דו מיר שטילערהייט דאָס זעלבע.
זי האָט זיך לאַנג געשפּאַרט, דערנאָך האָט זי אַ בעט געגעבן:
— דריי זיך אויס, פאַרקוק זיך אַזוי, זאָלסט מיך ניט זען — דעמלט וועל איך זאָגן, אָבער דו זאָלסט קיינעם ניט דערציילן — הערסט, טאָם? קיינעם ניט, קיינעם ניט! גוט?
— ניין, ניין, איך וועל קיינעם ניט זאָגן: זײַ רויִק, נו, בעקי!
ער האָט אויסגעדרייט דאָס פּאָנעם, און זי האָט שעמעוודיק־שטיל, שטיל אַ זאָג געגעבן: — כ׳האָב... אײַך... ליב! — דערנאָך איז זי אויפגעשפּרונגען און האָט גענומען לויפן אַרום די בענק און אַרום די פּאַרטעס, אַנטלויפנדיק פון טאָמען, וואָס יאָגט איר נאָך; דערנאָך האָט זי זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל און האָט פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיטן ווײַסן פאַרטעך.
— נו, בעקי, — האָט געמאָלדן טאָם, — אַצינד איז שוין אַלץ פאַרענדיקט, אַצינד דאַרף מען זיך צעקושן. קוש, בעקי.

און ער האָט זי געשלעפּט פאַרן פאַרטעך און פאַר די הענט.

ביסלעכווײַז האָט זי זיך אונטערגעגעבן און האָט אַראָפּגע־לאָזט די הענט. טאָם האָט זי אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און האָט געזאָגט:

— נו, אָט דאָס גאָר, בעקי. אַצינד דאַרפסטו קײנעם ניט ליב האָבן אַחוץ מיר און פאַר קײנעם כוץ מיר ניט חאַסענע האָבן, קײנמאָל ניט, קײנמאָל ניט, אײביק. דו זאָגסט צו?

— יאָ, איך װעל קײנעם ניט ליב האָבן, טאָם, אַחוץ דיר, און װעל פאַר קײן אַנדערן ניט חאַסענע האָבן. אױך דו, זע: זאָלסט פאַר קײנעם ניט חאַסענע האָבן, אַחוץ מיר.

— פאַרשטײט זיך, װי דען? ס'איז דאָך אַזאַ אָפּמאַך. און אַז דו װעסט גײן אין שול אַרײַן אָדער פון שול, גײ מיט מיר — אױב נאָר ס'װעט קײנער פון די עלטערע ניט זײַן דאָ נאָענט, — און אין די שפּילן קלײַב אױס מיך, און איך װעל דיך אױסקלײַבן. אַזױ טוען שטענדיק פאַרקנאַסטע...

— איך האָב קײנמאָל ניט געהערט אַזױנס... דאָס איז זײער װױל!

— דאָס איז שרעקלעך פרײלעך! איך מיט עמי לאָורענס...

ברײט־צעעפנטע װײַבערע אײגעלעך האָבן געגעבן טאָמען צו פאַרשטײן, אַז ער איז דורכגעפאַלן. ער האָט זיך פאַרשעמט אָפּגעשטעלט.

— אָ, טאָם! בין איך ניט די ערשטע, מיט װעלכער דו ביסט שױן געװען פאַרקנאַסט?

דאָס מײדעלע האָט זיך צעװײנט.

— װײן ניט, בעקי, איך האָב זי שױן מער ניט ליב.

— נײן, האָסט זי ליב. אַך, טאָם, דו װײסט אַלײן, אַז דו האָסט זי ליב.

טאָם האָט געפּרוּװט זי אַרומנעמען, נאָר זי האָט אים אָפּגע־

שטופּט, האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנעם צו דער וואנט אין האָט ווײַטער געוויינט. טאָמ האָט איר גענומען אײַנרײדן, זי אַנגערופן מיט צארטע נעמען און האָט ווידעראמאָל געפּרוווט זי ארומנעמען; נאָר זי האָט אים ווידער אָפּגעשטופּט. דאן האָט אין אים זײַן שטאָלץ דערוואכט; ער האָט זיך געפילט באלײדיקט און איז אוועקגעגאנגען. אינדרויסן איז ער געשטאנען און אומרויִק געקוקט צו דער טיר. ער האָט געהאָפט, אז בעקי וועט זיך באַטראכטן און וועט ארויס נאָך אים. נאָר זי איז ניט ארויסגעגאנגען. טאָמ האָט זיך געפילט ניט מיט אלעמען: ער אליין איז דאָך טאַקע שולדיק. ס'איז אים שווער געווען צו מאכן דעם ערשטן שריט צו שאָלעם, נאָר ער האָט בײַגעקומען אין זיך דעם שטאָלץ און איז ארײַנגעגאנגען צוריק. בעקי איז א־ץ נאָך געשטאנען אין ווינקל, צוגעטוליעט דאָס פּאָנעם צו דער וואנט, און געוויינט. טאָמען האָט באַם הארצן פּארקלעמט. ער איז צוגעגאנגען צו איר און געשטאנען, ניט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן, דערנאָך האָט ער ארויסגעשלעפּט זײַן טײַערסטן אוצער — א קופּערן קײַקעלע, האָט עס א דריי געטאָן איר פאר די אויגן און געזאָגט:

— כ'בעט דיך, בעקי, וויין ניט, דו ווילסט, וועל איך דיר דאָס אוועקשענקען!

זי האָט אים אָפּגעשטופּט מיט דער האנט; דאָס קײַקעלע איז אראָפּגעפלויגן אפן דיל. דאן איז טאָמ ארויסגעגאנגען אין דרויסן און האָט באשלאָסן אוועקלאָזן זיך ווײַט אפ יענער זײַט בערגלעך, קעדיי דעם טאָג שוין מער ניט אומקערן זיך אין שול ארײַן. בעקי האָט פלוצעם גענומען כווישעד זײַן אלדאָס בייז. זי איז צו־געלאָפן צו דער טיר — טאָמ איז ניטאָ. זי איז ארומגעלאָפן ארום דעם הויף, האָט געהאָפט אים געפינען אפ דער שפּיל־לאָנקע, אָבער אויך דאָרט איז ער ניט געווען. דאן האָט זי גענומען רופן:

— טאָם! טאָם! קער זיך אום.

זי האָט זיך שארפ איינגעהערט, נאָר קיין ענטפער איז ניט געקומען. ארום איז געווען שטיל און וויסט. האָט זי זיך אוועק־געזעצט און האָט זיך צעוויינט. דער געוויסן האָט זי געפּייניקט. דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן צוניפקומען די שילער; זי האָט געמוזט אויסבאהאלטן איר אומגליק און רויִק זיצן ביים די לאַנגע נאָגנדיק־אומעטיקע לימודים. ניט געווען בא איר צווישן אָט די פרעמדע קינדער קיין פריינט, וועלכן זי זאָל קאָנען דערציילן איר ביטער הארצ.

## קאפיטל 8.

טאָם האָט מיט געדרייטע שטעגלעך געשפּאנט דורך די פעלדער. ער האָט פארקערעוועט רעכטס, לינקס, ביז וויַיט הינטער אים איז געבליבן דער וועג, מיט וועלכן ס'קערן זיך געוויינלעך אום אהיים די שילער. ער האָט אין עטלעכע ערטער אומיסטן דורכגעשניטן די באגעגנטע ריטשקעלעך: יונגעלייט איך זייַנע יאָרן גלייבן, אז דורכשנייַדן א וואסער איז דאָס בעסטע מיטל אפ צו פארשאַרן דעם שפּור הינטער זיך און פארדרייען דעם קאָפ די, וואָס יאָגן זיך נאָך, אין א האלבער שאָ ארום איז ער שוין געווען לעבן דוגלאס־פּלאָס אפן שפּיץ קארדיפ־כיל. די שול־געבייַדע האָט זיך קאם־קאם אָנגעזען אונטן, אין טאָל. טאָם איז אריין אין דער געדיכטער טיפעניש פון וואלד, האָט, אויספּעלנדיק די שטעגלעך, דורכגעשלאָגן זיך אין סאמע מיט וואלד און האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען אפ א מאָכיק ערטל אונטער א צעצווייַגטן דעמב. געהערשט האָט אן אויסערגעוויינלעכע שטילקייט אין וואלד. קיין מינדסט ווינטל האָט קיין בלאָז ניט געגעבן. אפילע די פויג־לען זייַנען פארשטומט געוואָרן מאכמעס דער פּלעטנדיקער מי־טאָג־היץ. די נאטור איז ווי אנשלאָפן געוואָרן; פון צייַט צו צייַט

נאָר האָט דעם דאָזיקן שלאָף צעשטערט אין דער ווײַט דאָס קלאַפּן פון א פּיקהאָלץ, וואָס פּיקט א בוים, — נאָך די דאָזיקע איבערײַסן פלעג ווערן ארום נאָך שטילער און וויסטער. טאַמען איז אפן הארצן זייער אומעטיק געווען, זײַן שטימונג האָט אינגאנצן הארמאָנירט מיטן ארום. ער איז לאנג געזעסן, מיט עלנבויגנס, ארופּגעשטעלטע אפ די קניִעס, און א קין, אן אָנגעשפּארטן אפ די הענט. ער האָט געטראכט. ס'האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס לעבן איז אין בעסטן פאל א זאך א מאטערנדיקע און ניט אנגענעמע, און ער האָט זייער מעקאנע געווען דושימי האָדזשעסן, וואָס איז ערשט ניט לאנג פאָטער געוואָרן פון אָט דער לאסט. ער האָט געטראכט וועגן דעם, ווי גוט סע איז ליגן אין קייווער און שלאָפן, אייביק טרוימען, בײַס דאָס ווינטל מורמלט צווישן די ביימער־צווײַגן, שאָקלט דאָס גראָז און די קווייטן אפן קייווער. ער האָט געטראכט, ווי גוט ס'איז קיין יעסורים ניט האָבן פון גאָרניט, — פון גאָרניט, ניט לײַדן קיינמאָל, קיינמאָל! ווען ער וואָלט נאָר געווען א גוטער שילער! ווען ער וואָלט ניט מוירע האָבן, אז אפ יענער וועלט וועט מען אים שטראָפן דערפאר, וואָס ער איז א שלעכטער שילער, וואָלט טאָמ איצט אליין גרייט געווען אוועקצושטארבן, א סאָף צו מאכן צו אָט דעם אלעמ ען... אז, אשטייגער, אָט דאָס מיידעלע... נו, וואָס האָט ער איר געטאָן? גאָרניט. און זי האָט אים פארטריבן, ווי א הונט, — מאמעש ווי א הונט. ס'וועט איר אמאָל באנגק טאָן, — מעגלעך, אז דעמלט, ווען ס'וועט שוין זײַן צו שפּעט. אך, ווען מ'זאָל קענען שטארבן אפ א צײַט!

אָבער אין דער יוגנט איז דעם מענטשנס הארץ שטײַף און קאָן ניט פארבלײַבן א לענגערע צײַט געדריקט. טאָמ האָט אומבאמערקטערהייט אומגעקערט זיך צוריק צו די אינטערעסן פון דער היגער וועלט. וואָס וועט, אשטייגער, זײַן, אויב ער וועט זיך איצט אוועקלאָזן אין דער גאָרער וועלט ארײַן, וווהין די אויגן

וועלן אים טראָגן, — אויב ער וועט סוידעסדיק פארשוווּנדן ווערן? וואָס וועט, אשטייגער, זײַן, אויב ער וועט אוועק ווײַט־ווײַט, אַפ יענער זײַט יאם, אינ אומבאקאנטע לענדער, קעדיי קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך? ווי וועט זי עס דעמלט זיך פילן? ער האָט זיך דערמאנט, ווי ער האָט זיך געקליבן ווערן א קלאָון, אָבער איצטער האָט אים פונ דעם דאָזיקן געדאנק געעקלט. ניין, ער וועט אוועק פאר א סאָלדאַט אונ וועט זיך אומקערן אהיים אינ אסאך יאָרן ארום, אומקערן זיך באדעקט מיט וווּנדן אונ מיט רום. אָדער נאָך בעסער, ער וועט אוועק צו די אינדיאַנער, וועט זיך יאָגן מיט זיי נאָך בופלאקסן, וועט זיך מיט זיי דראפען אַפ בארג־שטעגלעך, אַפ אומגעהייערע בארג־הייכן, וועט מיט זיי ארומבלאָנקען אַפ די פלאכן פונ ווײַטן מײַרעוו, ווו ס'איז אינגאנצן קיינשום שטעגלעך נישטאָ, אונ אמאָל־אמאָל, העט־שפעטער, וועט ער זיך אומקערן אהיים א גרויסער פירער, אינגאנצן אינ פעדערן, א באמאָלטער, א מוירעדיקער אונ וועט זיך ארײַנוואלגערן גלײַך אינ דער זונטיק־שול, אינ א שלעפעריקן זומער־פרימאָרגן, בא א קריגס־אויסגעשריי, פונ וועלכן דאָס בלוט גליווערט. אָט וועלן עס אלע כאווערים די אויגן אויסטאָרטשען! אָט וועט מען עס אים מעקאנע זײַן! אָבער ניין. ער ווייסט עפעס נאָך בעסערס. ער וועט זײַן א יאם־גאזלען, א פיראט! אָט וואָס! איצט האָט ער קלאָר געזען פאר זיך זײַן צוקונפט: זי איז געווען באלויכטן, די צוקונפט, מיט אויסערגעוויינלעכן רום. דער רום זײַנער וועט הילכן איבער גאָר דער וועלט; פאר זײַן נאָמען וועלן פלאטערן אלע פעלקער! ווי שטאָלץ ער וועט זיך ארומטראָגן איבער די שטורעמדיקע יאמען, אַפ אופגערודערטע כוואליעס, אַפ זײַן לאנגער שווארצער שיף „גײַסט פונ שטורעם״, וואָס העט־הויך אַפ איר מאסטבוים וועט פאָכן א שווארצע פאָן! אונ אז ער וועט דער־גרייכן צום שפיץ פונ זײַן רום, וועט ער זיך פלוצעם באווײַזן אינ

זײַנע היים־שטיבל, אין קלויסטער, אײַנגאַנצן אַ שוואַרצער, אַ פּאָר־ברווינטער, אין אַ שוואַרצן סאַמעטענעם קאַמזויל און אין שוואַרצע סאַמעטענע הויזן, אין הויכע באַטפאַרטן, מיט אַ העל־רויטער סטענגע אַריבער די אַקסל; הינטערן פּאַס — פּיסטאָליעטן, לעבן פּאַס — אַ מעסער, וואָס איז פאַרושאַווערט פון פאַרגאָסענעם בלוט, אויפן קאָפּ — אַ ווײַכער הוט מיט צעפּאַכעטע פעדערן, אין דער האַנט — אַ שוואַרצע פאָן, אויף וועלכער ס'זײַנען אויסגענייט אַ שאַרבן און איבערגעקרייצטע ביינער. אַלע וועלן פאַרצויבערט מורמלען: „דאָס איז טאָם סאָיער, דער שוואַרצער פּיראַט, וואָס נעמט נעקאָמע אין די שפּאַנישע יאַמען"! יאָ, ס'איז באַשלאָסן! אזוי בלײַבט עס! ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ וועג אין לעבן! מאָרגן טאַקע וועט ער אַנטלויפן פון דער היים. קעדיי זײַן פּאַרטיק ביז אינדערפרי, דאַרף מען זיך שוין אָנהייבן גרייטן אין וועג אַרײַן.

ניט ווײַט פון דעמב האָט געסטאָרטשעט אַ צעפוילטע קלאָץ. טאָם איז צוגעגאַנגען צו איר און האָט גענומען גראָבן אין איר מיט זײַן קליין מעסערל. אײַנגיכן האָט ער לויטן קלאַנג דערפילט הינ־טער דער קאָרע אַ הויל אָרט. ער האָט אַרײַנגערוקט די האַנט און האָט פײַערלעך אַ זאָג געגעבן אַ שפּרוך:

— וואָס ס'איז דאָ נאָך ניט פאַראַן — קום אַרויס פונדאַנען! וואָס ס'ליגט יאָ — פאַרבלײַב דאָ!

טאָם האָט אָפּגעשקראַבעט די בלאָטע און האָט אַרויסגענומען פון דער הויל אַ זויבער כאָסנאָווע קעסטעלע. אינעווייניק איז געלעגן אַ מאַרמערן קײַקעלע. טאָם האָט זיך גוואַלדיק פאַרכידעשט. ער האָט דערשטוינט געקראַצט זיך אין נאַקן:

— ניין, וואָס איז עס פאַר אַ מין! ס'איז דאָך מאַמעש ניט צו פאַרשטיין!

ער האָט מיט פאַרדראָס אַ וואָרף געטאָן פון זיך דאָס קײַ־קעלע און גענומען באַטראַכטן די לאַגע. ס'האָט זיך אויסגעלאָזט,

אז ס'האָט אים אָפּגענארט דער אבערגלויבן, אין וועלכן ער און זיינע כאוויירים האָבן, ווי אין א פעסטן עמעס, געגלייבט. לויט דעם אבערגלויבן איז אויסגעקומען, אז אויב מע פארגראָבט א קײַקעלע און מע זאָגט דערויף א שפרוך, און אין מעשעך פון צוויי וואָכן רירט מען עס ניט אָן און דערנאָך עפנט מען דאָס קעסטעלע מיט אזא שפרוך, ווי ס'האָט געזאָגט טאָם, געפינט מען אָנשטאָט דעם איינעם קײַקעלע אלע קײַקעלעך, וואָס מע האָט ווען ס'ניט איז פארלוירן, ווי ווײַט די קײַקעלעך זאָלן ניט ליגן איינס פון דעם צווייטן. אָבער דער פרווו האָט זיך באשטימט ניט אײַנגעגעבן. וואָס באטײַט עס? טאָם האָט אסאך מאָל געהערט וועגן אזעלכע געלונגענע פרווון, אָבער קיינמאָל האָט ער ניט געהערט וועגן ניט קיין געלונגענע. ער האָט פארגעסן, אז ער האָט אליין שוין ניט איינמאָל געפרווט, נאָר דערנאָך פלעגט ער קיינמאָל ניט קענען געפינען דאָס אָרט, וווּ ער האָט באהאלטן דאָס קײַקעלע. ער האָט לאנג געטראכט, און ענדלעך האָט ער באשלאָסן, אז שולדיק אין דעם, וואָס דער פרווו האָט זיך ניט אײַנגעגעבן— איז א מאכשייפע, וואָס האָט אים אפצעלאָכעס צעשטערט דעם שפרוך. ס'האָט זיך אים אָבער געוואָלט ענדגילטיק זיך איבערצײַגן אין דעם, האָט ער אָפּגעזוכט א ריין זאמדיק אָרט מיט א גריבל אינדערמיטן, איז צוגעפאלן צום גריבל מיט די ליפּן און גענומען רופן:

„רועך, רועך, קום פון הייל, וואָס כ'וויל וויסן, מיר דערצייל!"

דער זאמד האָט זיך גענומען רירן: פון גריבל איז ארויסגעקראָכן א קליינע שווארצע וואנצ און איז טייקעף א דערשראָקענע פארשווונדן געוואָרן.

— זי וויל ניט אויסזאָגן! הייסט עס, אז ס'האָט אָפּגעטאָן א מאכשייפע. כ'האָב טאקע געטראָפן.

טאָם האָט גוט געוווסט, אז מיט מאכשייפעס איז שווער האָבן

צו טאָן. און ער איז אומעטיק געוואָרן, נאָר דערנאָך איז ער געפאלן אפ א געדאנק, אז ס'וואָלט ניט אויסגעמאכט אָפּזוכן כאָטש יענץ קייַקעלע, וואָס ער האָט א וואָרף געטאָן. ער האָט געזוכט אין גראָז, נאָר ער האָט גאָרניט ניט געפונען. ער האָט זיך אומגעקערט צו דער הויל אין קלאָץ און האָט פאָרזיכטיק אוועקגעלייגט דאָס קעסטעלע אפן פריַערדיקן אָרט. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעשטעלט פונקט אזוי, ווי ער איז געשטאנען, ווען ער האָט א וואָרף געגעבן דאָס קייַקעלע,—ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע א צווייט קייַקעלע און האָט עס א וואָרף געטאָן אין דער זעלבער ריכטונג, זאָגנדיק דערבייַ:

— לויף, ברודער, אהין, דייַן ברודער געפין!

ער האָט באמערקט, ווו דאָס קייַקעלע איז אראָפּגעפאלן און האָט געגומען דאָרט זוכן; נאָר, זעט אויס, דאָס צווייטע קייַקעלע איז ניט דערפלויגן אָ־ער איז אריבערגעפלויגן, האָט ער גאָרניט ניט געפונען. ער האָט א פרווו געטאָן נאָכאמאָל, א צווייט מאָל, א דריטס און, ענדלעך, זיך דערשלאָגן: ביידע קייַקעלעך זייַנען געלעגן א פוט די ווייַט איינס פונעם אנדערן.

אין דער זעלבער רעגע האָט אין דער גרינער טיפ פון וואלד זיך דערהערט א טרומייטערן פון א קינדערשער בלעכענער טרומייט. טאָם האָט שנעל אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל, די הויזן, איינע פון די שלייקעס איבערגעקרייצט איבערן אקסל, האָט צעגראָבן די קופע צווייַגן ארום דער צעפוילטער קלאָץ, האָט ארויסגעשלעפּט פון דאָרטן א פייַל און בויגן, א הילצערנע שפיז און א בלעכענע טרומייט, האָט אין איין רעגע אָנגעוואָפנט זיך און האָט א באָרוועסער, אין הוילן צעפאָכעטן העמד, צעיאָגט זיך אקעגן סוינע. אונטער איינעם א גרויסן בוים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, האָט אָפּגעענטפערט מיט א טרומייט־סיגנאל, האָט אָפּגעגעבן א באפעל, ווי ער וואָלט האָבן א באוואָפנטע מאכנע: „— שטיי, כעוורע, באהאלט

זיך אויס, ביז איך וועל א טרומייטער טאָן!״ — און האָט געגומענ וואָרטן, קריגעריש ארומקוקנדיק זיך.

ס׳האָט זיך באוויזן דזשאָ גארפער פונקט אין אזא אָנטאָן, ווי טאָם, און באוואָפנט, פונקט ווי טאָם. טאָם האָט א געשריי געגעבן:

— שטיי! ווער האָט עס די האָזע ארומצוגיין אין שערוואָ־דער וואלד אָן מײַן דערלויבעניש?

— גיו היסבאָרן נייטיקט זיך ניט אין קיינשום דערלויבעניש! ווער ביסטו עס, וואָס...

— „וואָס האָט די האָזע אזוי צו ריידן מיט מיר״, — האָט אָפּ־דערגיך אונטערגעזאָגט טאָם, — זיי האָבן גערעדט „לויטן בוך״, פארלאָזנדיק זיך אפן זיקאָרן.

— ווער ביסטו עס, וואָס דו האָסט די האָזע אזוי צו רעדן מיט מיר?

— ווער איך בין? איך בין ראָבין הוד, אָט באלד וועט דע־רינ זיך איבערצײַגן דײַן מיִעסער טויטער קערפער.

— איז דאָס ביסט דו עס דער בארימטער גאזלען? ס׳פרייט מיך זייער א קריג טאָן זיך מיט דיר וועגן דעם, ווער ס׳איז בא־לעבאָס אין אָט דעם בארימטן וואלד. קום ארויס אקעגן!

זיי האָבן אנטבלויזט זייערע הילצערנע שפיזן, האָבן דאָס איבעריקע געוועזר אנידערגעוואָרפן אפ דער ערד, האָבן זיך אוועק־געשטעלט אין קריג־פּאָזעס, פוס צו פוס, און אָט האָט זיך אָנגע־הויבן אן עמעסער געראנגל איינס אפ איינס. טאָם האָט געזאָגט:

— נו, אויב שלאָגן זיך, איז ווי עס דארף צו זײַן שלאָגן זיך. גיב אונטער היץ!

זיי האָבן אזוי פלײַסיק „אונטערגעגעבן היץ״, אז ס׳האָט זיי ביידע אָטעם פארפעלט און זיי זײַנען ביידע היפּש דערשוויצט געוואָרן.

— נו, פאל־זשע! — האָט א געשריי געטאָן טאָם, — פארוואָס פאלסטו ניט?

— איך וויל ניט פאלן! פאל אליין, — דיר איז דאָך אצינד ערגער, ווי מיר.

— נו, איז יואָס? דאָס באַטײַט גאָרניט ניט. איך טאָר ניט פאלן. אין ביכל שטייט דאָך ניט אזוי. אין ביכל שטייט: „און מיט איין פלינקן קלאפּ אין פלייצע אַרײַן האָט ער אוועקגעוואָל־גערט אַפ דער ערד דעם אומגליקלעכן גיו היסבאָרן“. דו דאַרפסט לאָזן, כ׳זאָל דיר א זעץ געבן אין דער פלייצע.

אקעגן אזא אווטאָריטעט האָט דזשאָ ניט געקאָנט טײַנען: ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט געקראָגן א זעץ און איז אומ־געפאלן.

— נו, — האָט געזאָגט דזשאָ, אופהייבנדיק זיך, — איצט לאָז, כ׳זאָל דיך דערהארגענען; דאָס קומט מיר לויטן יושער.

— אָבער מ׳טאָר עס דאָך ניט, ווייל דעם שטייט ניט אין בוך.

— לויט מײַן מיינונג, איז דאָס נידערטרעכטיק, אָט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן!

— נו, הער שוין אויף, דזשאָ, — דו קאָנסט דאָך זײַן דער ברודער טעק און מיך פלעטן מיט א שטיק האָלץ איבערן קאָפּ; אָדער איך וועל זײַן דער נאָטינגעמער שעריפ, און דו וועסט זײַן ראָבינ הוד און דו וועסט מיך דערהארגענען.

דאָס האָט דזשאָען צופרידן געשטעלט, און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן פונסנײַ. דערנאָך איז טאָם ווידער געוואָרן ראָבין הוד און איז אָפּגעגאנגען מיט בלוט אדאנק דער פאלשקייט פון דער מאָ־נאכיניע, וואָס האָט שלעכט פארקלעפּט זײַן ווונד. דערנאָך האָט דזשאָ, וואָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך א גאנצע מאכנע ווייגענ־דיקע גאזלאָנים, פול מיט אומעט אים אוועקגעשלעפּט, האָט אים אַרײַנגעלייגט דעם בויגן אין די אָפּגעשוואכטע הענט אַרײַן, און טאָם האָט געזאָגט: „ווו ס׳וועט פאלן אָט די פײַל, דאָרטן זאָלט

איר באגראָבן דעם אומגליקלעכן ראָביִן הוד, דאָרטן, אונטער א בוים, אינעם גרינעם וואלד". דערנאָך האָט טאָם אויסגעשאָסן די פייל, האָט זיך א שלייַדער געטאָן אפ צוריק און וואָלט געפאלן א טויטער, נאָר ער איז אריַינגעפאלן אין קראָפּעווע און איז אופגעשפרונגען מיט אזא פלינקייַט, וואָס פאסט ניט פאר קיין מעת.

די ייִנגלעך האָבן זיך אָנגעטאָן, האָבן באהאלטן אין א פארבאָרגן אָרט זייער וואָפן און זייַנען צוזאמען אוועק וויַיטער, באדויערנדיק, וואָס ס'זייַנען שוין איצט ניט פאראן קיין גאזלאָנים. זיי האָבן עס בעשומויפן ניט געקאָנט פארשטיין:

— וואָס האָט אפן אָרט פון גאזלאָנים געגעבן די הייַנטיקע וועלט?

די ייִנגלעך וואָלטן אצינד מער באלאָנים געוועז זייַן א יאָר גאזלאָנים אין שערוואָדער וואלד, איידער זייַן פּרעזידענטן פון די פארייניקטע שטאטן אין מעשעך פון זייער גאנץ לעבן.

## קאפיטל 9.

דעם דאָזיקן אפדערנאכט זייַנען טאָם און סיד, ווי שטענדיק, האלב צען אזייגער אוועקגעגאן שלאָפן, זיי האָבן ביידע אָפּגעזאָגט די טפילעס פון פארן שלאָף, און סיד איז אינגיכן אנשלאָפן געוואָרן. טאָם אָבער איז ניט געשלאָפן. ער האָט אומגעדולדיק געוואַרט אפן סיגנאל. ער האָט ניט געקאָנט איַינליגן פון אופגערודערטקייַט און אומרויִקייַט. ס'האָט זיך אים געדאכט, אז אָט באלד הייבט שוין אָן טאָגן. נאָר פונקט אין דער רעגע, ווען ער האָט דאָס א טראכט געטאָן, האָט ער דער־הערט, ווי דער זייגער קלאפט צען. ער איז שיר ניט אונטערגעשפרונגען. ער האָט אפילע ניט געקאָנט זיך א דריי טאָן, זיך א וואָרף טאָן און א דריגע טאָן מיטן פוס, ווי ס'האָבן עס געפאָדערט זייַנע אופגערעגטע

נערוונ: ער האָט מוירע געהאט אופצוּוועקנ סידנ. דעריבער איז ער געלעגנ, ווי א סטאטיק, מיט אויגנ צעעפנטע אינ דער פינצטער. ס'האָט געהערשט ארומ א שוידערלעכע שטילקייט; נאָר ביסלעכ־וויַיז האָבנ זיכ פונ דער שטומעניש געגומענ קאמ־קאמ אויסטיילנ קאָלערליי קלאנגענ. צום אלעם ערשטנ — דער טיק־טאק פונעם זייגער, דערנאָכ דאָס סוידעסדיקע טרישטשענ פונ די אלטע באלקנס, דאָס פוילע סקריפעניש פונ די טרעפ. זעט אויס, רוכעס האָבנ ארומגעבלאָנקעט איבער דער שטוב. פונ דער מומע פאַלים צימער האָט זיכ געלאָזט הערנ א שטיל ריטמיש כראָפענ. דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ די אומדערטרעגלעכע גרילצעניש פונ די גרילנ, וואָס קיינשומ מענטשישע קונצנ קאָנענ זיי ניט פארטריַיבנ פונ די דירעס. מיטאמאָל האָט זיכ געלאָזט הערנ דער „טיק־טאק" פונעם „זייגערמאכער" אינ דער וואנט, לעבנ צוקאָפנס פונ בעט. טאָמ האָט א ציטער געטאָנ: דאָס באטיַיט, אז עמעצער אינ שטוב לעבט זיַינע געציילטע טעג.

דערנאָכ האָט ערגעצ וויַיט צעבילט זיכ א הונט, אונ נאָכ וויַיטער האָט דעמ הונט אָפגעענטפערט א צווייטער הונט. טאָמ האָט איבערגעלעבט פיַינלעכע רעגעס. סאָפקאָלסאָפ, האָט ער זיכ איבערצייַגט, אז די ציַיט האָט זיכ פארענדיקט, אונ ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ די אייביקייַט. קעגנ זיַינ אייגענעמ ווילנ האָט ער אָנגעהויבנ דרימלענ. דער זייגער האָט געקלאפט עלפ, נאָר טאָמ האָט דאָס ניט געהערט. פלוצלינג האָט ער דערהערט פונעם שלאָפ א נאָגנדיק מיאוקענ פונ א קאצ. ערגעצ ניט וויַיט האָט א קלאפ געטאָנ א פענצטער, ס'האָט זיכ דערהערט אנ אויס־געשריי: „פארנעמ זיכ, קאצ דו, רוצכ!" אונ אינ דער וואנט פונ קאמער האָט זיכ מיט א קלינגעריַי א זעצ געטאָנ די ליידיקע פלאש. טאָמ איז אופגעשפרונגענ, האָט זיכ אינ איינ רעגע אָנגעטאָנ, איז ארויסגעקראָכנ דורכנ פענצטער אונ האָט זיכ אפ אלע

פיר געלאָזט קריכן איבערן דאך. ער האָט צוויי מאָל א מיאוקע געגעבן, דערנאָך איז ער אראָפּגעשפּרונגען אפן דאך פונעם קע־מערל, און פון דאָרט איז ער אראָפּגעשפּרונגען אפ דר׳ערד. העקלבערי האָט אפ אים געווארט מיט דער טויטער קאץ אין די הענט. ביידע יינגלעך זיינען אינגיכן פארשוואונדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. אין א האלבער שעה ארום האָבן זיי שוין גע־שפּאנט צווישן הויכן גראָז פונעם צווינטער.

דער צווינטער איז געווען אן אלטער, און געלעגן איז ער, ווי ס׳איז אמאָל געווען דער מינהעג אין מערעוו, א מייל אנ־דערהאלבן די ווייט פון שטעטל. דער צווינטער איז ארומגעצאמט געווען מיט אן אלטן הילצערנעם פּארקן, וואָס האָט זיך איינגע־בויגן ערטערווייז צום אינעווייניק, ערטערווייז צום דרויסן, נאָר אין קיין איין אָרט ניט געשטאנען גלייך. פארוואקסן איז געווען דער צווינטער מיט מיסט־גראָז, און די קוואָרים האָבן געזונקען אינעם גראָז. קיין איין מאצייווע איז ניט געווען אפן צווינטער; איבער די קוואָרים האָבן זיך ארויסגעזען אלטע, צעפוילטע ברעטער, פארקיילעכיקטע פונויבן, ברעטער צעעסענע פון ווערעם, ברעטער, וואָס בייגן זיך אראָפּצו, צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן געזוכט אן אָנשפּאר און אים ניט געקראָגן. אפ אלע ברעטער זיינען אמאָל געווען אויפשריפטן מיט נעמען פון די מייסים, נאָר די אויסיעס האָבן זיך אָפּגעריבן, און אצינד וואָלט מען זיי אפילע באטאָג ניט געקאָנט איבערלייענען.

דערווינט האָט שטיל און יאָמערדיק געקרעכצט צווישן די שפּיצן פון די ביימער. טאָמען איז באפאלן א מוירע. ס׳האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס קלאָגן זיך די נעשאָמעס פון די פאר־שטאָרבענע דערופ, וואָס מענטשן שטערן זייער רו. די יינגלעך האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, און דאָס, וואָס זיי האָבן גע־רעדט, האָבן זיי אויך גערעדט שטיל־שטיל. די צייט און דאָס

אַרט, די פֿײַערלעכקײַט און דאָס שטומעניש פֿון ארום האָט זיי געפֿלעט. זיי האָבן געפֿונען דאָס פֿרישע בערגעלע, וואָס זיי האָבן געזוכט און האָבן זיך אוועקגעשטעלט לעבן די דרײַ גרויסע ביי־מער, וואָס וואקסן א שפּאן צוויי די ווײַט פֿונעם קייווער.

אזוי זײַנען זיי געשטאנען און האָבן געוואַרט, ווי ס'האָט זיך זיי אויסגעדאכט, זייער לאנג. אינדערווײַטנס האָט געשריגן א סאָווע. דאָס זײַנען געווען די איינציקע קלאנגען, וואָס האָבן געשטערט די טויט־שטילקײַט. טאָמס געדאנקען האָבן אים אזוי דערשלאָגן, אז ער האָט דערפֿילט א נויטווענדיקייַט צו פֿאַרפֿירן א שמועס.

— איז ווי מיינסטו, העק, — האָט ער אָנגעהויבן שעפּ־טשען, — די מייסים וועלן ניט ווערן אין קאס אף אונדז דער־פֿאַר, וואָס מיר זײַנען געקומען אהער?

העקלבערי האָט געענטפֿערט מיט א שעפּטשע:

— גאָט ווייסט. אָבער שוידערלעך איז דאָ, — עמעס?

— נאָך אמינ שוידערלעך!

א לאנגע פּויזע. ביידע ייִנגלעך האָבן געטראכט וועגן איינעם און דעם זעלבן. דערנאָך האָט טאָם א שעפּטשע געטאָן:

— הער נאָר, העק, ווי מיינסטו, ווילִיאמס הערט, וואָס מיר רעדן?

— פֿאַרשטייט זיך, אז ער הערט, זײַן נעשאָמע הערט אף געוויס.

ווידער א פּויזע.

— א שאָד, וואָס כ'האָב אים אָנגערופֿן פּאָשעט ווילִיאמס, און ניט מיסטער ווילִיאמס. נאָר כ'האָב אים דאָך ניט געוואָלט באַליידיקן. אַלע האָבן אים אזוי גערופֿן.

— מ'דאַרף זײַן פֿאָרזיכטיק, אז מע רעדט וועגן פֿאַרשטאָר־בענע, טאָם.

דאָס דאָזיקע האָט אינגאַנצן אָפּגענומען בא טאָמען דעם כיי־שעק ווײַטער צו שמועסן, נאָר פּלוצלינג האָט ער א כאַפּ געטאָן דעם כאַווער בא דער האַנט.

— טסס!

— וואָס איז?

און ביידע האָבן, פּעסט צוגעטוליעט איינער צום צווייטן, געוואַרט, וואָס עס וועט טרעפן.

— טסס! אָט ווידער! דו הערסט ניט?

— איך...

— א־אהא! דו האָסט שוין אויך דערהערט אַצינד...

— גאָטעניו, טאָם, זיי גייען! ס'איז זיי. וואָס זאָלן מיר טאָן?

— כ'ווייס ניט, ווי מיינסטו, זיי וועלן אונדז דערזען?

— אָך, טאָם, זיי זעען אין דער פינצטער, אַזוי־ווי די קעץ. צוליב וואָס האָט עס מיך פאַרשלעפּט אַהער!

— האָב קיין מוירע ניט... איך רעכן, אַז זיי וועלן אונדז ניט אָנרירן. מיר טוען זיי דאָך קיין שלעכטס ניט. אויב מיר וועלן זיך פאַרטײַען, וועלן זיי אונדז עפּשער ניט באַמערקן אפילע.

— לאָמיר זיך פּרוּוון. נאָר, גאָטעניו, ווי שרעקלעך ס'איז! איך ציטער מאַמעש.

— טסס! הער!

די ייִנגלעך האָבן פאַרהאַלטן דעם אָטעם און זיך שטײַפער צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. פון צווייטן עק צווינטער האָבן זיך געלאָזט הערן ניט־הויכע קולעס.

— קוק! דו זעסט? — האָט א שעפּטשע געטאָן טאָם.

— וואָס איז עס? ס'איז גענעם־פלאַם. אָך, טאָם, ווי מוירע־דיק ס'איז!

פון דער פינצטערניש האָבן זיך אַרויסגערוקט עטלעכע נעפּל־דיקע פיגורן; פאַר די פיגורן האָט זיך געשאָקלט אַן אַלטער

בלעכענער לאמטערן, — דער לאמטערן האָט צעשאָטן אַף דער ערד אָן א שיר שייַן־פונקען...

— ס'איז אַף געוויס שיידים, — האָט פלאַטערנדיק א מורמל געטאָן העקלבערי, — און גאַנצע דרייַ! גאָטעניו, מיר זייַנען פאַר־פאַלן; דו קאָנסט זאָגן א טפילע, טאָם?

— כ'וועל א פּרווו טאָן. דו האָב קיין מוירע ניט — זיי וועלן אונדז ניט אָנרירן. פאַרן שלאָף האָב איך...

— טסס!

— וואָס איז, העק?

— ס'איז מענטשן! איינער פון זיי איז אַף געוויס א מענטש. ס'איז דער אַלטער מעף פּאָטער. כ'האָב דערקענט זייַן קאָל.

— נו?! ס'הייבט זיך ניט אָן!

— אַף מייַן וואָרט, כ'דערקען זייַן קאָל. דו פאַרטייַע זיך, אָטעם ניט. ער וועט אונדז ניט דערזען, — ער איז, דער אַלטער טערעך, געוויס שיקער, ווי שטענדיק.

— אָפּגעמאַכט, כ'וועל זיך פאַרטייַען. אָט האָבן זיי זיך אָפּ־געשטעלט. זעט אויס, זיי זוכן עפּעס. אָט גייען זיי ווידער אהער. זע נאָר, ווי זיי לויפן עס. זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך צעיאָגט! ני, אצינד, גייען זיי שוין געוויס אהער. הער נאָר, העק, איך האָב דאָס צווייטע קאָל אויך דערקאָנט: ס'איז אינדזשען דזשאָ.

— נו, פאַרשטייט זיך, דער פאַרשאָלטענער מעסיס [1])! ס'וואָלט שוין עפּשער בעסער געווען, ס'זאָל זייַן שיידים. וואָס, אשטייגער, דאַרפן זיי האָבן?

אָבער דאָ האָבן די ייִנגלעך אפילע שעפּטשען אויפגעהערט: אַלע דרייַ פיגורן זייַנען געקומען צום קייווער און האָבן זיך

1) מעסיסן — מענטשן, וואָס קומען ארויס פון געמישטע כאַסענעס צווישן אייראָפּייער און אינדיאַנער, אייראָפּייער און נעגערן א. ד. גל.

אָפּגעשטעלט ניט ווײַט פֿון יענעם אָרט, וווּ ס'האָבן זיך פֿאַרבאַ־האַלטן אונדזערע העלדן.

— אָט־דאָ, — האָט געזאָגט דאָס דריטע קאָל, און דער מענטש, וועמען דאָס קאָל האָט געהערט, האָט אויפֿגעהויבן דעם לאַמטערן אַזוי, אַז די שײַן איז געפֿאַלן אויף זײַן פּנים; די ייִנגלעך האָבן דערקענט דעם יונגן דאָקטער ראָבינזאָן.

פּאָטער און אינדזשען דזשאָ האָבן געשלעפּט אַ טראָג־בעטל. צום בעטל איז צוגעבונדן געווען אַ שטריק, אויפֿן בעטל זײַנען געלעגן צוויי זאַסטופּער. די צוויי פֿאַרשוינען האָבן אַוועקגעלייגט אויף דר'ערד זייער מאַסע און האָבן גענומען צעגראָבן דעם קייווער. דער דאָקטער האָט אַוועקגעשטעלט דעם לאַמטערן צוקאָפּנס פֿון קייווער, און אַליין האָט ער זיך צוגעזעצט אויף דר'ערד, צו־שפּאַרנדיק זיך מיט דער פּלייצע צו איינעם פֿון די ביימער. ער איז געווען אַזוי נאָענט, אַז די ייִנגלעך וואָלטן אים געקאָנט מיט דער האַנט אָנרירן!

— גיכער, גוטע־ברידער! — האָט דער דאָקטער שטיל אַ זאָג געגעבן, — יעדער רגע קען אויפֿגיין די לעוואָנע.

די גוטע־ברידער האָבן אָפּגעענטפֿערט מיט עפּעס אַ מורמל און האָבן ווײַטער געגראָבן. אַ צײַט האָט זיך גאָרניט געלאָזט הערן, אַחוץ דער סקריפּעניש פֿון די זאַסטופּער, וואָס שלײַדערן אָפּ אין אַ זײַט אַרײַן שטיקער ערד. דער דאָזיקער קלאַנג האָט מאַמעש געדריקט מיט זײַן מאָנאָטאָנישקײַט. ענדלעך, האָט זיך דערהערט אַ טעמפּער קלאַפּ אין האָלץ: דער זאַסטופּ האָט אַ קלאַפּ געגעבן אין אָרן. אין עטלעכע רגעס אַרום האָבן די גרעבערס אַרויסגעשלעפּט דעם אָרן אַרויף, אויף דער ערד. מיט די זעלבע זאַסטופּער האָבן זיי אויפֿגעהויבן דאָס דעקל, האָבן אַרויס־געשלעפּט דעם מעס און האָבן אים ברוטאַל אַ וואָרף געגעבן אויף דער ערד. אין אָט דער רגע איז די לעוואָנע אַרויסגעשוואומען

פון הינטער די וואָלקנס און האָט באַלויכטן דאָס בלויע, שוידער־לעכע פּאָנעם פונעם מעס.

מע האָט ארופגעלייגט דעם מעס אפ דעם צוגעגרייטן טראָג־בעטל, מע האָט אים איינגעדעקט מיט א קאָלדרע און צוגעבונדן מיטן שטריק. פּאָטער האָט ארויסגענומען א גרויס מעסער, האָט אָפּגעשניטן א שטיק שטריק, וואָס האָט זיך נאָכגעבאָמבלט, און האָט א זאָג געטאָן:

— נו, פּארטיק אונדזער פּארשאָלטענע ארבעט. אצינד דער־לאנגט נאָך פינף גילדן, אניט וועלן מיר אים דאָ טאקע אזוי איבערלאָזן.

— קלוגע דיבורים איז זייער אנגענעם צו הערן, — האָט אונטערגעהאלטן אינדזשענ דזשאָ.

— זייט מויכל! וואָס באַטייַט עס? — האָט אָפּגעענטפערט דער דאָקטער, — איר האָט דאָך געפאָדערט דאָס געלט פאָרויס, און איך האָב אייַך באצאָלט.

— יאָ, און נאָך עפּעס האָט איר געטאָן, — האָט געזאָגט אינ־דזשענ דזשאָ, צוגייענדיק צום דאָקטער, וואָס האָט זיך אופגע־הויבן פון דער ערד, — מיט א פינף יאָר צוריק האָט איר מיך ארויסגעטריבן פון אייַער פאָטערס קיך, ווּהין כ'בין ארייַנגעגאַנ־גען בעטן, מ'זאָל מיר געבן עפּעס עסן; איר האָט געזאָגט, אז איך בין געקומען אהין מיט א שלעכטן מיין; און אז כ'האָב זיך געשוווירן באצאָלן אייַך דערפאר, מעג ביז דעם געדויערן אפילע הונדערט יאָר, — האָט אייַער פאָטער מיך ארייַנגעזעצט אין טורמע, ווי אַן אויסוווּרף. איר האָט געמיינט, אז כ'האָב עס פארגעסן? ניט אומ־זיסט פליסט אין מייַנע אָדערן אינדיאַניש בלוט. איצט זייַט איר בא מיר אין די הענט, און מיר וועלן זיך מיט אייַך צערעכענען, זייַט וויסן!

ער האָט געדראָט דעם דאָקטער, צושטעלנדיק א פויסט צו

זייַנ פּאָנעם. דער דאָקטער האָט פּלוצלינג א שטרעק אויס געטאָנ די האנט, האָט זי צעפּאָכעט און מיט איינ זעצ האָט ער אוועקגעוואלגערט דעם מעטיס אפּ דער ערד. פּאָטער האָט א דערשטוינטער ארויסגעלאָזט דאָס מעסער און האָט אויסגעשריגנ:

— היי, איר! וואָס איז עס פאר א מינ? איכ וועל ניט דערלאָזנ, מ'זאָל שלאָגנ מייַנ כאווער.

און ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אַנ דאָקטער. אינ א רעגע ארום האָבנ זיי, צונויפגעקייַקלטע, פּארדרייטע, געראנגלט זיכ, אָנשטרענגענדיק אלע קויכעס, טאָפּטשענדיק דאָס גראָז און אופרייַסנדיק מיט די אָפּצאסנ דיווייכע ערד. אינדזשענ דזשאָ איז אופגעשפּרונגענ; זייַנע אויגנ האָבנ געפלאקערט פונ סינע. ער האָט אופגעהויבנ דאָס מעסער, וואָס פּאָטער האָט געהאט ארויסגעלאָזט פונ די הענט, און, גאנווענענדיק זיכ אזויווי א קאצ, אינגאנצנ אויסגעבויגנ זיכ, האָט ער זיכ געדרייט ארום די, וואָס ראנגלענ זיכ,ווארטנדיק אפּ א פּאסיקער מינוט. פּלוצלינג האָט דער דאָקטער באפרייַט זיכ פונ זייַנ סוינעס אָרעמס, האָט א כאפּ געטאָנ א שווערע ברעט פונ וויליאמס קייווער און האָט מיט איר איבערגעקערט פּאָטערנ אפּ דער ערד; אינ דעם זעלבנ אויגנבליק איז דער מעטיס צוגעשפּרונגענ און האָט ארייַנגעשטעקט דאָס מעסער טיפ, טיפ, ביזנ סאמע הענטל אינ דער ברוסט פונעם יונגנ דאָקטער. דער דאָקטער האָט זיכ א וואקל געטאָנ און איז אומגעפאלנ אפּ פּאָטערנ, פּארגיסנדיק אים מיט זייַנ בלוט. אינ אָט דער רעגע האָבנ אָנגעפלויגענע וואָלקנס פארשטעלט פאר אונדזערע צוויי אומגערנדיקע צושויער דאָס שוידערלעכע בילד.ביידע יינגלעכ האָבנ זיכ געלאָזט פייַל־פונ־בויגנ אנטלויפנ.

אז די לעוואָנע איז ווידער ארויסגעשווומענ פונ אונטער די וואָלקנס, איז אינדזשענ דזשאָ געשטאנענ איבער די צוויי פיגורנ, וואָס זייַנענ געלעגנ אויסגעשפּרייט אפּ דער ערד. דער דאָקטער

האָט אַרויסגעמורמלט עפּעס ניט קלאָרס, האָט צוויי מאָל אַ קרעכץ געטאָן און איז שטיל געבליבן.

— נו, ווייסט דיך דער רוּח! — האָט אַ זאָג געגעבן דער מע־טיס. — אַצינד זײַנען מיר קוויט!

און ער האָט אַרויסגענומען פונעם דאָקטערס אָנטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געפונען פאַר ווערטפול, האָט אַרײַנגעלייגט דאָס מעסער אין פּאָטערס צעעפנטער רעכטער האַנט און האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן איבערגעקערטן אָרן. ס׳זײַנען פאַרבײַ דרײַ־פיר־פינף רגעס... פּאָטער האָט זיך אַ ריר געטאָן און האָט אָנ־געהויבן קרעכצן. ער האָט צונויפגעדריקט אין דער האַנט דאָס מעסער, האָט עס צוגעטראָגן צום פּנים, האָט אַ ציטער געטאָן און האָט עס אַרויסגעלאָזט, דאָס מעסער. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן און האָט זיך אוועקגעזעצט, אָפּשטויסנדיק פון זיך דעם דאָקטערס טויטן קערפּער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן טויטן קערפּער, דערנאָך האָט ער זיך מיט אַ פאַרגעפּלטן בליק אַרומ־געקוקט און האָט זיך געטראָפן מיטן מעטיס בליק.

— גאָט מײַנער, וואָס איז עס? וויאַזוי האָט עס געטראָפן, דזשאָ?

— ס׳איז אַ מיעסע מעשׂה, — האָט געענטפערט דער מעטיס, ניט געבנדיק זיך קיין ריר פון אָרט. — קענן וואָס האָסטו עס אים אַזוי אָפּגעטאָן?

— איך?! כ׳האָב אַפילו ניט בעדייע געהאַט!

— נו, נו, דערציייל מײַסעס! דערמיט וועסטו ניט בעסער מאַכן!

פּאָטער איז בלייך געוואָרן, ער האָט געציטערט.

— איך האָב גערעכנט, אַז די שיקרעס איז שוין פאַרבײַ, אָפּדערנאַכט האָב איך דאָך גאָרניט ניט געטרונקען. נאָר ס׳רוישט מיר נאָך אויך אַצינד אין קאָפּ, אַפילו ערגער, ווי ווען מיר זײַ־

נען געגאנגען אהער... אלץ האָט זיך עפּעס פאַרפּלאָנטערט; איך קאָן גאָרניט דערמאַנען זיך. זאָג מיר, דזשאָ, — דעם עמעס זאָג מיר, גוטער־ברודער, דאָס האָב איך עס אים אוועקגעלייגט? איך האָב אים דאָך ניט געוואָלט דערהאַרגענען, ס׳איז בא מיר אפילע אזא געדאנק ניט געווען, איך שווער דיר בא מײַן נעשאָמע, דזשאָ, זאָג מיר, ווי׳אזוי האָט עס געטראָפן? אוי, ס׳אַרא שווי־דער! — ער איז געווען א יונגער, פייַקער...

— ווי׳אזוי האָט עס געטראָפן? גאַנץ פּאָשעט. איר האָט גענומען זיך שלאָגן; ער האָט דיר א זעץ געגעבן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ; דו האָסט זיך אוועקגעוואַלגערט; און דער־נאָך ביסטו אופגעשטאַנען, שאָקלענדיק זיך און פאַרטשעפּענדיק זיך, האָסט אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסער און האָסט עס אים אַרײַנ־געשטעקט אין דער ברוסט אַרײַן פּונקט אין דער רעגע, ווען ער האָט זיך ווידער א כאַפּ געטאָן. נו, און דערנאָך ביסטו אומגע־פאַלן און ביסט שוין אזוי געלעגן ביז איצטער, ווי א שטיק האָלץ.

— אָך! איך האָב אליין ניט געוווּסט, וואָס איך טו. זאָל מיך אָט דאָ א דונער טרעפן, אויב ס׳ניט אזוי! ס׳איז אלץ איבער דעם בראָנפן, כ׳בין שיקער געווען, — נו, און אופגעבראַכט בין איך אף אים געוואָרן — איבער דיר... איך ווייס דאָך אפילע ניט, ווי׳אזוי מע דאַרף זיך באַגיין מיט געווער. שלאָגן זיך פלעג אויסקומען, דאָס איז עמעס, אָבער אָן געווער, מיט די פויסטן. דאָס ווייסן אלע. דזשאָ, ליבינקער, זײַ א גוטער פרײַנט, גיב מיך ניט אויס! זאָג מיר צו, אז דו וועסט מיך ניט אויסגעבן, דזשאָ! איך האָב דיך שטענדיק ליב געהאַט און האָב זיך שטענ־דיק אָנגענומען פאַר דיר. דו ווייסט עס דאָך אליין... דו וועסט קיינעם ניט דערציילן, דזשאָ?

און ער איז אומגעפאַלן אף די קני פאַרן מערדער, אויס־שטרעקנדיק צו אים די הענט מיט געבעט.

— ניין, מעפּ פּאָטער, דו פּלעגסט זיך שטענדיק באַגיין מיט מיר אָרנטלעך און וויל, און כ'וועל דיר מיט ווילס באַצאָלן. זייַ רויִק, אַפּ מייַנ וואָרט, מעגסט זיך פאַרלאָזן. מע דאַרפ מער ניט ריידן דערפון.

— אָ, דזשאָ, ביסט גוט, ווי אַ מאַלעך! איך וועל דיך בענטשן ביז מייַנ לעצטן אָטעם. — און פּאָטער האָט זיך צעוויינט.

— נו, גענוג, הער שוינ אויפּ! ס'איז אַצינד ניט די צייַט צו יאָמערן. דו גיי אַוועק מיט יענעם וועג רירעוודיקער! און איך וועל אַוועק אָט מיט דעם וועג. נאָר גיב אַכטונג, פאַרדייַב הינטער זיך די שפּורן!

פּאָטער האָט זיך געלאָזט גיך גיין, דערנאָך האָט ער זיך צעיאָגט. דער מעטיס איז געשטאַנען און האָט אים נאָכגעקוקט, מורמלענדיק צו זיך:

— אויב ער איז טאַקע איגדערעמעסן אַזוי דול געוואָרן פון דעם דאָקטערס זעץ און פון עם אויסגעטרונקענעם ראָם, וועט ער זיך ניט דערמאַנען אינעם מעסער, און אַז ער וועט שוינ האָבן אָפּגעלאָפּן ווייַט, וועט ער מוירע האָבן אומצוקערן זיך צוריק, — אַ הינערש האַרץ בײַ אים!

אינ עטלעכע רעגעס אַרום האָט אַפּ געהאַרגעטן, אַפּן טויטן קערפּער, וואָס איז פאַרוויקלט אינ אַ קאָלדרע, אַפּן אָרט, וואָס אָן אַ דעקל, און אַפּן אָפּענעם קייוועד געקוקט בלויז די לעוואָנע. אַרום־און־אַרום האָט ווידער געהערשט אַ מוירעדיקע שטילקייַט.

## קאַפּיטל 10.

די ייִנגלעך זייַנען אינ שוידער־שרעק, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אַפּ קיינ רעגע, געלאָפּן צום שטעטל. זיי האָבן אַלע מינוט אום־רויִק אומגעקוקט זיך אַפּ צוריק, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, אַז

מע יאָגט זיי נאָכ. יעדער קלאָצ אינ וועג האָט בא זיי אויסגעזוענ, ווי א מעגטש אונ א סוינע, אונ ס׳פֿלעג זיי דעמ אָטעמ פֿארכאפּנ פֿאר מוירע. אז זיי זײַנענ דורכגעלאָפֿנ פֿארבײַ דעמ כוטערל, וואָס איז געלעגנ ניט ווײַט פֿונ אָנהייב שטעטל, האָבנ די וואכ־הינט זיכ אופגעכאפּט אונ זיכ צעבילט, — זײַנענ בא די יינגלעכ באנײַס פֿליגל אויסגעוואקסנ.

— ווענ מיר זאָלנ נאָר, איידער מיר ווערנ אָנ אלע קויכעס, דערלויפֿנ ביזנ אלטנ לעדער־זאוואָד! — האָט, קאמ אָפּעטעכענדיק, א מורמל געטאָנ טאָמ, — איכ קאָנ שוינ, דאכט זיכ, מער ניט לויפֿנ.

העקלבערי האָט ניט געענטפֿערט. ער האָט נאָר געסאפּעט אונ שווער אָפּגעאָטעמט.

די יינגלעכ האָבנ ניט אראָפּגעלאָזט די אויגנ פֿונעמ ציל פֿונ זייער יאָגנ אונ האָבנ אָנגעשטרענגט זייערע לעצטע קויכעס. ענד־לעכ, זײַנענ זיי דערלאָפֿנ, האָבנ זיכ ארײַנגעריסנ אינ דער אָפֿענער טיר פֿונ א קאמער אונ זײַנענ אנידערגעפֿאלנ, פֿארמאטערט, נאָר פֿול מיט פֿרייד, אינ דער שאָטנדיקער באהעלטעניש פֿונ דער קא־מער. ביסלעכווײַז האָט זיכ זייער פּולס בארויִקט, אונ טאָמ האָט שטיל־שטיל א זאָג געגעבנ:

— העק, ווי מיינסטו, וואָס וועט דערפֿונ ארויסקומענ?

— אויב דער דאָקטער ראָבינזאָנ וועט אוועקשטארבנ, וועט, לויט מײַנ מיינונג, ארויסקומענ א טליִע.

— מיינסט עס אפּדערעמעסנ?

— איכ ווייס עס אפֿ געוויס.

טאָמ האָט א טראכט געטאָנ, דערנאָכ האָט ער געזאָגט:

— ווער זשע וועט דערציילנ? מיר?

— וואָס זאָגסטו עס? רעדסט פֿונ היצ? דו שטעל זיכ נאָר פֿאָר, אז די געשיכטע וועט זיכ אפֿ ווענלכנ ס׳ניט איז אויפֿנ א

דריי טאָג אפּ אינדזשענ דזשאָ, אָדער ער וועט אנטלויפנ און מע וועט אים ניט אופּהעננגענ, — ער וועט דאָך אונדז דערמלט אפּ געוויס דערהארגענענ; מירנ זיך שוינ דערמלט פונעם טויט ניט אויסדרייענ.

— איך מיינ אויך אזוי, העק.

— אויב עמעצער דארפ מאסערנ, זאָל מעפ פּאָטער מאסערנ; סע וועט בא אימ קלעקנ נארישקייט דערופ. ער איז דאָך שטענ־דיק שיקער.

טאָם האָט גאָרניט ניט געזאָגט — ער האָט געטראכט; דערנאָך האָט ער א מורמל געטאָנ:

— העק, אָבער מעפ פּאָטער ווייסט דאָך ניט, — איז וויאזוי קאָנ ער מעלדנ וועגנ דעמ?

— וואָס הייסט, ער ווייסט ניט?

— פארשטייט זיך, אז ער ווייסט ניט. פונקט אינ יענער רעגע, ווענ דער דאָקטער האָט פּאָטערנ א זעצ געגעבנ איבערנ קאָפּ, האָט אינדזשענ דזשאָ אריינגעשטעקט דעמ דאָקטער דאָס מעסער אינ ברוסט אריינ. וויאזוי־זשע האָט פּאָטער געקאָנט זענ?

— יאָ, דאָס איז טאקע עמעס, טאָמ.

— און כוצדעמ, ווער ווייסט, עפּשער איז ער פונ אָט דעמ זעצ פּיטער געוואָרנ?

— ניינ, טאָמ, דאָס אפּ געוויס ניט. ער איז פּאָשעט שיקער געווענ. איך האָב עס באמערקט. ער איז דאָך שטענדיק שיקער. אז מיינ טאטע איז שיקער, מעג מענ אימ דערלאנגענ מיט א גאנצנ טורעמ איבערנ קאָפּ, וועט עס אימ גאָרניט ניט שאטנ. ער זאָגט עס אליינ. פונקט אזוי איז מיט מעפ פּאָטערנ. אָט ווענ ער זאָל זיינ ניכטער, וואָלט ער געוויס פונ אזא זעצ פּיפּטער געוואָרנ...

טאָמ האָט ווידער א טראכט געטאָנ.

— העק, דו ביסט זיכער, אז מירן זיך ניט ארויסכאפּן מיט קיין רייד?

— צי ווילן מיר, צי ווילן מיר ניט, מוזן מיר האלטן די צונג פארשפּארט. פּארשטייסט דאָך אליין... בא דעם דאָזיקן טײַוול, בא דעם דאָזיקן מעטיס — מאכט אויס דערשטיקן אונדז, פּונקט ווי ס'וואָלט בא אים אויסגעמאכט דערשטיקן א פּאָר קעצלעך; אויב מיר וועלן נאָר ארויספּלאפּלען און אים וועט מען ניט אופהענגען — זײַנען מיר פארפאלענע! הער נאָר, טאָם! אויב מיר מוזן שוין יאָ שווײַגן, איז קום לאָמיר זיך שווערן איינער דעם אנדערן, אז מירן ניט דערציילן גאָרניט.

— איך בין גרייט, העק. דאָס איז דאָס סאמע בעסטע. נו, הייב אופ די האנט...

— אָ, ניין, דאָס טויג ניט! דאָס וואָלט געפּאסט אין געוויינלעכע זאכן, אין קליינינקײַטן, באזונדערס מיט מיידעלעך, ווײַל זיי דרייען זיך סײַ־ווי־סײַ אויס און פּלוידערן אויס, אז זיי ווערן בייז; אָבער אין אזא פאל דארף מען, אז דער אָפּמאך זאָל זײַן א געשריבענער און אומבאדינגט מיט בלוט אָנגעשריבן.

טאָם איז טייקעף אײַנגעגאנגען. דער דאָזיקער אופטו איז געווען סוידעספול און שרעקלעך; די צײַט, דער ארום, אלע אומשטענדן האָבן הארמאָנירט מיט דעם דאָזיקן אופטו, טאָם האָט אָפּגעזוכט מיט דער הילף פון דער לעוואָנע־שײַן א ריין סאָסנאָווע שפּענדעלע, האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשעניע א שטיק צוקער, האָט זיך אוועקגעזעצט אזוי, אז די שײַן איז געפאלן אפּן שפּענדעלע, און האָט מיט גרויס מי אויסגעקריצט פּאָלגנדיקע שורעס, צוקנאקנדיק בא יעדער וואָרט מיט דער צונג:

„העק פין און טאָם סאָיער שווערן זיך, אז זיי וועלן האלטן מויל וועגן אָט דעם פאל, און זאָלן זיי טייקעף אנידערפאלן טויט, אויב זיי וועלן מיט איין וואָרט זיך ארויסכאפּן".

העקלבערי איז ניספּאָעל געוואָרן דערפון, וואָס טאָם קאָן אַזוי גיך און מיט אַזאַ געהויבענעם סטיל שרײַבן. ער האָט ארויסגעשלעפּט פון לאַץ אַ שפּילקעלע און האָט שוין געוואָלט זיך אַ שטעך טאָן דערמיט אין אַ פינגער. נאָר טאָם האָט אים אָפּגעשטעלט.

— וואַרט צו, טו עס ניט! — דאָס שפּילקעלע איז אַ קופּער־נס. מעגלעך, אַז ס'איז שוין דאָ דערויף אַ זשאַווער.

ער האָט ארויסגענומען, טאָם, איינע פון זײַנע נאָדלען, יעדער איינער פון די ייִנגלעך האָט זיך אַ שטאָך געגעבן אין אַ פינגער און ארויסגעקוועטשט פון אים אַ טראָפּן בלוט. זיי האָבן עס איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל.

באַנוצנדיק דעם מינדסטן פינגער אָנשטאָט אַ פען, האָט טאָם אוועקגעשטעלט אונטן זײַנע איניציאַלן, דערנאָך האָט ער אויס־געלערנט העקלבערין, וויאַזוי אָנצושרײַבן ה.פ., און דער אָפּמאַך איז געווען אונטערגעשריבן, זיי האָבן פײַערלעך, מיט קאָלערליי צערעמאָניעס און שפּרוכן, פאַרגראָבן דאָס שפּענדל לעבן סאַמע וואַנט, גלייבנדיק, אַז פון איצט אָן זײַנען שוין זייערע צינגער פאַרפּענטעט אויף אייביק.

דורך דער הויל אָפן צווייטן עק פון דער האַלב־כאָרע־ווער געבײַדע האָט זיך דורכגעגאַנוועט אַ מענטשישע פיגור, נאָר די ייִנגלעך האָבן זי ניט באַמערקט.

— טאָם, — האָט שטיל געזאָגט העקלבערי, — דו ביסט זיכער, אַז נאָך אָט דעם וועלן מיר שוין קיינמאָל ניט אויספּלאַפּלען?

— פאַרשטייט זיך, אַז כ'בין זיכער. וואָס ס'זאָל ניט טרעפן — אַצינד שטומען מיר. מיר וועלן דאָך טייקעף פאַלן געהאַרגעטע, אויב מירן אַ וואָרט דערציילן. האָסט דען פאַרגעסן?

— יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, אָבער...

זיי האָבן ווײַטער שטיל־שטיל געדעדט צווישן זיך. פּלוצלינג

האָט ניט ווײַט פון זיי, סאַכאַקל א שפּאַנ צענ די ווײַט, זיך דער־הערט א נאָגנדיק־אומעטיקער, צעצויגענער הינטישער געביל.

די ייִנגלעך האָבנ זיך, דערשראָקענע, צוגעטוליעט איינער צום צווייטנ.

— אפ וועמענ פונ אונדז בילט ער עס, דער הונט? — האָט, קאַם כאַפּנדיק דעם אָטעם, א שעפּטשע געטאָנ העקלבערי.

— איך ווייס ניט, — גיב א קוק דורכנ לעכל! גיכער!

— ניינ, דו גיב א קוק!

— איך קאָנ ניט, איך קאָנ ניט, העק.

— זײַ אזוי גוט, טאָם... אָט בילט ער נאָכאַמאָל...

— אָ! גאָטעניו, ווי ס׳פרייט מיך! — האָט טאָם א שעפּטשע געטאָנ, — איך דערקאָנ דעם געביל: ס׳איז הארביזאָנס הונט.

— נו, דאַנקענ גאָט! ווייסט, איך האָב זיך דערשראָקנ אפ טויט, — איך האָב געמיינט, אז ס׳איז א וואָגלענדיקער הונט.

אינ אָט דער רעגע האָט דער הונט זיך ווידער צעבילט. בא די ייִנגלעך איז ווידער דאָס הארצ שיר ניט פארשטארט געוואָרנ.

— אך, ניינ! ס׳איז ניט הארביזאָנס הונט, — האָט א שעפּטשע געטאָנ העקלבערי, — גיב א קוק, טאָם!

טאָם האָט, ציטערנדיק פונ פּאַכעד, געפאָלגט אונ האָט צוגע־לייגט די אויגנ צום לעכל, — ער האָט שטיל־שטיל ארויסגערעדט:

— אָך, העק, ס׳איז א וואָגלענדיקער הונט!

— גיב א קוק, גיב א קוק, טאָם, אפ וועמענ בילט ער.

— מיסטאַמ אפ אונדז ביידע. מיר שטייענ דאָך איינער לעבנ אנדערנ, גאָר נאָענט איינער פונ אנדערנ.

— אָך, טאָם, מיר זײַנענ פארפאלנ! איך ווייס שוינ אפ גע־וויס, כ׳וועל ארײַנפאלנ אינ גענעמ. איך בינ אזא זינדיקער...

— אונ איך שפּיל זיך שטענדיק אָנשטאָט צו לערנענ זיך. איך טו שטענדיק אלצ, וואָס מע פארווערט מיר טאָנ... איך וואָלט

געקענט זײַן א װוילער, א פּאָלגנדיקער, אזױװי סיד, װען איך װאָלט נאָר געװאָלט, נאָר מיר האָט זיך, פארשטײט זיך, ניט געװאָלט... נו, אויב איך װעל זיך נאָר דאָס מאָל ארויסדראפּען, װעל איך שוין גוט, גוט כאזערן אין דער זונטיק־שול!

טאָם האָט שטיל געכליפּעט.

— דו ביסט א זינדיקער? — און העקלבערי האָט אויך גענומען כליפּען: — װאָס פאר א זינדיקער ביסטו? דו ביסט דאָך מאַמעש א מאלעך אין פארגלײַך מיט מיר. אָך, גאָטעניו, גאָטעניו, װען איך זאָל כאָטש אפ דער האלב זײַן, אזױװי דו!

טאָם האָט אײַנגעשלונגען די טרערן און האָט א שעפּטשע געטאָן:

— קוק, העק, זע! ער שטײט צו אונדז מיטן הינטן!

העק איז א דערפרײטער צו צום לעכל.

— טאקע מיטן הינטן, אפ מײַן װאָרט... ער איז פריִער אויך אזוי געשטאנען?

— נו, יאָ. און איך, דער שױטע, האָב עס ניט באמערקט.

— אָט דאָס איז גוט. אָבער אפּ װעמען קאָן ער עס בילן?

דער הונט האָט אופגעהערט צו בילן. טאָם האָט זיך אײַנגעהאָרכט.

— טסס! װאָס איז עס?

— װי ס׳װאָלטן... װי ס׳װאָלטן כאזײרים געכריוקעט. נײן, דאָס כראָפּעט עס עמעצער, טאָם.

— כראָ־פּעט? איז װוּ כראָפּעט ער עס, העק?

— װײַזט אויס, אין יענעם עק קאמער. דאָס כראָפּעניש גײט, דאכט זיך, פונדאָרטן. מײַן טאטע פלעג דאָ אמאָל נעכטיקן אינײנים מיט די כאזײרים. נאָר ער, אז ער צעכראָפּעט זיך, איז — האלט זיך, ער װעט דיך מיט זײַן כראָפּעניש פון די פיס אװעקװאלגערן. און אכוצדעם, כ׳מײן, ער װעט זיך שוין קײנמאָל ניט אומקערן צו אונדז אין שטאָט.

דער גײַסט פֿון אונטערנעמערישקײַט האָט ווידער פֿאַרכאַפּט די ייִנגלעך.

— העק, דו וועסט גיין אהין, אויב כ׳וועל דיך פֿירן?

— כ׳האָב קיין כײַשעק ניט צו גיין, טאַם. און טאָמער טרעפֿן מיר דאָרט פֿלוצלינג אינדזשען דזשאָען?

טאָם האָט זיך געוואַקלט. אָבער דער כײַשעק איז צו גרויס געווען. ביידע ייִנגלעך האָבן באַשלאָסן גיין אַ קוק טאָן, — זיי האָבן אָפּגערעדט טײַקעפּ פֿאַרקערעווען צוריק, ווי נאָר דאָס כראָפּעניש וועט אויפֿהערן, זיי האָבן אויף די שפּיץ פֿינגער, איינער נאָכן אַנדערן, גענומען אונטערגאַנווענען זיך צום שלאָפֿנדיקן. ווען זיי איז שוין געבליבן בלויז עטלעכע שפּאַן, האָט טאָם אַרופֿגעטראָטן אויף אַ שטעקן; דער שטעקן האָט זיך צעבראָכן און האָט אַ קנאַק געטאָן. דער שלאָפֿנדיקער האָט גענומען קרעכצן, האָט זיך אויסגעדרייט אויף דער צווייטער זײַט, און די לעוואָנע־שײַן איז געפֿאַלן אויף זײַן פּאָנעם. געווען איז עס פּאָטער. דאָס בלוט איז בײַ די ייִנגלעך פֿאַרשטאַרט געוואָרן. זיי זײַנען פֿאַרגליווערט געוואָרן אויף זייערע ערטער, ווען דער שלאָפֿנדיקער האָט זיך אַ דריי געטאָן; נאָר דערנאָך איז די מוירע אוועק פֿון זיי. זיי האָבן זיך אויף די שפּיץ פֿינגער דערשלעפּט ביז דער לאָב אין וואַנט, זײַנען אַרויסגעקראָכן און האָבן זיך גענומען געזעגענען. דאָ האָט זיך באַנײַס דערהערט אַ שרעקלעכער, קוויטשיקער געביל. זיי האָבן ביידע מיטאַמאָל זיך אומגעקוקט און האָבן דערזען אַ פֿרעמדן הונט, וואָס שטייט אַ צוויי שפּאַן די ווײַט פֿון יענעם אָרט, וווּ ס׳ליגט פּאָטער — דער הונט שטייט מיטן פּיסק צו פּאָטערן און מיט אַן אויפֿגעהויבענער נאָז אַרויף.

— דאָס האָט דער הונט אויף אים געבילט? — האָבן ביידע ייִנגלעך מיטאַמאָל אַרויסגערעדט.

— ווייסט וואָס? מע זאָגט, אַז לעבן דזשאָני מילערס הויז

האָט געבילט א פארבלאָנדזשעטער הונט פונקט צוועלף אזייגער באנאכט, — שוין א וואָכן צוויי דערין, — און אויך דער „ציגנ־מעלקער״ האָט בא אים אין וואנט געזונגען דעם זעלבן אפדער־נאכט, נאָר ביז היינטיקן טאָג איז נאָך קיינער, דאנקען גאָט, ניט געשטאָרבן אין דעם הויז.

— איך ווייס, נו, — נאָר וואָס איז דערפון געדרונגען? איז דען גרעסי מילער אין דעם גאָענטסטן שאבעס נאָכדעם ניט ארײַנ־געפאלן אין אייוועלע ארײַן און זיך אָפּגעבריט?

— יאָ, נאָר זי איז דאָך ניט געשטאָרבן, זי וועט דאָך שוין געזונט אפילע.

— גוט, גוט, ווארט צו, וועסטו זען, וואָס ס׳וועט זײַן. געז־זונט וועט זי שוין ניט ווערן. זי איז א פארפאלענע, פונקט ווי ס׳איז א פארפאלענער מעפ פאָטער. די נעגערן זאָגן, אז אזוי איז עס, זיי ווייסן עס גוט, העק.

דערמיט האָבן זיך די יינגלעך צעשיידט.

אז טאָם איז ארײַנגעקראָכן דורכן פענצטער צוריק אין שלאָפ־צימער, איז די נאכט שוין קימאט געווען פארבײַגעגאנגען. ער האָט זיך שטיל־שטיל אויסגעטאָן, פרייענדיק זיך, וואָס קיינער האָט זיך ניט דערוווסט וועגן זײַן נאכט־רײַזע. ער האָט ניט באמערקט, אז סיד, וואָס האָט שטיל געכראָפּעט, איז אינדערעמעסן ניט גע־שלאָפן — סיד האָט זיך שוין צוריק מיט א שאָ אופגעכאפּט.

אז טאָם האָט געעפנט די אויגן, איז סיד שוין לאנג געווען אוועקגעגאנגען. לויט דער טאָג־שײַן און לויט אלץ אין צימער איז צו דערקענען געווען, אז ס׳איז שוין זייער שפּעט. טאָם איז דערשטוינט געוואָרן. פארוואָס האָט מען אים ניט אופגעוועקט, פארוואָס האָט מען אים ניט געצוווּנגען אופשטיין, ווי ס׳טרעפט שטענדיק? ס׳איז אים באפאלן א שוידער. ער האָט געהאט א ביין פאָרגעפיל. אין פינף רעגעס האָט ער זיך אָנגעטאָן און איז אראָפּ־

געגאנגענע אראָפּ, כאָטש געפילט האָט ער זיך ניט געזונט און ס'האָט אים געצויגט צום שלאָף. דאָס גאנצע הויזגעזינד איז פארזאמלט געווען ארום טיש, נאָר דעם פרישטיק האָט מען שוין געענדיקט. קיינער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט טאָמען, קיינער האָט אים מיט קיין שלעכט וואָרט ניט אָנגערירט. בלויז אין דער מור־מעס אויגן האָט ער פארשטאנען, אז זי ווייסט. אלע האָבן גע־שוויגן און אלע האָבן געהאט אזא פּײַערלעכן אויסזען, אז באַם שולדיקן איז א שוידער דורך איבערן לײַב פאר מוירע. ער האָט זיך אנידערגעזעצט און האָט זיך געמיט זײַן פריילעך. אומזיסט האָט ער זיך געמיט! קיינער האָט זיך אפילע מיט קיין שמייכל ניט אָפּגערופן אף זײַנע שפּאסן. ער איז אויך אנשוויגן געוואָרן, פילנדיק, אז סע שוידערט אים דורך און דורך.

נאָכן פרישטיק האָט די מומע אים אוועקגעפירט אין א זײַט ארײַן, און טאָם איז קימאט פריילעך געוואָרן, האָפנדיק, אז די געשיכטע וועט זיך ענדיקן בלויז מיט שמיץ; נאָר ארויסגעקומען איז ניט אזוי. די מומע האָט זיך צעוויינט, פרעגנדיק, ווי האָט אים געקלעקט מוט אף אזוי צו צעברעכן איר אלט הארץ. זי האָט געזאָגט, אז אצינד מעג ער טאָן, וואָס נאָר ס'פארגלוסט זיך אים. ער מעג זיך אומברענגען, אָנטאָן ביזוינעס איר עלטער, פאר־יאָגן זי אין קייווער ארײַן — אלציינס, מאכן אים פאר א לײַט איז אומעגלעך; זי וועט שוין אפילע ניט פרוון עס טאָן.

דאָס איז געווען ערגער פון שמיץ, און טאָמען האָט דאָס הארץ וויי געטאָן נאָך מער, ווי דאָס לײַב. ער האָט זיך אליין אויך צעוויינט, האָט געבעטן פארגעבונג, איר צוגעזאָגט ווערן א לײַט. ענדלעך, האָט מען אים אָפּגעלאָזט. נאָר געפילט האָט ער, אז דער מומעס פארגעבונג איז ניט פון פולן הארצן, און אז דער צוטרוי צו אים איז זייער שוואך. ער איז ארויסגעגאנגען פון שטוב אזא אומגליקלעכער, אז ער האָט אפילע גיט געוואָלט נעקאָמע

נעמען אין סידן, וואָס האָט אים אויסגעגעבן, — סיד האָט זיך אומזיסט און אומנישט געיַילט מאכן די פּלייטע דורך דער הינטערשטער טיר.

געקומען איז טאָם אין שול א פינצטערער, א מאָרעשכוירע־דיקער. ער האָט באקומען צוזאמען מיט דושאָ גארפערן די שטראָף פאר נעכטיקער שפּיל, האָט אָנגענומען די שטראָף מיטן אויסזען פון א מענטשן, וואָס איז דערשלאָגן פון אן אומגליק, און דעריבער איז ער ניט פילבאר צו קלייניקייטן. אז ער האָט זיך אומגעקערט אפ זיַין אָרט, האָט ער ארופגעלייגט די הענט אפ דער פּארטע דעם קאָפּ ארופגעלייגט אפ די הענט און, פארביסן די דלאָניע, האָט ער זיך פארקוקט אפ דער וואנט: זיַין בליק איז פול געווען מיט לייד, וואָס האָט דערגרייכט ביז איר עקסטן גרענעץ און קאָן שוין וויַיטער אינערגעץ ניט גיין. זיַין עלנבויגן האָט זיך אָנגעשפּארט אין עפּעס א הארטער זאך, ער האָט געפילט, אז ס'טוט אים ווי דער פוס. נאָר ערשט העט־שפּעטער האָט ער אומעטיק געביטן די לאגע פון די הענט, האָט א זיפץ געטאָן און גענומען די זאך אין האנט. די זאך איז פארוויקלט געווען אין א פּאפּירל. טאָם האָט עס צעוויקלט. א טיפער, לאנגער, גוואלדיקער קרעכץ האָט זיך פון זיַין ברוסט ארויסגעריסן. זיַין הארץ איז צעשמעטערט געוואָרן. געווען איז עס דאָס קופערנע קיַיקעלע, וואָס ער האָט אוועקגעשענקט בעקין.

קאפיטל 11.

ארום מיטאָג האָט זיך איבערן גאנצן שטעטל פּלוצלינג פארשפּרייט דאָס שרעקלעכע ניַיס. וועגן טעלעגראפ האָט מען אין יענע ציַיטן אפילע ניט געטרוימט, נאָר ער איז איבעריק געווען, דער טעלעגראף, — דאָס ניַיס איז סיַיווי געגאנגען פון מויל צו מויל, פון שכיינים צו שכיינים, פון הויז צו הויז מיט טעלעגראפישער

שנעלקייט. פארשטייט זיך, אז די שול האָט מסנ אינ דעם טאָג פאנאנדערגעלאָזט: די גאנצע שטאָט וואָלט עס געהאלטנ פאר א מעשונעדיקנ אופטו, ווענ דער לערער וואָלט זיך ניט אָנגעשטויסנ ווענג דעם. לעבנ דעם דערהארגעטנ האָט מענ געפונענ א פאר־בלוטיקט מעסער, און, ווי מ׳האָט דערציילט, דערקאָנט האָט מענ, אז דאָס מעסער געהער מעפּ פּאָטערנ. מ׳האָט גערעדט אויך, אז באנאכט, ארום אזייגער צוויי, האָט איינער אנ אייַנוווינער, אומ־קערנדיק זיך שפעט אהיימ, געטראָפנ פאָטערנ, וואשנדיק זיך בא דער ריטשקע, — אז פאָטער האָט דעם אייַנוווינער דערזענ, איז ער טייקעפ אנטלאָפנ. דאָס אלצ איז כאָשעדיק געווענ, באזונ־דערס — דאָס וואשנ זיך: בא פאָטערנ איז וואשנ זיך געווענ גאָר א זעלטענע זאכ. גערעדט האָט מענ אויך, אז די פאָליציי האָט ארומגעגנישטערט די גאנצע שטאָט, זוכנדיק דעם מערדער (דער אוילעם געפינט שטענדיק זייער שנעל באווייַזנ און טראָגט שטענ־דיק זייער שנעל ארויס אורטיילנ), נאָר אינערגעצ האָט מענ דעם מערדער ניט געקאָנט געפינענ. געשמועסט האָט מענ אויך, אז אינ אלע ריכטונגענ האָט מענ געשיקט רייַטער, און דער שעריפ איז זיכער, אז ביז אפדערנאכט נאָכ וועט מענ דעם מערדער פאקנ...

די גאנצע שטאָט האָט באזוכט דעם צווינטער. טאָמ האָט פאר־געסנ אינ זייַנ צעשמעטערט הארצ און איז איניינעמ מיט אלע־מענ אהינ געקומענ — ניט דערפאר, וואָס ס׳האָט זיך אימ געוואָלט: ער וואָלט בעסער א באלנ געווענ געפינענ זיך א טויזנט מייַל די ווייַט פונדאָרטנ, — נאָר ס׳האָט אימ געצויגנ אהינ עפעס א גוואל־דיקער, געהיימער קויעכ. געקומענ אפנ צווינטער, האָט ער זיך דורכגעשטופט סאמע פאָרנט און האָט ווידעראמאָל דערזענ דאָס שוידערלעכע בילד. ס׳האָט זיך אימ געדאכט, אז פונזינט ער איז דאָ געווענ — איז שוינ דורכ אנ אייביקייט. עמעצער האָט אימ א קניפּ געטאָנ אינ דער האנט. ער האָט זיך אומגעקוקט: לעבנ אימ

איז געשטאנענע העקלבערי. זיי האָבן א קוק געטאָן איינער דעם אנדערן אין די אויגן און דערנאָך אומגעקוקט זיך, צי קיינער האָט גאָרניט ניט באמערקט אין זייערע בליקן, — דער גאנצער אויסעם איז פארנומען געווען מיטן שוידערלעכן בילד.

— ס'ארא אומגליקלעכער יונג דער דאָקטער ראָבינזאָן! אָט קאָנען פון אים א מוסער אראָפּנעמען אלע רויבער פון טויטע קערפּערס! און פּאָטערג וועט מען דאָך אופהענגען, אויב מ'וועט אים פאקן. ער וועט זיך ניט אויסדרייען פון דער טליָע, — דאָס איז אלעמענס מיינונג געווען. און דער גאלעך האָט דערויף געזאָגט:

— „ס'איז גאָטס שטראָף".

טאָמען האָט פלוצלינג אָנגעהויבן ציטערן. ער האָט ניט ווײַט פון זיך דערזען אינדזשענס דזשאָס פינצטערן פּאָנעם. אין דעם זעלבן אויגנבליק האָט זיך דער האמוין א רוק געגעבן אף צוריק, קוועטשנדיק איינער דעם אנדערן. ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען:

— ס'איז ער, ער! ער גייט אליין!

— ווער? ווער? — האָבן צוואנציק קולעס מיטאמאָל געפרעגט.

— מעף פּאָטער!

— זעט נאָר, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָט פארקערעוועט ער. האלט אים, אניט וועט ער אנטלויפן!

עמעצער, וואָס איז געזעסן אף א בוים איבער טאָמס קאָפּ, האָט דערקלערט, אז ער רעכנט אפילע ניט אנטלויפן, מעף פּאָטער, — ער איז נאָר צעטומלט, ער ווייס ניט, וואָס זאָל ער טאָן.

— ס'ארא פרעכע אומפארשעמטקייט! — האָט געזאָגט א צווייטער. — ער איז געקומען אָנקוועלן דערפון, וואָס זײַנע הענט האָבן אָפּגעטאָן, און ער האָט זיך ניט גערעכנט טרעפן דאָ אן אויסעם.

דער האמוין האָט געמאכט א ווארע, און צום קייווער איז פײַערלעך צוגעגאן דער שעריף, פירנדיק בא א האנט פּאָטערן.

דער אומגליקלעכער פּאָטער איז אינגאנצן צעמישט געוואָרן, און אין די אויגן זײַנע האָט געפלאַטערט מעשוגענע מוירע. אז ער האָט דערזען דעם דערהארגעטן, האָט זײַן גאנצער קערפּער זיך גע־נומען טרייסלען. ער האָט פארשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט און האָט זיך צעיאָמערט.

— איך האָב אים, פרײַנט מײַנע, ניט געהארגעט, — האָט ער גערעדט יאָמערנדיק, — אַפּ מײַן ערן וואָרט, ניט געהארגעט.

— ווער באַשולדיקט דיך דען? — האָט זיך צעדונערט עמעצנס קאָל.

פּאָטער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און האָט זיך האָפּנונגלאָז ארומגעקוקט. ער האָט דערזען אינדזשען דזשאָען און האָט אויס־געשריגן:

— אָ, דזשאָ, דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אז דו וועסט קיינ־מאָל...

— דאָס איז אײַער מעסער? — האָט אים איבערגעשלאָגן דער שעריף און האָט אים צום סאמע פּאָנעם צוגעטראָגן דאָס מעסער.

פּאָטער וואָלט אומגעפאלן, ווען מע וואָלט אים ניט אונטער־געהאלטן און פּאמעלעך אראָפּגעלאָזט אים אַפּ דער ערד. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— עפּעס האָט מיר דאָס הארץ געזאָגט, אז אויב כ׳וועל ניט גיין אהין און וועל ניט געפינען...

ער האָט א פלאטער געטאָן און האָט האָפּנונגלאָז א פּאָכע גע־טאָן מיט דער האנט.

— זאָג זיי, דזשאָ, — וואָס שווײַגסטו?

העקלבערי און טאָם זײַנען געפּלעפט געוואָרן פון שוידער. זיי האָבן אויסגעסטאָרטשעט די אויגן אַפּן מערדער. אינדזשען דזשאָ האָט, אַפּ קיין רגע ניט פארהיקענדיק זיך, דערציילט אן אויסגעטראכטע רעציכע־סצענע. די יינגלעך האָבן יעדער רגע

געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט פונעם לויטערן הימל אַ פּלאַמ טאָן אַ בליץ און וועט דערשלאָגן דעם מערדער. זיי האָבן זיך געכי־דעשעט, וואָס גאָטס שטראָף פאַרזאַמט זיך אַזוי לאַנג. אַז דזשאָ איז אויך נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין דערציילונג, געבליבן שטיין געזונט און שטאַרק, איז בא די יינגלעך דער אַפּ אַ רעגע דערשינענער כיישעק צו פאַרשוועכן זייער שוווע און ראַ־טעווען דאָס לעבן דעם אומשולדיקן פּאָטערנ — איינגאַנצן פאַרביי: זעט אויס, אָט דער מערדער האָט פאַרקויפט זיין נעשאָמע דעם טייוול, — דאָרט, ווו ס'איז פאַרמישט דער טייוול, טאָר זיך דאָך קיין מענטש ניט אַריינמישן, אַניט וועט דער מענטש אומ־קומען.

עמעצער האָט געפרעגט בא פּאָטערנ:

— און פאַרוואָס ביסטו ניט אַנטלאָפן? פאַרוואָס ביסטו גע־קומען אַהער?

— איך האָב ניט געקאָנט אַנדערש, ניט געקאָנט! — האָט אַרויסגעקרעכצט פּאָטער. — איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, נאָר די פיס אַליינ האָבן מיך פאַרשלעפּט אַהער.

און ער האָט זיך ווידער צעיאָמערט.

אינדזשען דזשאָ האָט איין עטלעכע רעגעס אַרום, פונקט אַזוי רויִק, ווי פריִער, איבערגעכאַזערט זיין דערציילונג פאַר דעם אויס־פאָרשער און געגעבן אַ שוווע, אַז ער דערציילט הוילע עמעס. די יינגלעך, זעענדיק, אַז אַ דונער פון הימל האָט אים פאָרט ניט דערשלאָגן, האָבן זיך ענדגילטיק איבערגעצייגט, אַז דער מעטיס האָט פאַרקויפט זיין נעשאָמע דעם טייוול. זיי האָבן שרעקלעך מוירע געהאַט פאַר אים. נאָר אין דער זעלבער צייט איז ער אַצינד געווען פאַר זיי אינטערעסאַנטער פון אַלץ אַפּ דער וועלט, זיי האָבן ניט געקאָנט אָפּרייסן פון זיין פּאָנעם זייערע פאַרצווי־בערטע אויגן. פאַר זיך האָבן זיי באַשלאָסן נאָכצושפּירן נאָך אים

באַנאַכט, ווען ס'וועט זיך נאָר אײַנגעבן, קעדײ כאָטש אַפּ אַ ווײַ־לע דערזען זײַנע שוידערלעכע באַלעבאָס...

טאָמס מוירעדיקער סאָד און זײַנע געוויסנס־ערגערנישן האָבן אים אַ גאַנצע וואָך, אויב ניט מערער, ניט געלאָזט שלאָפן באַ־נאַכט. איינמאָל אינדערפרי, בײַם פרישטיק, האָט סיד אַ זאָג גע־געבן:

— טאָם, דו דרייסט זיך אַזוי און דו רעדסט אַזוי פון שלאָף, אַז איך קאָן בעשומויפן ניט אַנשלאָפן ווערן; איך בין אַ האַל־בע נאַכט ניט געשלאָפן.

טאָם איז בלייך געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ס'אַ שלעכטער סימען, — האָט מיט אַן ערנסטן טאָן גע־זאָגט די מומע פּאָלי, — וואָס טוט זיך עס מיט דיר, טאָם?

— גאָרניט, — אַפּ וויפל איך ווייס, גאָרניט.

דאָך האָבן זײַנע הענט אַזוי געציטערט, אַז ער האָט איבער־געקערט די גלאָז מיט קאַווע.

— און ריידן רעדסטו אַלץ עפּעס אַזעלכע נאַרישקײַטן, — האָט ווײַטער דערציילט סיד. — נעכטן באַנאַכט האָסטו גערעדט: „ס'איז בלוט, אָט וואָס ס'איז!" און האָסט עס איבערגעכאַזערט אָן אַ שיר מאָל. דערנאָך האָסטו גערעדט: „פּײַניקט מיך ניט, איך וועל אויסזאָגן". וואָס האָסטו עס אויסצוזאָגן?

אַלץ האָט פאַר טאָמס אויגן געשומען זיך דרייען און אַרומ־שווימען. שווער צו זאָגן, וואָס ס'האָט געקאָנט טרעפן, נאָר, צום גליק, איז אין אָט דער רעגע דער אומרו־אויסדרוק פאַרשוונדן פון דער מומע פּאָליס פּאָנעם, און זי איז, אַליין ניט וויסנדיק דערפון, געקומען טאָמען צו הילפּ.

— דאָס איז אַלץ איבער יענעם שרעקלעכן מאָרד. מיר אַליין כאָלעמט זיך עס קימאַט אַלע נאַכט. אָפּט זע איך אין כאָלעם, אַז דאָס האָב איך עס אים געהאַרגעט.

מערי האָט געזאָגט, אז מיט איר טרעפט אויך דאָס זעלבע, און סיד האָט זיך, זעט אויס, באַפרידיקט מיט אָט די דערקלערונגען. טאָמ האָט געפֿילט אוועקצוגיין פון זײַנע היימישע, און ער האָט זיך גאָר אינגיכן ארויסגעדרייט פון זיי.

נאָכדעם פלעג ער קימאט א וואָך צײַט, באַקלאָגנדיק זיך אפ צײַנ־ווייטעק, צונויפצײַען זיך דאָס מויל אפ באנאכט מיט א טיכל, קעדיי ניט פלאפלען פון שלאָף, — ער האָט ניט געוווּסט, אז סיד שלאָפט ניט אומיסטן באנאכט און אָפט צעציט ער דאָס טיכל, הייבט זיך אוף אפ די עלנבויגנס און הערט זיך צו צום ברודערס רייד פון שלאָף, דערנאָך מאכט ער ווידער צורעכט דאָס טיכל. טאָמס געוויסן־ערגערניש און זײַן אופגערעגטער צושטאנד האָבן זיך צוביסלעך אײַנגעשטעלט; ס'איז אים נימעס געוואָרן צו קלאָגן זיך אפ צײַנ־ווייטעק און ער האָט שוין מער ניט פארבונדן דעם קאָפּ אפ נאכט. אויב סיד האָט אפילע געמאכט וועלכע ס'ניט איז אויספירן פון די שטיקלעך ווערטער, וואָס טאָמ האָט גערעדט פון שלאָף, האָט ער זיי געהאלטן בעסאָד. טאָמען האָט זיך געדאכט, אז זײַנע כאווירים אין שול וואָלטן באדארפט אופהערן צו אינ־טערעסירן זיך מיט געפייגערטע קעץ: יעדער דערמאנונג וועגן געפייגערטע קעץ פלעג באנײַען דעם אומרו אין זײַן נעשאָמע. סיד האָט באמערקט, אז בײַס די אויספאָרשונגען וועגן דער גע־פונענער געפייגערטער קאץ פלעג איצט טאָמ קיינמאָל ניט נעמען אפ זיך די ראָליע פון אן אויספאָרשער; דאָס איז מעשונעדיק געווען. באמערקט האָט סיד אויך, אז טאָמען עקלט אצינד פון אזעלכע מינים שמועסן, און ווען ס'איז נאָר מעגלעך, דרייט ער זיך אויס פון זיי. סיד האָט זיך געכידעשט, נאָר ער האָט גע־שוויגן. אינגיכן האָבן אויך אָט די שמועסן אופגעהערט און האָבן מער ניט צערודערט טאָמס געוויסן.

אין דער דאָזיקער שווערער צײַט פלעג טאָמ יעדער פרימאָרגן,

אָדער א טאָג איבער א טאָג, פּאקן אַ פּאסיקע רעגע אַז צוצוקו־מען צום קליינינקן פּארגראמעטן פּענצטערל פון דער טורמע, ווו ס׳איז געזעסן פּארשפּארט דער „מערדער". טאָמ פּלעג ביז־נייווע בּרענגען דעם „מערדער" קאָלערליי נאשערײַען, אלץ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט קריגן. די טורמע־געבּײַדע איז געווען א קליינינקע; געבּויט איז זי געווען פון ציגל, אפּ א זומפּ, באַם סאמע עק שטעטל. קיין וואך איז לעבּן איר ניט געווען, און זעלטן ווען זי פּלעג האָבּן אײַנוווינער. די קליינע מאטאָנעס פּלעגן היפּש באַ־רויִקן טאָמס געוויסן.

די אײַנגווווינער פון שטעטל האָבּן גרויס כיישעק געהאט צו באשטראָפן דעם מעטיס אינדזשען דזשאָ פּארן באראבּעווען קוואָ־רים. זיי האָבּן געוואָלט אויסשמירן אים מיט טמאָלע, אײַנוואל־גערן אים אין פּעדערן און אין אזא אויסזען ארויסטרײַבּן אים פון שטאָט. נאָר אלע האָבּן אזוי מוירע געהאט פאר אים, אז ס׳האָט זיך ניט געפונען קיין איין מענטש, וואָס זאָל זיך נעמען דערצו. דעריבּער איז עס צונישט געוואָרן. בּיים דער אויספּאָר־שונג האָט דער מעטיס בּיידע מאָל אָנגעהויבּן זײַן דערציילונג גלײַך פונעם געשלעג, ניט דערמאָנענדיק וועגן דער פארשוועכונג פון קייווער און וועגן דעם אוהעקרויבּן דעם מעס; דעריבּער האָט מען אײַנגעפונען, אז ס׳איז בּעסער דערווײַל ניט צו שטעלן די פראגע וועגן דעם אין געריכט.

### קאפּיטל 12.

טאָמס געהיימער ווייטעק האָט זיך ווײַט־ווײַט פארוקט. שולדיק איז דערין געווען אויך דאָס, וואָס באוויזן האָט זיך באַ אים אַ נײַע ערנסטע זאָרג. בּעקי טעטשער האָט אופגעהערט קומען אין שול ארײַן. טאָמ האָט זיך עטלעכע טעג געראנגלט מיט זיך, נאָר

ס׳האָט אים ניט געהאָלפֿן; ער האָט אָנגעהויבן אלע נאכט ארומ־
בלאָנקען ארום איר פֿאָטערס הויז און האָט זיך געפֿילט זייער
אומגליקלעך. בעקי איז קראנק געווען. און טאָמער שטארבט זי?
דער דאָזיקער געדאנק האָט אים ניט געלאָזט רוען. ער האָט זיך
מער ניט אינטערעסירט מיט קיין מילכאָמעס, אפֿילו מיט קיין
יאמ־רויב שוין ניט אינטערעסירט זיך מער. דער גאנצער פֿארגע־
ניגן פֿונעם לעבן איז פֿאר אים פֿארשווונדן געוואָרן, פֿארבליבן
איז בלויז א לאנגווײַליקע נויטווענדיקײַט. ער האָט אפֿילו פֿאר־
שלײַדערט זײַן רייף און זײַן שטעקן; זיי האָבן אים מער שוין
ניט געפֿרייט. די מומע, ווען עס האָט באומרויִקט זײַן צושטאנד,
האָט גענומען היילן אים, אויספּרובירנדיק אַף אים קאָלערליי מיט־
לען. זי איז געווען פֿון יענע לײַט, וואָס כאפּן היספּײַלעס פֿון
קאָלערליי פּאטענטירטע רעפֿועס און קאָלערליי באנײַעס דערפֿונ־
דענע מיטלען צום אופּשטעלן דאָס געזונט. זי פֿלעג קיינמאָל ניט
מיד ווערן צו מאכן עקספּערימענטן מיט זיי. ווי נאָר ס׳פֿלעג אין
רעפֿועס־געביט באווײַזן זיך עפּעס נײַס, פֿלעג זי אליין אויספּרוּוון
עס — ניט אַף זיך, — זי אליין האָט קיינמאָל ניט געקרענקט, —
נאָר אפֿן ערשטן בעסטן, וואָס איז איר געקומען צו די הענט.

אין יענער צײַט האָט אָנגעהויבן א מאָדע ווערן די וואסער־
היילונג, און טאָמס געדריקטער צושטאנד האָט סאמע גוט צוגע־
טראָפֿן. די מומע פֿלעג אים אופֿוועקן גאנצפֿרי, אוועקפֿירן אים
אין האָלצ־קאמער און דאָרט באגיסן אים מיט שטראָמען קאלטער
וואסער, רײַבן אים ביז אָנגעגליטקײַט מיט האנטעכער, הארטע אזוי־
ווי קעמלעך; דערנאָך פֿלעג זי אים אײַנוויקלען אין א נאסן לײַ־
לעך און אײַנדעקן מיט ווארעמע קאָלדרעס, ער זאָל פּײַן אָפּ־
שוויצן. דער אומגליקלעכער טאָם פֿלעג שוויצן, ביזוואנען ס׳פֿלעגן
(לויט זײַן אייגענעם אויסדרוק) „אלע פֿלעקן פֿון דער נעשאָמע
דורך די שפּארונעס באווײַזן זיך אינדרויסן“.

ניט געקוקט אפ אָט דעם אלעמען, איז דאָס ייִנגל אלץ מער בלייב אונ דאר געוואָרן. אנ אויסזען האָט ער געהאט א קלאָגע־דיקן. דאן האָט די מומע צוגעגעבן צו דער פריִערדיקער היי־לונג — הייסע ביטלעך, זיץ־ביטלעך און אראָפּלאָזן אינ וואסער. דאָס ייִנגל איז אלץ געוועזן מאָרעשכוירעדיק, ווי א מיטע־וואָגן. דאָך האָט די מומע דערפולט די היילונג מיט א גרינגער האָבער־דיִעטע און מיט מאקע־פלאסטערן. זי פלעג יעדן טאָג אריינגיסן אינ אים, ווי אינ א קרוג אריין, א יאם מיט קאָלערליי רעפועס.

טאָמ איז ביסלעכווייז געוואָרן איגגאנצן קאלטבלוטיק צו אָט דעם אלעמען, — דאָס האָט זייער געערגערט די אלטיטשקע. ס'איז נייטיק געוואָרן אומבאדינגט ארויסציִען אים פונ אזא גלייכגילטיקן צושטאנד. ארומ יענער צייט האָט זי דאָס ערשטע מאָל דער־הערט וועגן א נייער רעפוע, „יעסורימ־פארטרייבער”, און האָט זי טייקעפ אויסגעשריבן אינ א גרויסער צאָל עקזעמפליארן; דער־נאָך האָט זי פארזוכט זי, און איר הארץ איז פול געוואָרן מיט דאנקבארקייט. ס'איז געווען עמעס פייער אינ פליסיקן געשטאלט. זי האָט אוועקגעוואָרפן די וואסער־היילונג און אלע אנדערע היי־לונגען, און האָט די לעצטע האָפענונג פארבונדן מיטן „יעסורימ־פארטרייבער”. זי האָט געגעבן טאָמען אויסטרינקען א פול טיי־לעפעלע און האָט מיט א פארשטאַרטן הארץ געוואַרט אפ די רע־זולטאטן. איר אומרו איז מאָמענטאל פארביי, און איר נעשאָמע האָט זיך בארויִקט; דער גלייכגילטיקער צושטאנד טאָמס איז בא־שטימט טייקעפ פארשוווּנדן געוואָרן. ער האָט ארויסבאוויזן היי־ציקע, לעבעדיקע פארינטערעסירטקייט צום פרווו.

טאָמ האָט דערפילט, אז שוין צייט טאקע אינדערעמעסן אופ־צוכאפן זיך. ער האָט גענומען צוטראכטן קאָלערליי מיטלען אפ פאָטער צו ווערן פונ וויַיטערדיקע עקספערימענטן איבער זיך, און סאָפּקאָלסאָפּ איז ער געפאלן אפ א געדאנק צו מאכן דעם אָנשטעל,

אז דער „יעסורים־פּאַרטרײַבער" האָט בא אים זייער אויסגענומען. ער האָט אזוי אָפּט געבעטן, מע זאָל אים געבן אָט די רעפּוע, אז ער איז, ענדלעך, נימעס געוואָרן דער מומען, און זי האָט אים געהייסן אײַנעמען די רעפּוע אליין, ווען ס'פּאַרגלוסט זיך אים, און זי זאָל ער לאָזן צורו. ווען זי זאָל האָבן צו טאָן מיט סירן, וואָלט איך איר עמעסער פרייד ניט געווען קיין שום צומיש פון וועלכער ס'ניט איז אומרויִקײַט, נאָר אזויווי געהאנדלט האָט זי מיט טאָמען, האָט זי שטילערהייט נאָכגעשפּירט נאָכן פלעשל. די רעפּוע פלעג טאקע, ווירקלעך, ווייניקער ווערן, אָבער דער מומען איז אפילע אפן זינען ניט געקומען, אז טאָם היילט ניט זיך, נאָר דעם שפּאַלט אפן דיל פון גאסט־צימער.

איינמאָל, ווען טאָם האָט אפּ אזא אויפן געגאָסן די רעפּוע אין שפּאַלט ארײַן, איז צו אים צוגעגאנגען דער מומעס געלער קאָטער. דער קאָטער האָט געמורקעט און גיריק געקוקט אפן לעפל, ווי ער וואָלט געבעטן, מ'זאָל אים געבן פּאַרזוכן.

— אך, קאָטערל, בעט בעסער ניט — ס'איז לאכלוטן איבעריק פאר דיר.

נאָר דאָס קאָטערל האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אז ס'איז פאר אים לאכלוטן ניט איבעריק.

— איז זע־זשע, זאָלסט קיין טאָעס ניט האָבן, — וועסט כאראָטע האָבן...

דאָס קאָטערל איז געווען זיכער, אז ס'וועט קיין כאראָטע ניט האָבן.

— נו, אויב דו בעטסט אזוי, וועל איך דיר געבן, איך בין ניט קיין קארגער. נאָר זע־זשע, אויב ס'וועט דיר ניט געפעלן — האָב טײַנעס צו זיך אליין.

דאָס קאָטערל האָט מאסקים געווען; טאָם האָט אים צעעפנט דאָס מויל און האָט אהין ארײַנגעגאָסן א לעפל „יעסורים־פּאַר־

טרײַבער". דאָס קאָטערל איז אונטערגעשפּרונגען אַף צווײ אַרשינ אינדערהײך, האָט אַרויסגעלאָזט אַ קאַמפּ־רוף און האָט זיך צע־ שלײַדערט איבערן צימער, פּאַרטשעפּענדיק זיך אין מעבל, איבער־ קערנדיק וואַזאָנעס און אָנמאַכנדיק אַ מוירעדיקן געפּילדער. דער־ נאָך האָט ער גענומען טאַנצן, דער קאָטער, אַף די הינטערשטע לאַפּקעס, אין דולער פרייד, מיט קאָפּ פאַרוואָרפענעם אַף צוריק און מיט קוויטשערײַען וועגן זײַן אומגעהײערן גליק; דערנאָך האָט ער זיך ווידער צעיאָגט איבערן גאַנצן הויז, איבערלאָזנדיק אומעטום אַף זײַן וועג כאַאָס און כורבוינעס. די מומע פאָלי איז אַרײַנגעקומען פּונקט אין דער רעגע, ווען ער האָט געמאַכט עטלעכע גאָר מעשונעדיקע סאַלטאָ־מאָרטאַלן און איז מיט ווילד־ דער מיאוקעניש אַרויסגעשפּרונגען דורכן אָפענעם פענצטער, פאַר־ שלעפנדיק מיט זיך די עטלעכע גאַנץ־פאַרבליבענע וואַזאָנעס. די אַלטיטשקע איז פאַרגליווערט געוואָרן פון כידעש. זי האָט גע־ קוקט איבער די ברילן אַף אָט דעם בילד. טאָם האָט זיך גע־ קײַקלט אַפן דיל פון געלעכטער.

— טאָם, זאָג, זײַ אַזוי גוט, וואָס טוט זיך עס מיט אונדזער קאָטער?

— איך ווייס ניט, מומע, — האָט טאָם קוים געקאָנט אַרויס־ שטאַמלען.

— איך האָב אַף מײַן לעבן אַזוינס ניט געזען. וואָס האָט עס מיט אים געטראָפן?

— אַף מײַן וואָרט, איך ווייס ניט, מומע פאָלי, ווײַזט אויס, די קאָטערס טוען שטענדיק אַזוי, אַז זיי זײַנען זייער צופרידן.

— נו? טאַקע?

אין דער מומעס טאָן איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געצוווּנגען טאָמען אָנצושפּיצן זײַן אופמערקזאַמקײַט.

— נו, יאָ, מומע, איך, יעדנפאַלס, מיין אַזוי.

— נו? אינדערעמעסן?

— יאָ, מומע.

די אלטיטשקע האָט זיך אָנגעבויגן. טאַם האָט מיט אינטערעס און מיט אומרו נאָכגעשפּירט נאָך אירע באַוועגונגען, נאָר צו שפּעט האָט ער זיך אָנגעשטויסן, וווהין זי „ציט". פון אונטערן בעט האָט געסטאַרטשעט א בוילעטער באַוויַיז — דאָס טיי־לעפּע־לע. די מומע פּאָלי האָט עס אופגעהויבן און האָט עס צוגעטראָגן גלייַך צו טאָמס נאָז. טאָם האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן און האָט זיך א רוק געגעבן אפּ צוריק. די מומע פּאָלי האָט אים אופגע־הויבן אפּן שטענדיקן אויפן — פּארן אויער — און האָט אים ענער־גיש א קלאפּ געגעבן איבערן קאָפּ מיטן פינגער־הוט.

— אנו, טייַערינקער, זיי נאָר אזוי גוט, גיב מיר צו פארשטיין, פארוואָס פייַניקסטו עס אן אומגליקלעכע שטומע באשעפעניש?

— איך האָב עס געטאָן פון ראַכמאָנעס צו אים, ער האָט דאָך קיין מומע ניט.

— ער האָט קיין מומע ניט? וואָס פארא נארישקייַטן רעדסטו עס, שויטע איינער? וואָס קער זיך עס אָן מיט דעם, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן?

— ס'קער זיך זייער אָן. ווען ער זאָל האָבן א מומע, וואָלט זי אליין געזאָרגט וועגן אים, זי וואָלט אים אויסגעברענט אלע געדערים, אָן שום ראַכמאָנעס, אזויווי א מענטשן!

דער מומע פּאָלין האָט מיטאמאָל דער געוויסן גענומען ער־גערן. איר הייזונג האָט זיך פאר איר איצט פאָרגעשטעלט אין גאָר א נייַער שייַן: דאָס, וואָס ס'איז אכזאָריעסדיק געווען בענעגייע דעם קאָטער, האָט געקאָנט זייַן אן אכזאָריעס אויך בענעגייע דעם יינגל. איז זי ווייכער געוואָרן, זי האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אפּ טאָמען! ס'האָבן זיך אפילע טרערן באַוויזן אין אירע אויגן. זי האָט א גלעט געטאָן דאָס יינגל איבערן קאָפּ און האָט מילד געזאָגט:

— איך האָב זיך דאָך געמיט פון דײַנ טויווע וועגנ, טאָם, אונ ס׳האָט דיר דאָך געדינט צו גוטנ.

טאָם האָט ערנסט א קוק געטאָנ איר אינ פּאָנעם ארײַנ. בלויז די מויל־ווינקלענ האָבנ בא אים געציטערט.

— איך ווייס, מומע, אז איר האָט מיר געוואָלט טאָנ גוטס, אָבער איך האָב אויך דעם קאָטערל געוואָלט גוטס טאָנ. ס׳האָט אים אויך צו גוטנ געדינט, איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזענ אינ אזא ווילנ...

— גו, גענוג, גענוג, טאָם, ערגער מיך ניט. פּיר זיך, ווי ס׳דארפ צו זײַנ, זײַ א קלוג באָכערל, וועט דיר ניט אויסקומענ אײַנצונעמענ קיינ שום רעפועס.

טאָם איז געקומענ אינ שול ארײַנ, איידער די לימודים האָבנ זיך אָנגעהויבנ. דער לערער האָט באמערקט, אז אזעלכע אויסער־געוויינלעכע פאלנ פלעגנ זיך איבערכאזערנ די לעצטע צײַט קימאט יעדנ טאָג. אויך הײַנט, ווי שטענדיק די לעצטע צײַט, האָט טאָם, אָנשטאָט שפּילנ זיך מיט די כאווײרים, געדרייט זיך אינ הויפ אונ באם טויער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונ די שפּילנ, דערקלערנדיק אז ער פילט זיך ניט געזונט, — אויסגעזענ האָט ער טאקע, ווי ניט מיט אלעמענ. ער האָט זיך געמאכט, אז ער קוקט קלאָמפּערשט אינ פארשיידענע זײַטנ, נאָר אינדערעמעסנ האָט ער די גאנצע צײַט געקוקט צום וועג. ווי נאָר ס׳האָט זיך פונדערווײַטנס באוויזנ דזשעפ טעטשער, איז טאָמס פּאָנעם ליכטיק געוואָרנ, נאָר אינ א מינוט ארום איז דאָס פּאָנעם ווידער טרויעריק געווענ. אינ שול איז טאָם אפּ קיינ רעגע ניט אָפּגעטראָטנ פונ דזשעפנ, ער האָט זיך געמיט מיט קאָלעדליי מיטלענ ארופירנ אים אפּ א שמועס וועגנ דער שוועסטער, נאָר דזשעפ איז געווענ א טעמפּ ייִנגל אונ האָט ניט פארשטאנענ די אָנצוהערענישנ. טאָם האָט אלצ געווארט אונ געווארט. ער פלעג מונטער ווערנ יעדער מאָל, ווענ ער פלעג דערזענ פונדערווײַטנס א ליכטיק קליידל, אונ ער פלעג אָנהייבנ

פײַנט האָבן דאָס מײדעלע, וואָס האָט דאָס קלײדל געטראָגן, ווי נאָר ער פלעג זיך איבערצײַגן, אַז ס'איז ניט די, אפ וועלכער ער וואַרט. ענדלעך, האָבן די קלײדלעך אופגעהערט צו באַווײַזן זיך, און טאָם איז אײנגאַנצן אומעטיק געוואָרן. א טרויעריקער און א פאַרטראַכטער איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין לײדיקן קלאַס און האָט זיך אוועקגעזעצט אפ זײַן אָרט, קעדײ טרוימען און לײַדן. אין דער רעגע האָט זיך באַם טויער באַווײַזן נאָך אײן קלײדל; טאָמס האַרץ האָט א פלאַטער געטאָן. אײן רעגע—און ער איז שוין געווען אין הויף און האָט געווילדעוועט, ווי אַן אינדיִאַנער. ער האָט געשריגן, הויך געלאַכט, געיאָגט זיך נאָך די כאַווײרים, געשפּרונגען איבערן פּאַרקן, געגאַנגען אפן קאָפּ, — מיט אײן וואָרט, ער האָט באַווײַזן קאָלעדלײ קונצ־שטיק און העלדנטאַטן, קרימענדיק די גאַנצע צײַט דאָס אויג אין בעקיס זײַט, צי קוקט זי דערופ. נאָר זי האָט, זעט אויס, גאָרניט ניט באַמערקט און האָט אפילע ניט געקוקט אין זײַן זײַט אַרײַן. געשיקט זיך, אַז זי באַמערקט אפילע ניט, אַז ער געפינט זיך דאָ? ער האָט אָנגעהויבן באַווײַזן זײַנע שטיקלעך נעענטער צו איר, האָט זיך געיאָגט אַרום איר מיט קאַמפּס־געשרײ, האָט אַראָפּגעריסן בא א ייִנגל דאָס היטל פון קאָפּ און האָט עס פאַרוואָרפן אפן דאַך פון שול. ער האָט זיך אַרײַנגעריסן צו א כאָפּטע ייִנגלעך, האָט זײ צעשלײַדערט אין פאַרשײדענע זײַטן, און אַלײן האָט ער זיך אויסגעצויגן אפ דער ערד פונקט לעבן בעקין, שיר ניט איבערקערנדיק זי. זי האָט זיך אויסגעקערעוועט, האָט א צי געטאָן אַרופ דאָס נעזל, און ער האָט דערהערט, ווי זי האָט א זאָג געגעבן צו איר כאַווערטע:

— פאַראַן אַזעלכע ייִנגלעך, וואָס מײנען, אַז זײ זײַנען מוירעדיק פײַנק...

טאָם האָט זיך אופגעהויבן מיט א פלאַמענדיקן פּאָנעם און איז לאַכלוטן א דערשלאָגענער אַרײַן אין שול אַרײַן.

## קאפיטל 13.

טאָמ האָט אָנגענומען א פעסטן באשלוס.

אפן הארצן איז אים געווען פינצטער און מאָרעשכוירעדיק. ער האָט זיך געפילט עלנט, פארלאָזט פון אלעמען, געפילט, אז קיינער האָט אים ניט ליב. דערנאָך, אז מע וועט זיך דערוויסן, צו וואָס מע האָט אים דערפירט, וועט מען עפשער כאראָטע האָבן דערופ... ער האָט דאָך געמיט זיך זײַן א ווילער, נאָר מע שטערט אים און מע לאָזט אים ניט. זיי דארפן דאָך נאָר פּאָטער ווערן פון אים. איז וואָס? וועט ער אוועק, און זאָלן זיי אים זידלען, וויפל ס'גלוסט זיך זיי... פארוואָס טאקע זאָלן זיי ניט זידלען אים? א ייִנגל, וואָס איז פון אלעמען פארלאָזט, האָט דען די רעכט צו באקלאָגן זיך? און סאָפּקאָלסאָפּ, מע האָט אים געצוווּנגען ווערן א פארברעכער... קיין אנדער ברייִרע האָט ער ניט..

פארטיפט אין אזוינע מאכשאָווּעס, איז ער צוגעקומען צום עק פון דער לאָנקע. מיטאמאָל האָט זיך דערהערט דאָס קלינגערײַ פון שול־גלאָק, וואָס רופט צונויפ די שילער אפ די נאָכוואַרמעס־לימודים. טאָמ האָט זיך צעוויינט, א טראכט געבנדיק, אז שוין קיינמאָל, קיינמאָל מער וועט ער ניט הערן אָט דאָס גוט באקאנטע קלינגערײַ. שאָלעמ מאכן דערמיט איז שווער געווען, אָבער ס'איז דאָך א מוז געווען; אז מע פארשטויסט אים, מע לאָזט אים איבער אפ הפקער אין דער קאלטער, אָנראכמאָנעסדיקער וועלט, דארפ מען זיך אונטערגעבן; נאָר ער פארגיט זיי... — און ער האָט זיך נאָך שטארקער צעוויינט.

פונקט אין דער רעגע איז אים אנטקעגן געקומען זײַן בעסטער גוטער־ברודער דזשאָ גארפער. דאָס פּאָנעם בא דזשאָען איז איצט אויך פינצטער געווען, און אויך אין זײַן נעשאָמע האָט איצט, זעט אויס, געוועלטיקט א גרויסע, ביטערע אנטשלאָסנקייט. קלאָר,

זיי זײַנען איצט ביידע געווען „צוויי נעשאָמעס, וואָס זײַנען דורכגעדרונגען מיט איינ און דעם זעלבן געדאנק". טאָמ האָט אָפּגעווישט די טרערן מיטן ארבל און האָט גיך־גיך געמאָלדן דעם כאווער וועגן זײַן באשלוס אוועקצוגיין פונ דער היים, ווו מע באגייט זיך מיט אים אזוי שלעכט און ווו קיינער פילט אים ניט מיט, וועגן זײַן באשלוס אוועקצוגיין אפ שטענדיק, און קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך. צום סאָפּ האָט ער געזאָגט, אז ער איז זיכער, אז דזשאָ וועט אים ניט פארגעסן.

נאָר ארויסגעוויזן האָט זיך, אז דזשאָ האָט נאָר־וואָס געוואָלט בעטן טאקע וועגן דעם זעלבן בא טאָמען, און געזוכט האָט ער אים מיט דעם זעלבן צוועק. די מאמע זײַנע האָט אים אָנגעשמיסן דערפאר, וואָס ער האָט קלאָמפּערשט אופגעגעסן דאָס אײַנגע־מאכטס, ביים ער האָט אפילע ניט געפּרווט און אפילע ניט גע־ווסט וועגן דער עקזיסטענצ פונעם אײַנגעמאכטס; קלאָר, ער איז איר נימעס געוואָרן, און זי וויל פּאָטער ווערן פונ אים. אויב זי באגייט זיך אזוי מיט אים, בלײַבט אים איינ זאך: אויספילן איר ווילן; ער האָפּט, אז זי וועט גליקלעך זײַן און ס'וועט איר קיינ־מאָל ניט באנק טאָן, וואָס זי האָט פארשטויסן איר ייִנגל אינ דער קאלטער אכזאָריעסדיקער וועלט, ווו ער וועט לײַדן און אומ־קומען.

די ייִנגלעך האָבן זיך טרויעריק אוועקגעלאָזט ווײַטער גיין, אָפּריידנדיק אָנצונעמען זיך איינער פארן אנדערן, ווי ברידער, און קיינמאָל נים צעשיידן זיך, ביז דער טויט וועט זיי ביידן ניט באפרײַען פונ זייערע לײדן. דערנאָך האָבן זיי גענומען פלאנעווען. דזשאָ האָט געוואָלט ווערן א מאָנאך, לעבן אינ א הייל, נערן זיך מיט טרוקענע שטיקלעך ברויט און שטארבן פונ קעלט, נויט און אומגליק. נאָר נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגעהערט טאָמען, האָט ער מאסקים געווען מיט אים, אז דאָס פארברעכערישע לעבן

לוינס בעסער, ווי דאָס מאָנאַכישע, און ער האָט באַשלאָסן ווערן א פּיראַט.

דרײַ מײַל די ווײַט פון פּיטערסבורג, דאָרט ווו די ברייט פון דער מיסיסיפּי דערגרייכט מער פון א מײַל, איז פאַראַן א לאַנגער, שמאָלער, וואַלדיקער אינדזל מיט א זאַמדיקן ברעג — אַן אויסגעצייכנט אָרט פאַר א גאַזלאָנים־היים. דער אינדזל איז וויסט, און ליגן ליגט ער נאָענט צום אַקעגנדיקן מיסיסיפּי־ברעג, וואָס איז באַוואַקסן מיט געדיכטן, קימאַט ניט באַוווינטן וואַלד. אונדזערע העלדן האָבן, נאָך עטלעכע רעגעס פון מעיאַשעוו זײַן זיך, אויסגעקליבן אָט דעם דאָזיקן אינדזל — דעם דזשעקסאָן־אינדזל — פאַר זייער רעזידענץ. ס'איז זיי ניט אײַנגעפאַלן צו פרעגן בײַ זיך, אַף וועמען וועלן זיי מאַכן זייערע פּיראַטישע אָנפאַלן. דערנאָך האָבן זיי אָפּגעזוכט העקלבערי פינען, און יענער איז מיט גרויס כיישעק צוגעשטאַנען צו זיי; אים איז אַלציינס געווען, וואָס פאַר א קאַריער אויסצוקלײַבן, ער האָט זיך באַצויגן צו דעם אינגאַנצן קאַלטבלוטיק. זיי האָבן זיך צעשיידט, אָפּרייידנדיק צו טרעפן זיך אַפן ברעג טײַך, אין אַן אָפּגעזונדערט אָרט, צוויי מײַל די ווײַט פון דאָרף, אין זייער באַליבטער שאָ, ד. ה. אין האַלבנאַכט. דאָרט איז געשטאַנען א קליינער הילצערנער פּליט, און זיי האָבן באַשלאָסן ווערן באַלעבאַטים איבער אים. אָפּגערעדט האָט מען, אַז יעדער איינער וועט פאַרכאַפּן מיט זיך ווענטקעס און קריקלעך, און אויך שפּײַז, וואָס ס'וועט נאָר געלינגען צו קריגן, — אויב מעגלעך, אַפן פאַרהוילנסטן, סוידעסדיקסטן אופן, ווי ס'פּאַסט פאַר גאַזלאָנים; און נאָך ביז מיטאָג האָט יעדער איינער פון די דרײַ באַוויזן צו פאַרשפּרייטן צווישן די כאַווײרים די וויכטיקע נײַס, אַז אינגיכן וועט מען אין שטאָט „וועגן עפּעס דערהערן". אַלעמען, וועמען מ'האָט איבערגעגעבן אָט די נעפּלדיקע אָנצוהערעניש, האָט מען געבעטן האַלטן עס בעסאָד און וואַרטן.

ארום האלבנאכט איז טאָמ געקומען אפּן אָפּגערעדטן אָרט מיט א שטיק געקאָכטן ווורשט און מיט נאָך אביסל פּראָוויזיע און האָט זי אוועקגעלייגט אין די געדיכטע גראָזן אפּן בערגל, פון וועלכן ס'האָט זיך אַנגעזען דאָס באַגעגעניש־אָרט. די נאכט איז געווען אַן אויסגעשטערנטע און זייער א שטילע. דער גרויסער טײַך איז געווען רויִק, ווי אַן אנשלאָפֿן געוואָרענער אָקעאן טאָמ האָט זיך איינגעהערט, — מ'הערט קיין איין קלאנג ניט. דאן האָט ער שטיל, צעצויגן א פײַף געטאָן. פונעם וועלדל האָט מען אים אָפּגעענטפערט מיט א פײַף. טאָמ האָט א פײַף געטאָן נאָך צוויי מאָל, און מע האָט אים ווידער מיט פײַפן געענטפערט. דאן האָט עמעצנס געענדערט קאָל א פרעג געטאָן.

— ווער גייט?

— טאָמ סאָיער, דער שווארצער נעקאָמע־נעמער. רופט אָן אײַערע נעמען!

— העק פין — „די רויטע האנט", און דזשאָ גארפער — „די שרעק פון די יאמען"!

די דאָזיקע צונעמענישן האָט טאָמ ארויסגענומען פון זײַנע באליבטע ראָמאנען.

— געמאכט, זאָגט דעם פּאראָל!

אין דער נאכט־שטילקײַט האָבן צוויי קוילעס מיטאמאָל כרי־פּענדיק אויסגערופן:

— „בלוט!"

טאָמ האָט א שלײַדער געטאָן פונעם בערגל זײַן שטיק ווורשט און האָט זיך אליין אויך אראָפּגעקײַקלט נאָך אים. דערבײַ האָבן אביסל געליטן זײַן אָנטאָן און די הויט אפּן ווורשט. פונעם בערגל האָט מען געקאָנט אראָפּלאָזן זיך צום ברעג מיט א זייער באקוועמ שטעגל, נאָר אלס עמעסער גאזלען האָט טאָמ אויסגעקליבן א גע־פערלעכן און שווערן וועג.

דער „שרעק פון די יאמעס" האָט אויך געבראכט א גרויס שטיק כאזער־פלייש, ער האָט עס קאם דערשלעפּט מיט זיך. און „די רויטע האנט" האָט ערגעץ צוגעשניפּט א קעסעלע און א גאנץ בינטל האלב־רויע טאבאק־בלעטער, כאָטש קיינער פון די פּיראטן, אכוץ אים, האָט ניט געראויכערט קיין טאבאק. דער שווארצער נעקאָמע־נעמער האָט געמאָלדן, אז מע טאָר אפילו ניט טראכטן פון לאָזן זיך אין וועג ארײַן אָן פײַער. דאָס איז געווען זייער א קלוגער געדאנק: פון שוועבעלעך האָט מען אין יענע צײַטן זייער ווייניק געוווסט. די ייִנגלעך האָבן דערזען א פײַער אף א גרויסן פּליט, וואָס שטייט א שפּאַן צוויי הונדערט די ווײַט פון זיי. זיי האָבן זיך אונטערגעגאנוועט אהין און האָבן אוועקגעשלעפּט א האָלאָוועשקע. דערפון האָבן זיי געמאכט א גרויסע פּאסירונג: אלע רעגע האָבן זיי „געציקעט" איינער צום אנדערן און האָבן צוגעלייגט די פינגער צו די ליפּן, מאכנדיק איינער צום אנדערן: ש־ש־ש... אלע רעגע האָבן זיי זיך א כאפּ געגעבן מיט די הענט פאר די אויסגעפאנטאזירטע הענטלעך פון קינזשאלן און האָבן מיט גרויזאמער שעפּטשעניש באפוילן איינער דעם אנדערן, אז אויב דער „סוינע" וועט זיך א ריר טאָן, זאָל מען „ארײַנשטעכן אים א מעסער אין ברוסט ארײַן ביז אריבערן הענטל", ווײַל „א מעס וועט ניט אויסגעבן". זיי האָבן זייער גוט געוווסט, אז אלע פּליט־לײַט זײַנען אפּן ברעג, ווו זיי לייגן צונויף זייערע ברעטער אָדער זיי הוליען אין שטעטל, נאָר פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך געדארפט פירן אפּן גאזלאָנישן אויפן.

דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג ארײַן. טאָם האָט אָפּגעגעבן באפעלן. העק האָט געראָדערט מיט איין רודער אף דער „נאָז" פון פּליט, דזשאָ — אקעגן אים. טאָם איז געווען קאפּיטאן. אָנכמורענדיק בארוגעז די ברעמען, צונויפגעלייגט די הענט אף דער ברוסט, האָט ער געקאָמאנדעוועט מיט שטרענגער שעפּטשעניש:

— האַלט לינקס ווינט!
— פאַראַן, סער!
— האַלט גלײַך, גלײַך!
— פאַראַן, סער!
— לאָז אָפּ אביסל!
— פאַראַן, סער!

נאָר אזויווי דער פליט איז די גאנצע צײַט געשווומען אינמיטן טײַך, פלעגן אָט די אלע באַפעלן אָפּגעגעבן ווערן בלויז אין דער וועלט אַרײַן און קיין באַזונדער באַטײַט ניט האָבן.

— וועלכע זעגלען זײַנען אויפגעהויבן?
— די אונטערשטע, סער!
— אלע אַף דער פאַלוב אַרוף! לעבעדיקער! א האַלב־טוץ יונגען אַף דעם פאָק־מאַסטבוים! ריר זיך!
— פאַראַן, סער!
— פאַנאַנדערלאָזן דעם גרויסן זעגל! ריר זיך, כעוורע!
— פאַראַן, סער!
— האַלט צום ווינט צו! האַלט אין א זײַט אַרײַן — זעסט דאָך, א שיף גייט! לינקער, לינקער! נו, כעווערעלײַטלעך! לעבעדיקער אַרבעט!
— פאַראַן, סער!

דער פליט איז אַרויסגעשווומען אַפן סאַמע מיט טײַך; די יינגלעך האָבן אים געלאָזט שווימען מיטן שטראָם און האָבן אוועקגעלייגט די רודערס. אין מעשעך פון א האַלבער שאָ האָבן זיי קימאַט ניט גערעדט צווישן זיך. דער פליט איז געשווומען פאַרבײַ דעם ווײַטן שטעטל, ווו זיי זײַנען אלע געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. דאָס שטעטל איז פרידלעך געשלאָפן; דאָרט האָבן זיך נאָך געלויכטן פײַערלעך, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין דער וואַסער, אין וועלכער ס'האָבן, ווי דימענטן, געגלאַנצט די

שטערן; אלע איינוווינער האָבן גערוט, ניט כוישעד זײַענדיק אפילע, ס'ארא גרויסע געשעעניש געשעט אין אָט דער רעגע. דער „שווארצער נעקאָמע־נעמער" איז געשטאַנען אינמיטן פליט, קוקנדיק דאָס לעצטע מאָל אפ יענע ערטער, ווו ס'האָט זיך אים אזוי גוט געלעבט פריִער, און ווו ער האָט אזוי געליטן די לעצטע צײַט. ס'האָט זיך אים אצינד געוואָלט, אז מע זאָל אים דערזען אינמיטן שטורעמדיקן יאם, ווי ער קוקט מיט דרייסט גלײַך אין פּנעם ארײַן דער סאקאָנע און דעם טויט, ווי ער גייט אקעגן אומקומעניש מיט מאָרעשכוירעדיקן שמייכל אפ די ליפּן. איין קליינע אָנשטרענגונג פון דער פאנטאזיע, און דער דזשעקסאָנ־אינדזל האָט זיך אָפּגערוקט אין אומענדלעכער ווײַט ארײַן. און טאָם האָט „דאָס לעצטע מאָל" א קוק געגעבן אפ דער היים־שטאָט מיט א צעבראָכן הארץ, נאָר א צופרידענער. זײַנע כאווײרים האָבן אויך געקוקט דאָס לעצטע מאָל און אזוי לאנג, אז זיי זײַנען שיִער ניט פארבײַגעפאָרן דעם אינדזל; נאָר זיי האָבן באצײַטנס באמערקט די געפאר און האָבן זיך באצײַטנס געכאפּט. ארום אזייגער צוויי באנאכט האָט זיך דער פליט אוועקגעזעצט אפ זאמד, א שפאן צוויי הונדערט די ווײַט פון יענעם אָרט, ווו זיי האָבן באשלאָסן זיך באזעצן. זיי האָבן לאנג געשפּאנט הין און צוריק, ביז זיי האָבן אריבערגעשלעפּט זייער גאנצע רויב. צווישן אלע זאכן האָבן זיי פארנומען פונעם פליט אויך אן אלטן זעגל און האָבן אים ארופגעצויגן אין א פארטײַעט ווינקל פון וואלד, ווי א מין בײַדל, קעדיי באהאלטן זייער שפּײַז; אליין האָבן זיי באשלאָסן בײַם גוטן וועטער שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל, ווי ס'פּאסט פאר גאזלאָנים.

זיי האָבן צעלייגט א פײַער א שפאן צוואנציק די ווײַט פונעם וואלד, האָבן זיך אָפּגעבראָטן א שטיקל כאזער־פלייש אפ וועטשערע און האָבן אופגעגעסן א האלב פון די פארכאפּטע

בולקעס. ס'איז ווונדערלעך אינטערעסאַנט געווען אַף אַזאַ אויפֿן וועטשערע צו עסן, אַף דער פֿרײַ, אין אוראַלטן וואַלד, אַפֿן ניט אויסגעפּאַרשטן און ניט־באַווינטן אינדזל, ווײַט פֿון מענטשישע ווױנונגען. די ייִנגלעך האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל מער ניט אומקערן זיך צום קולטורעלן לעבן. דאָס פֿײַער האָט באַלויכטן זייערע פּנעמער, האָט געוואָרפֿן אַ רויט־לעכע שײַן אויף די גראָבע ביימער־שטאַמען — די קאָלאָנעס פֿון דעם וואַלד־טעמפּל, אַפֿן גלאַנצנדיקן גרינס פֿון דעם געשלענגלטן ווײַנטרויב. אַז ס'זײַנען אויפֿגעגעסן געוואָרן די לעצטע שטיקלעך פֿלייש און דאָס לעצטע שטיקל ווײַס ברויט, האָבן די ייִנגלעך מיט גרויס פֿאַרגעניגן אויסגעצויגן זיך אַפֿן גראָז. זיי וואָלטן גע־קאָנט געפֿינען אַן אָרט, וווּ עס איז קילער, נאָר זיי האָבן ניט געוואָלט אָנווערן אַזאַ ראָמאַנטישע דעקאָראַציע, ווי אַ צעלייגט פֿײַער.

— נו, איז עס דען ניט פֿריילעך? — האָט אַ זאָג געגעבן דזשאָ.

— מאַמעש ווונדערלעך! — האָט געענטפֿערט טאָם.

— וואָס וואָלטן, אַשטייגער, געזאָגט אַלע ייִנגלעך, ווען זיי וואָלטן אונדז דערזען?

— וואָס? זיי וואָלטן אויסגעגאַנגען פֿון קינאָ. עמעס, העק?

— כ'מיין, אַז יאָ, — האָט געזאָגט העקלבערי, — איך ווייס ניט, ווי אַנדערע, נאָר איך בין צופֿרידן. איך דאַרף גאָר קיין בעסערס ניט האָבן. געוויינלעך עס איך אַפֿילו קיינמאָל ניט צו זאַט... און כוץ דעם, קאָן אַהער קיינער ניט קומען, ניט אָנפּאַטשן דיך גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן.

— אַזאַ לעבן איז דאָס בעסטע פֿאַר מיר, — האָט געמאָלדן טאָם, — מע דאַרף ניט אויפֿשטיין גאַנצפֿרי, מע דאַרף ניט גיין אין שול אַרײַן און מע דאַרף ניט וואַשן זיך, טאָן קאָלערליי נאַריש־קײַטן, — מע דאַרף עס דאָ אינגאַנצן ניט...

— און וואָס טוען פּיראַטן? — האָט אַ פֿרעג געגעבן העק פֿין.

— אָ! זיי לעבן זייער פריילעך: זיי נעמען שיפן אין געפענ־קעניש אריַין און פארברענען זיי, דאָס געלט פארגראָבן זיי אין דער ערד אפ זייער אינדזול, ערגעץ אין א שרעקלעך אָרט, ווו ס׳היטן עס רוכעס, מאכשייפעס און קאָלערליי שיידים, און דעם גאנצן עקיפאזש דערהארגענען זיי און ווארפן ארויס אפ יענער זײַט באָרט.

— און די פרויען פירן זיי אוועק צו זיך אפן אינדזול,— האָט צוגעגעבן דזשאָ, — די פרויען הארגענען זיי ניט.

— יאָ, — האָט אים אונטערגעהאלטן טאָם, — די פרויען הארגענען זיי ניט. זיי זײַנען צו איירל דערופ. און כוץ דעם, זײַנען די פרויען שטענדיק ווונדערלעך־שיין.

— און ס׳ארא פרעכטיקע קליידער זיי טראָגן. אלע קליידער זײַנען באדעקט מיט גאָלד, מיט זילבער, מיט ברילִיאנטן! — האָט אין היספײַלעס ויסגעשריגן דזשאָ.

— ווער טראָגט אזעלכע קליידער? — האָט געפרעגט העק.

— די פיראטן, פארשטייט זיך.

העק פין האָט צעטומלט באטראכט זײַן אייגן אָנטאָן.

— נו, מײַן אָנטאָן איז גאָר ניט קיין גאזלאָניש אָנטאָן, — האָט ער אומעטיק געזאָגט, — נאָר איך האָב דאָך ניט קיין אנדער אָנטאָן.

די יינגלעך האָבן אים געטרייסט, אז אפ שיינעם אָנטאָן וועט אים אויסקומען ווארטן ניט לאנג: ווי נאָר זיי וועלן אָנהייבן זייערע פיראטישע אָנפאלן, וועט בא זיי זײַן אי גאָלד, אי אָנ־טאָן — אלצדינג. און דערווײַל, אין אָנהייב טויג אויך זײַן אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן אָנטאָן, כאָטש, געוויינלעך, פארגרייטן זיך רײַכע גאזלאָנים באצײַטנס מיט פאסיקע קליידער.

ביסלעכווײַז האָט דער שמועס זיך איבערגעריסן; בא די קליי־נע פליטים האָבן זיך די אויגן געקלעפּט; ס׳האָט זיי א דרימל

באהערשט. די פּיפּקע האָט זיך אויסגעגליטשט פון דער „רויטער האַנטס" פינגער, און ער איז אַנשלאָפן געוואָרן מיטן שלאָף פון אַ מידן צדיק. דער „שרעק פון די יאַמען" און דער „שוואַרצער נעקאָמע־נעמער" זײַנען ניט אַזוי גיך אַנשלאָפן געוואָרן. זיי האָבן זיך אַוועקגעלייגט נאָך דעם, ווי זיי האָבן פאַר זיך די פאַר־שלאָף־געבעטן דורכגעזאָגט: ס'איז דאָך לעבן זיי ניט געווען קיין איין דערוואַקסענער, וואָס זאָל זיי צווינגען שטעלן זיך אויף די קני און הויך, אויף אַ קאָל זאָגן די טפילע. דעם עמעס זאָגן, האָבן זיי געוואָלט איינגאַנצן ניט זאָגן די טפילע, נאָר גלאַט, זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער דערשלאָגט זיי פּלוצלינג אַ דונער פון הימל. זיי זײַנען שוין אינגאַנצן גרייט געווען אַנשלאָפן צו ווערן, נאָר אין די נעשאָמעס בײַ זיי האָט עפּעס ניט געוואָלט אײַנרוען. דער געוויסן האָט זיי געערגערט. זיי האָבן אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז זיי האָבן ניט גוטס אויפגעטאָן, אַנטלויפנדיק פון דער היים. דערנאָך האָבן זיי זיך דערמאַנט אינעם צוגעגאַנוועטן פלייש, און דאָ ערשט האָט זיך אָנגעהויבן די עמעסע פּײַן. זיי האָבן זיך געפּרוווט אײַנשטילן דעם געוויסן, דערמאָנענדיק אים, אַז ס'איז זיי אויסגעקומען אויך פריִער צענדליקער מאָל צו שלעפּן פון קעמערל געבעקסן און עפּל, נאָר דער געוויסן האָט אײַנגעפונען, אַז די דאָזיקע באַוויַיזן זײַנען צו שוואַך, און ער האָט ניט געוואָלט באַרויִקן זיך. סאָפּקאָלסאָפּ, האָבן זיי זיך איבערצײַגט, אַז דער פאַקט בלײַבט אַ פאַקט. צושלעפּן אַ געבעקס אָדער אַן עפּל — דאָס איז ניט וויכטיק, נאָר צונעמען אַ פרעמד שטיק פלייש, אַ שטיק כאַזער, ביכלאַל עפּעס ווערטפולס, — דאָס איז שוין עמע־סע גנייווע, און די ביבל פאַרווערט עס. דעריבער האָבן זיי אײַנ זיך באַשלאָסן, אַז קאָלזמאַן זיי וועלן זײַן פּיראַטן, וועלן זיי מער ניט פאַרפלעקן זייער גאַזלאָנישע ווירדע מיט אַזאַ נידעריקן פאַר־ברעכן, ווי גנייווע. מיט אָט דעם טנאַי איז דער געוויסן, כאָטש

ס'איז ניט זייער לאָגיש געווען, איַינגעגאנגען שאָלעם צו מאכן, און אונדזערע גאזלאָנים זיַינען פרידלעך אנשלאָפן געוואָרן.

## קאפיטל 14.

אופגעכאפּט זיך אינדערפרי, האָט טאָם ניט באלד פארשטאַנען, ווו ער געפינט זיך.

ער האָט זיך אנידערגעזעצט, ארומגעקוקט זיך, דורכגעריבן די אויגן, און ערשט דעמאלט פארשטאנען. געווען איז א קילער, גרוייִנקער פרי. ס'האָט געטאָגט. די שטילקיַיט אין וואלד ארום האָט אָנגעווייט א צויבערלעך רו־געפיל. קיין איין בלעטל האָט זיך ניט גערירט, קיין איין קלאנג האָט ניט געשטערט די גרויסע מאכשאָוועס פון דער נאטור. אף די בלעטער און אף די גראָזן איז, ווי פערל, געלעגן טוי. דאָס באנאכטיקע פיַיער איז פארשאָטן געוואָרן מיט א וויַיסן שיכט אש, און בלויז א בלוי רויכל האָט זיך אין א דין שנירעלע געדרייט אינדערלופטן. דזשאָ און העק זיַינען נאָך געשלאָפן. וויַיט אין דער טיף פון וואלד האָט א געשריי געטאָן א פויגל, ס'האָט זיך אָנגערופן א צווייטער; ערגעץ האָט גענומען קלאפּן א פּיקהאָלץ. דאָס אינדערפריִענדיקע נעפּל־רויכל איז אלץ ליכטיקער געוואָרן, און אייַנצייַטיק דערמיט זיַינען די קלאנגען געוואקסן, האָבן די קלאנגען געמערט זיך, — דאָס לעבן האָט אומעטום אופגעוואכט, ס'האָט זיך פאר טאָמס אויגן פאנאנדערגעשפּרייט דער וווּנדער פון דער נאטור, וואָס טרייסלט פון זיך אראָפּ דעם שלאָף און נעמט זיך צו דער ארבעט. א קליין גרינינק ווערעמל איז געקראָכן איבער א בלעטל, וואָס איז נאס פון טוי. דאָס ווערעמל האָט אלע מאָל אונטערגעהויבן צוויי דריטל פון זיַין קערפּער אינדערלופטן ארוף, „ארומשמעקנדיק דעם וועג", און דערנאָך האָט זיך עס גערוקט וויַיטער. „עס מעסט דאָס בלעטל" — האָט טאָם א טראכט געטאָן,

און אז דאָס ווערעמל האָט, מיטן אייגענעם ווילן, גענומען דער־נעענטערן זיך צו אים, איז טאַמע ווי פאַרשטיינערט געוואָרן, פילנדיק דאָס אַן אָנפאַל, דאָס אַן אָפּפאַל פון האָפענונג, אָפּהענגיק דערפון, צי דאָס קליינע באַשעפעניש האָט זיך גערוקט אין זײַן זײַט אַרײַן, צי ס׳האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ס׳ע פאַרקערע־װעט. אַז דאָס ווערעמל איז, ענדלעך, נאָך אַ שווערער רעגע קווענקלעניש אַרופגעקראָכן אַף טאַמעס פוס און האָט גענומען שפּאַצירן אַף זײַן לײַב, האָט זיך טאַמעס האַרץ אָנגעפילט מיט פרייד: דאָס האָט באַטײַט, אַז ער ווערט אײַנגיכן האָבן נײַ אָנטאָן, — פאַרשטייט זיך, אַ פּרעכטיק גאַזאָלאָניש אָנטאָג, דערינע קאָן קיין שום ספק ניט זײַן. פון ערגעץ האָט זיך פלוצעם באַוויזן אַ גאַנצע מאַכנע מורעשקעס, און אַלע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. איינע האָט דרייסט געשלעפּט אַ טויטן שפּון, וואָס איז פינף מאָל גרעסער פון איר אַליין, און זי האָט באַוויזן אַ קינצ אים אַרופצושלעפּן אַפן שטאַם פון אַ בוים. אַ געפלעקט „מוישע־ראַביינעס פערדעלע״ האָט זיך אַרופגעדראַפּעט אַף דער מעסוקע־נער הייך פון אַ גראָז־שטענגל; טאַמע האָט זיך אָנגעבויגן צום פערדעלע און האָט אַ זאָג געגעבן:

„מוישעס פערדעלע, מוישעס פערדעלע, דו פלי אהיים.

די שטוב דײַנע ברענט, דײַנע קינדער זײַנען אַליין!״

און מוישע־ראַביינעס פערדעלע האָט אים טייקעף טאַקע געפאָלגט און איז אַוועקגעפלויגן אַ קוק טאָן אַף די קינדער. דאָס האָט טאַמען אַפילע ניט פאַרכידעשט: ער האָט שוין פון לאַנג געוווסט, ווי לײַכט ס׳גלייבט „מוישע־ראַביינעס פערדעלע״ אין סרייפעס, און ער האָט שוין ניט איינמאָל אָפּגענאַרט די דאָזיקע קליינע באַשעפעניש, אויסנוצנדיק איר נאַיִווקײַט. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ מיסט־זשוק, וואָס האָט שווער געשלעפּט זײַן קײַלעכ־דיקן קערפּער, — טאַמע האָט זיך צוגערירט צו אים, קעדיי צו זען,

וויאזוי ער וועט צוטוליען די לאפקעס צום קערפער און וועט זיך מאכן קלאָמפּערשט געשטאָרבן. די פויגלען האָבן זיך דער־ווייל צעפּילדערט. איין פויגל האָט זיך אוועקגעזעצט אפן בוים, וואָס איבער טאָמס קאָפּ, און האָט, פול מיט היספּייַלעס, גענומען טריי־לערן, נאָכקרימענדיק זיך זייַנע שכיינים. ווי א בלוי פּייַערל, האָט דורכגעשווינדלט אינדערלופטן א סאָווע — א קוויטשערן, האָט זיך אוועקגעזעצט אפ א צווייַגל, גאָר נאָענט פון טאָמען, האָט אָנגע־בויגן אין א זייַט אריין דאָס קעפל און האָט זיך מיט גוואלדיקן נייַגיר פארקוקט אפ די געסט. ס׳זייַנען גיך־גיך פארבייַגעלאָפן א גרוי וועווריקל און נאָך עפּעס א כייַעלע, וואָס איז עטוואָס היפּ־שער, א כייַעלע פון פוקסן־מין, — זיי האָבן ביידע אפ איין רעגע פארהאלטן זיך אפ צו באטראכטן און בארײדן אביסל די פּלוצלים־דיקע געסט; די כייַעלעך האָבן, זעט אויס, קיינמאָל נאָך ניט גע־זען קיין מענטשן, און האָבן אפילע ניט געוווּסט, צי דארפן זיי מוירע האָבן, צי ניין. די גאנצע נאטור האָט אופגעוואכט און האָט אויסגעגלייַכט די אייוורים; זון־שטראלן האָבן, ווי פייַלן, דורכגע־שניטן דעם געדיכטן געבלעטער; אינדערלופטן האָבן זיך באוויזן עט־לעכע באבעלעך — פאכ־פייגעלעך. טאָם האָט גענומען שטורכען די כאַווײרים — פּיראטן, און אין א רעגעס צוויי ארום האָבן זיי, נא־קעטערהייט, שוין געיאָגט זיך איינער נאָכן אנדערן, שטיפנדיק און שטופנדיק זיך אפן ווייַסן זאמדיקן ברעג. ס׳האָט זיי ניט געצויגן צוריק אין שטעטל אריין, וואָס איז געשלאָפן אינדערווייַטנס, אפ יענער זייַט פרעכטיקער וואסער־וויסטעניש. א צופעליקער שטראָם אָדער א גרינגער אָפּפלוס האָט אוועקגעטראָגן זייער פּליט. נאָר די ייִנגלעך זייַנען אפילע געווען צופרידן דערפון. דאָס האָט ווי באטייַט, אז זיי האָבן פארברענט אלע בריקן צווישן זיך און דער ציוויליזירטער וועלט.

זיי האָבן זיך אומגעקערט אין לאגער אריין ווונדערלעך־פרישע,

מונטערע און שרעקלעך־הונגעריקע; איינגיכן האָט שוין דער שיי־
טער געפלאַקערט נאָכאמאָל. העק האָט געפונען ניט ווײַט א קוואַל
מיט ריינער, קאַלטער וואסער. די ייִנגלעך האָבן זיך געמאַכט
קווערטלעך פון ברייטע דעמבענע און ניסענע בלעטער און האָבן
באשלאָסן, אז וואסער געמישט מיט בערג, וואַלד־שטילקייט און
קילקייט פארבייַט גאנצ פייַן קאַווע. דזשאָ האָט געגומען אָנ־
שנייַדן ווורשט אפ פרישטיק, נאָר טאָם און העק האָבן אים גע־
בעטן צוווארטן אביסל; זיי האָבן געפונען אפן ברעג א פאר־
טייַעט ערטל און האָבן פארוואָרפן אין וואסער אריַין די ווענט־
קעס; די רויב האָט ניט לאנג געלאָזט ווארטן אפ זיך. דזשאָ
האָט ניט באוויזן אפילע אָנצוווערן דעם געדולד, — און זיי האָבן
זיך שוין אומגעקערט, שלעפנדיק נאָך זיך א פּאָר גרויסע אָקונעס
און נאָך א בינטל פיש און פישלעך, — אזויפיל שפּייַז, אז ס'וואָלט
געקלעקט אפ אָנזעטיקן א גאנצ הויזגעזינד. זיי האָבן אָפּגע־
פּרעגלט די פיש איינייִנעם מיטן ווורשט און זייַנען דערשטוינט
געוואָרן: פיש האָבן בא זיי נאָך קיינמאָל ניט אויסגעזען אזוי
געשמאַק צו זייַן. זיי האָבן ניט געוווּסט, אז טייַך־פיש איז בע־
סער אָפּצופּרעגלען טאַקע טייקעף, ווי מ'האָט זיי געכאַפּט, און זיי
האָבן ניט געטראַכט דערפון, ס'אַרא פייַנער צוגאָב צום עסן איז—
שלאָף אפ דער פרייַער לופט, געלויפ, באָדן זיך, און דאָס וויכ־
טיקסטע — הונגער.

נאָכן איבערבייַסן האָבן זיי זיך אוועקגעלייגט אין שאָטן, און
העק האָט אויסגערויכערט א פּיפּקע. דערנאָך האָבן זיי זיך אלע
איינייִנעם אוועקגעלאָזט אפ אויסשפּירונג. זיי האָבן פריילעך גע־
שפּאַנט איבער פוילע קלעצער, האָבן זיך דורכגעריסן דורך
געדיכטע קוסטן, צווישן שטאָלצע שטאַמען, וואָס זייַנען
פון אויבן ביז אראָפּ ארומגעוויקלט מיט שלענגלדיקן ווילדן
ווייַנטרויב. פון צייַט צו צייַט פלעגן זיי אָנטרעפן אפ שיינינקע

ערטעלעך, וואָס זײַנען באַדעקט מיט זעלטענע טעפּיכער און פֿאַרפּוצט מיט קווייטן.

זיי האָבן געפֿונען אַסאַך אַזוינס, וואָס קאָן אַנטציקן, אָבער קיין איין זאַך, וואָס זאָל פֿאַרכידעשן. זיי זײַנען דערגאַנגען, אַז דער אינדזל האַלט אַנעריך דרײַ מײַל די לענג און אַ פֿערטל מײַל די ברייט און אַז דער אַקעגנדיקער ברעג, פּאַראַלעל צו וועלכן דער אינדזל ציט זיך, איז אָפּגעטיילט פֿונעם אינדזל מיט אַ שמאָלער וואַסער־שטרעקע, סאַכאַקל אַ הונדערט שפּאַן די ברייט — ניט מערער. געבאָדן האָבן זיי זיך קימאַט יעדער שאָ, און דעריבער האָבן זיי זיך אומגעקערט אין לאַגער אַרײַן העט־שפּעט נאָך מיטאָג. זיי זײַנען געוועזן הונגעריק, האָבן זיי זיך דעריבער ניט געלאָזט ווידער פֿיש פֿאַנגען. נאָר אויך אָן דעם האָבן זיי זיך געמאַכט אַן אויסגעצייכנטן מיטיק פֿון קאַלטן וווּרשט, און דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער אַוועקגעלייגט אין שאָטן פּלאַפּלען אַביסל. אָבער דער שמועס איז אײַנגיכן איבערגעריסן געוואָרן. די פֿײַערלעכע שטומעניש פֿונעם וואַלד, דער געפֿיל פֿון איינזאַמקייט, פֿון אָפּגעשיידטקייט פֿון מענטשן — האָבן אָנגעהויבן ווירקן אױף די ייִנגלעך. זיי האָבן זיך פֿאַרטראַכט, ס'האָט זיך אין זייערע הערצער פֿאַרגאַנוועט אַן אומקלאָרער אומעט — ס'האָט אָנגעהויבן שפּראָצן די בענקעניש אַהיים. אַפֿילע פֿין — „די רויטע האַנט" — אַפֿילע ער האָט געטרוימט וועגן אַ באַקאַנטן גאַנעק און וועגן די ליידיקע פֿעסלעך. נאָר יעדער איינער האָט זיך געשעמט מיט זײַן שוואַכקייט, און קיינער האָט קיין מוט ניט געהאַט אַרויסצוזאָגן אַפֿ אַ קאָל זײַנע געדאַנקען.

אַ שטיק צײַט שוין, אַז די ייִנגלעך האָבן שלאַבעריק געהערט אינדערווײַטנס עפּעס אַ באַזונדער קלאַנג, — געהערט האָבן זיי עס, ווי מע הערט אַמאָל דעם טיק־טאַק פֿון אַ זייגער, ניט אָפּגעבנדיק קיין אופֿמערקזאַמקייט, וואָס איז עס אַזוינס. נאָר דער

סוידעסדיקער קלאנג האָט צוביסלעכ געגומענ הערנ זיכ קלאָרער און האָט געמאָנט אופמערקזאמקײַט צו זיכ. די ייִנגלעכ האָבנ זיכ א כאַפּ אופ געטאָנ, האָבנ זיכ איבערגעקוקט און גענומענ איַינ־הערנ זיכ. ס׳האָט געהערשט א לאנג שווײַגנ, טיפע שטילקײַט; דער־נאָכ האָט זיכ פונווײַטנס געלאָזט הערנ א מאָרעשכוירעדיקער „בום״!

— וואָס איז עס? — האָט שטיל־שטיל געפרעגט דושאָ.

— כ׳הייב ניט אָנ צו פארשטיינ, — האָט אימ שטיל געענט־פערט טאָמ.

— דאָס איז, גוטער־ברודער, א דונער, — האָט דערשראָקנ דער־קלערט העקלבערי, — דערפאר א דונער, ווײַל...

— שווײַג דו! — האָט אפּ אימ אָנגעשריגנ טאָמ. — הער בע־סער, פלאפל ניט!

זיי האָבנ צוגעוואַרט א רעגע, וואָס האָט זיי אויסגעראכט, ווי אנ אייביקײַט, און דערנאָכ האָט זיכ צווישנ דער פײַנלעכער שטומעניש איבערגעכאַזערט דער זעלבער מאָרעשכוירעדיקער „בום״!

— קומט, גוטע־ברידער, לאָמיר א קוק טאָנ!

אלע דרײַ זײַנענ אופגעשפּרונגענ און האָבנ זיכ געלאָזט לויפנ צום ברעג, וואָס קוקט צום שטעטל צו. זיי האָבנ פאנאנדערגערוקט די קושטשעס און האָבנ ארויסגעקוקט.

אינ מיט טײַכ, א מײַל נידעריקער פונעמ שטעטל, איז גע־שווימענ מיטנ שטראָמ א קליינער דאמפּ־פאראָמ. די ברייטע פּא־לוב זײַנע איז אָנגעשטאָפּט געווענ מיט אוילעמ. ניט ווײַט פונעמ פאראָמ האָבנ ארופּ־שטראָמ, אראָפּ־שטראָמ געטראָגנ זיכ זייער אסאכ שיפלעכ, נאָר די ייִנגלעכ האָבנ ניט געקאָנט דערזענ, וואָס טוענ די מענטשנ אינ די שיפלעכ. פלוצלינג האָט זיכ איבערנ פאראָמ אופגעהויבנ א זײַל ווײַסער רויכ און ס׳איז אויסגעוואקסנ א גאנצ וואָלקנדל. דאָס דריטע מאָל האָבנ אונדזערע העלדנ דער־הערט דעמ מאָרעשכוירעדיקנ קלאנג.

— אצינד ווייס איך, וואָס סע באטײַט, — האָט אויסגעשריגן טאָם, — עמעצער איז דערטרונקען געוואָרן!

— נו, פארשטייט זיך, — האָט אונטערגעכאפּט העק, — פּונקט אזא פאל איז געווען פאראיאָרן זומער, ווען ס'איז דערטרונקען געוואָרן ביל טערנער; דעמלט האָט מען אויך געשאָסן פון א הארמאט איבערן וואסער, — מע זאָגט, אז דערפון שווימען די דערטרונקענע ארויף. כוץ דעם, נעמט מען א ברויט, מע לייגט אין דעם ארײַן קוועקזילבער און מע לאָזט עס אראָפּ אפן וואסער: דאָרט, ווו דער דערטרונקענער ליגט, דאָרט שטעלט זיך דאָס ברויט אָפּ.

— יאָ, כ'האָב געהערט וועגן דעם, — האָט געזאָגט דזשאָ, — נאָר איך פארשטיי ניט, פארוואָס שטעלט זיך עס אָפּ, דאָס ברויט.

— דאָ שטעקט דער איקער ניט אין ברויט, — האָט געגעבן צו פארשטיין טאָם, — דער איקער שטעקט אין די ווערטער, וואָס מע זאָגט, בייס מע לאָזט עס אראָפּ אפן וואסער.

— מע זאָגט גאַרניט, — האָט דערווידערט העק, — איך האָב אליין געזען, ווי מ'האָט עס געלאָזט אפן וואסער און מ'האָט גאָרניט ניט געזאָגט.

— ס'איז מאָדנע, — האָט געזאָגט טאָם, — און עפשער זאָגן זיי עס שטיל, פאר זיך. נו פארשטייט זיך! מ'קאָן זיך טייקעף אָנשטויסן, אז אזוי איז עס.

דזשאָ און העק האָבן מאסקים געווען, אז טאָם רעדט צו דער זאך. ס'איז זייער שווער געווען צו מיינען, אז א פּאָשעט שטיק ברויט, אָן א שפּרוך דערויף, זאָל קאָנען ווירקן אזוי קלוג אין אזא וויכטיקן פאל.

— אך, וואָלט זיך מיר געוואָלט אצינדערט זײַן דאָרטן! — האָט אויסגעשריגן דזשאָ.

— מיר וואָלט זיך אויך געוואָלט, — האָט אים אונטערגעהאלטן

העק,— א שרעק, ווי ס׳גלוסט צו דערוויסנ זיך, ווער עס איז דערטרונקענ געוואָרנ.

די ייִנגלעך האָבנ זיך אײַנגעהערט אונ האָבנ געוואַרט. פּלוצלינג האָט אינ טאָמס מויעך א בליץ געטאָנ אנ אײַנפאל.

— גוטע־ברידער! איר ווייסט, ווער ס׳איז דערטרונקענ געוואָרנ? דאָס זײַנענ מיר דערטרונקענ געוואָרנ!

זיי האָבנ מיטאמאָל דערפילט, אז זיי זײַנענ גרויסע העלדנ. ס׳איז זיי אנ אומגעהייערע סימכע באפאלנ: מע זוכט זיי, מע באוויינט זיי, צוליב זיי לאָזט מענ די שיפלעך אפּנ וואסער; אײבער זיי לײַדנ מענטשנ, פארגיסנ טרערנ, באשולדיקנ זיך, אז מע איז באגאנג אנ אומרעכט, מע איז אכזאָריעסדיק געווענ בענעגייע די אומגעקומענע ייִנגלעך, מע פּײַניקט זיך אינ געוויסנ־ערגערניש אונ מע האָט כאראָטע; אונ דאָס וויכטיקסטע, דאָס שענסטע,—סע רעדט וועגנ זיי די גאנצע שטאָט, אלע ייִנגלעך זײַנענ מעקאנע זייער באַרימטקײַט. נו, איז עס דענ ניט אויסגעצייכנט? טאקע צוליב דעם אליינ האָט דאָך, סאָפּקאָלסאָפּ, געלוינט ווערנ פּיראטנ.

אז ס׳איז געוואָרנ טונקל, האָט דער פּאראָם זיך אומגעקערט אפּ זײַנ אָרט, צו זײַנ געוויינלעכער ארבעט. די שיפלעך זײַנענ פארשווונדנ געוואָרנ, אונ די פּיראטנ האָבנ זיך אומגעקערט אינ לאגער ארײַנ. זיי זײַנענ געווענ גליקלעך פונ פרייד. זיי האָבנ אָנגעקוועלט פונ זייער נײַער גרויסקײַט אונ פונ די זאָרגנ, וואָס זיי האָבנ ארויסגערופנ בא זייערע היימישע אונ שכיינים. זיי האָבנ ווידער געכאפּט פיש, אָפּגעקאָכט זיי, האָבנ וועטשערע אָפּגעגעסנ, אונ דערנאָך גענומענ טרעפנ, וואָס רעדט מענ איצט אונ וואָס טראכט מענ איצט וועגנ זיי אינ שטאָט,—דערבײַ האָבנ זיי געמאָלט זיך אזעלכע בילדער, — יעדער אפּ זײַנ אויפנ, — אפּ וועלכע ס׳איז זייער אנגענעם געווענ צו קוקנ פונ זייער שטאנדפּונקט. נאָך אז די נאכט־שאָטנס האָבנ זיי ארומגעוויקלט, איז דער שמועס

צוביסלעכ איבערגעריסנ געוואָרנ; אלע דריַי האָבנ שארפ געקוקט אפנ פיַיער, אונ זייערע געדאנקענ האָבנ, זעט אויס, געשוועבט ערגעצ וויַיט. די אופגערעגטקיַיט איז פארביַי, אונ טאָמ מיט דזשאָענ האָבנ ניט געקאָנט ניט דערמאנענ זיכ אינ עטלעכע היימישע, וועלכע ס'איז געוויס ניט גאָר פרייַלעכ געוועזנ פונ אָט דעמ לוסטיקנ אופטו. ס'זיַינענ אָנגעקומענ ספייקעס. בא ביידנ איז אומרויִק געוועזנ אפ דער נעשאָמע. זיי האָבנ זיכ ביידע אומ־גליקלעכ געפילט; פונ ציַיט צו ציַיט האָבנ זיכ בא זיי אפילע ארויסגעריסנ ניט־אומיסטנדיקע קרעכצנ. דזשאָ האָט אפילע שעמעוודיק א ריזיקיר געטאָנ צו דערוויסנ זיכ, ווי וועלנ זיכ די איבעריקע באציִענ צומ געדאנק וועגנ אומקערנ זיכ צו דער ציווילעזירטער וועלט, — פארשטייט זיכ, ניט טייקעפ, נאָר...

טאָמ האָט אימ פארשאָטנ מיט שטעכווערטלעכ, האָט אימ געמאכט צונישט מיט פאראכטונג. העק האָט מאסקימ געוועזנ מיט טאָמענ, אונ דער אומגליקלעכער צווייפלענדיקער העלד האָט זיכ געיַילט צו דערקלערנ, אז ער האָט עס געפרעגט גלאט אזוי, — ער האָט זיכ געמיט, דזשאָ, מיט אלע מיטלענ פארענטפערנ זיכ פונ דער באשולדיקונג אינ מוטלאָזער בענקעניש אהיימ, אונ סע האָט אימ געפרייט, אז ער איז בלויז פארבליבנ אונטער א כשאד. דאָסמאָל איז דער אופשטאנד אינ סאמע אָנהייב דערשטיקט געוואָרנ.

די פינצטערניש איז געוואָרנ אלצ געדיכטער. העק האָט אלצ אָפטער געשמאָרעט מיט דער נאָז, אונ, ענדלעכ, האָט ער גענומענ כראָפּענ. נאָכ אימ איז אויכ דזשאָ אנשלאָפנ געוואָרנ. טאָמ איז א שטיקל ציַיט געלעגנ אומבאוועגלעכ, אָנשפארנדיק זיכ אפנ עלנבויגנ, אונ האָט שארפ זיכ איַינגעקוקט אינ די פענעמער פונ די כאווירימ. דערנאָכ האָט ער פאָרזיכטיק זיכ אופגעשטעלט אפ די קני אונ האָט גענומענ שארנ אינ גראָז באמ פינקלענדיקנ אָפשיַינ פונ שיַיטער. ער האָט געפונענ עטלעכע גרויסע שטיקער

ווײַסע קאָרע און האָט אויסגעקליבן פון זיי די צוויי פּאַסיקסטע: דערנאָך האָט ער, שטייענדיק אַף די קני לעבן פײַער, אויסגע־קריצט מיט גרויס מי עטלעכע ווערטער אַף יעדן פון די שטיקער קאָרע. איין שטיק האָט ער צונויפגעוויקלט און באַהאַלטן אין דער קעשעניע פון זײַן רעקל, דאָס אַנדערע האָט ער באַהאַלטן אין דזשאָס היטל. כוצדעם האָט ער אין היטל אַרײַנגעלייגט עטלעכע ווערטפולע זאַכן: אַ שטיק קרײַד, אַ מעקער, דרײַ קריקלעך פון ווענטקעס און איינס פון די קײַקעלעך, וואָס זײַנען באַוווּסט אונטערן נאָמען „עמעסער קרישטאָל". דערנאָך האָט ער זיך פאַר־זיכטיק, אַף די שפּיץ־פינגער, דורכגעגאַנגען צווישן די ביימער, איז שפּיל־שטיל אָפּגעגאַנגען אַ היפּשע שטרעקע און דערנאָך געלאָזט זיך לויפן צום ברעג צו.

קאַפּיטל 15.

אין עטלעכע רגעס ארום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין וואַ־סער, געשפּאַנט צום אילינוייער ברעג צו. ער איז דורך אַ האַלבן וועג, איידער די וואַסער האָט אים דערגרייכט ביזן פּופּיק; נאָר ווײַטער איז אומעגלעך געווען צו גיין, דער שטראָם האָט גע־שטערט. האָט זיך טאָם געלאָזט שווימען; ביזן אַנטקעגנדיקן ברעג איז געבליבן סאַכאַקל אַ שפּאַן הונדערט. ער איז געשווומען קעגן שטראָם, נאָר ס'האָט אים אַראָפּגעטראָגן אַראָפּ פיל שנעלער, ווי ער האָט גערעכנט זיך. דאָך האָט ער סאָפּקאָלסאָפּ דערגרייכט דעם ברעג און האָט געשפּאַנט פאַרבײַ אים, ביז ער האָט ניט געפונען קיין פּאַסיק ערטל אַף אַרויסצוגיין. דאָ האָט ער אַרײַנגערוקט די האַנט אין קעשעניע פון רעקל, האָט אָנגעטאַפּט, צי די קאָרע איז גאַנץ, און האָט זיך געלאָזט ווײַטער דורכן וואַלד, אינדערלענג פון ברעג, ניט לייגנדיק קיינשום אַכט דערויף,

וואָס פון זײַן אָנטאָן רינט וואסער. ס'איז שוין געווען ארום צען אזייגער, ווען ער איז ארויס אפ א הויל אָרט אקעגן שטעטל און האָט דערזען דעם פאראָם, וואָס שטייט אונטער די ביימער לעבן הויכן ברעג. ארום איז שטיל געווען. בא דער שטערן־שײַן האָט טאָם שטיל־שטיל געגאנוועט זיך איבערן ברעג, אָנגעשטרענגט אײַנקוקנדיק זיך אין וואסער. ער האָט זיך אראָפּגעגליטשט אין וואסער ארײַן, איז אָפּגעשווומען עטלעכע שפאן און איז ארײַנ־געקראָכן אין שיפעלע, וואָס איז צוגעבונדן צום פאראָם. ער האָט זיך אוועקגעלייגט אפן דנאָ פון שיפעלע און מיט פארשמאכטן הארץ געווארט, וואָס וועט זײַן. ס'האָט זיך דערהערט א קלונג פון א גלעקל און א קאָל, וואָס גיט א באפעל: „לאָז אָפּ!" אין א רעגע ארום האָט זיך דער באָרט פון פאראָם אופגעהויבן הויך איבערן שיפעלע, און ביידע—דער פאראָם מיטן שיפעלע—האָבן זיך געלאָזט אין וועג ארײַן. טאָם איז גליקלעך געווען דערפון, וואָס ס'האָט זיך אים אײַנגעגעבן—ער האָט געוווסט, אז דער פא־ראָם וועט שוין הײַנט ווײַטער ניט גיין. ס'זײַנען דורך צוועלף אָדער פופצן גוואלדיק לאנגע מינוטן. דער פאראָם — פירער האָט זיך אָפּגעשטעלט; טאָם איז ארויסגעקראָכן פון שיפל און האָט זיך אין דער פינצטער געלאָזט שווימען צום ברעג. קעדיי ניט אָנטרעפן אפ צופעליקע פארבײַגייער, איז ער ארויס אפן ברעג, א שפאן פופצן נידעריקער פונעם נייטיקן אָרט, ער האָט אויסגעקליבן די סא־מע ליידיקסטע געסלעך און האָט זיך אינגיכן דערשלעפט צו זײַן מומעס הויז. ער איז אריבערגעקראָכן איבערן פארקן און האָט ארײַנגעקוקט אין פענצטער פון דער מומעס אלקער, ווו ס'איז ליכטיק געווען. אין צימער זײַנען געזעסן: די מומע פאָלי, סיד, מערי און דזשאָ גארפערס מוטער. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך; זיי זײַנען געזעסן לעבן בעט אזוי, אז דאָס בעט האָט זיך געפו־נען צווישן זיי און דער טיר. טאָם איז צוגעגאנגען צו דער טיר

און געגומענ פּאָרזיכטיק אָפּרוקנ דעמ פּארוקער, דערנאָכ האָט ער פּאָרזיכטיק א שטופּ געטאָנ די טיר: זי האָט א סקריפּע געגעבנ; ער האָט זי ווײַטער געקוועטשט, ציטערנדיק בא יעדער סקריפּ; ענדלעכ, האָט זיכ באַוויזנ א שפּאַלט, דורכ וועלכנ טאָמ האָט גע־קאָנט דורכקריכנ אפּ די קני; ער האָט אַרײַנגערוקט דעמ קאָפּ און האָט געגומענ קריכנ.

— וואָס האָט זיכ עפּעס דער פֿלאַמ פֿונ דער ליכט אזוי צע־שאָקלט פֿלוצעמ? — האָט א זאָג געגעבנ די מומע פּאָלי—(טאָמ האָט געגומענ קריכנ גיכער),—זעט אויס, די טיר איז אָפּנ. נו, יאָ, פֿארשטייט זיכ. איצט טרעפּנ ניסימ אַף יעדנ טריט און שריט. גיי, פֿארמאַכ די טיר, סיד!

טאָמ איז פּונקט אינ דעמ אויגנבליק ארונטער אונטערנ בעט. ער האָט איבערגעכאַפּט דעמ אָטעמ, און דערנאָכ איז ער צוגע־קראָכנ אזוי נאָענט, אז ער האָט געקאָנט קימאַט צורירנ זיכ צו דער מומעס פֿיס.

— יאָ, האָב איכ געזאָגט, — האָט ווײַטער גערעדט די מומע פּאָלי,—אז געוועזנ איז ער גאָר ניט קיינ שלעכט ייִנגל, בלויז א שטיפער א גרויסער, א קונדעס, ווי אַלע ייִנגלעכ, נאַטירלעכ: שפּרינגט, ווי א לאָשעקל, קאָנ מענ צו אימ טײַנעס האָבנ? ער האָט קיינמאָל גאָרניט ניט געטאָנ מיט קיינ בייזנ מיינ. און א האַרצ האָט ער געהאַט א גאָלדנס.

און זי האָט זיכ צעוויינט.

— מײַנ דזשאָ איז אויכ פּונקט אזא געוועזנ. ער איז שטענדיק גרייט געוועזנ ווילדעוועננ, אינ שטיפּערײַענ איז ער שטענדיק דער ערשטער געוועזנ, אָבער א גוטער איז ער געוועזנ, בעסער קאָנ מענ ניט זײַנ, און גאָר, גאָר קיינ עגאָיִסט ניט. גאָטעניו, פֿארגיב מיר, דער זינדיקער! אז איכ דערמאָנ זיכ, ווי כ׳האָב אימ אָנגע־שמיסנ פֿארנ אײַנגעמאַכטס, ווענ ס׳איז מיר גאָר פֿונעמ קאָפּ ארויס,

אז דאָס האָב איך דעם אײַנגעמאכטס אַלײנ ארויסגעוואָרפֿנ, ווײַל ער איז קאַליע געוואָרנ... אז איך דערמאנ זיך, אז איך וועל שוינ קײנמאָל מער ניט זענ אים, מײַנ דזשאָען, אפֿ דער וועלט, קײנ־מאָל מער, קײנמאָל, קײנמאָל! מײַנ אומגליקלעכ ייִנגל!

אונ מיסיס גארפֿער האָט זיך אזוי צעיאָמערט, אז געדאכט האָט זיך, איר הארצ ווערט צעריסנ־צעפּיצלט.

— איך רעכנ, אז טאָמענ איז איצט בעסער דאָרט, ווו ער גע־פֿינט זיך, — האָט א זאָג געגעבנ סיד, — נאָר ווענ ער וואָלט אביסל בעסער געווענ אפֿ דער וועלט...

— סיד! (טאָם האָט דערפֿילט, ווי בא דער מומענ האָבנ זיך די אויגנ אָנגעצונדנ, כאָטש זענ האָט ער ניט געקאָנט). ווי האָסטו עס די האָזע צו רײדנ אזוי וועגנ מײַנ טאָמענ אצינד, ווענ ער איז נישטאָ! אצינד מישפּעט אים גאָט אלײנ, אונ דו, זײַ מויכל, באמי זיך ניט. אכ, מיסיס גארפֿער, איך ווײס אפֿילע ניט, וויִאזוי וועל איך עס אריבערטראָגנ. איך קאָנ פּאָשעט ניט גלײבנ, אז ער איז שוינ ניטאָ! ער איז געווענ בא מיר אזא טרײסט, כאָטש ער פֿלעג פּײַניקנ מײַנ אַלט הארצ.

— גאָט האָט געגעבנ, גאָט האָט צוגענומענ... געלויבט זאָל זײַנ גאָטס נאָמענ! נאָר שווער איז עס — אכ, ווי שווער! ערשט יענע וואָכ, שאבעס, האָט מײַנ דזשאָ אויסגעשאָסנ פֿונ זײַנ שפּיל־פּיסטאָלעטל פּונקט מיר אונטער דער נאָז, אונ כ׳האָב אים אזא זעצ געגעבנ, אז ער האָט זיך איבערגעקערט. איך האָב ניט גע־ווּסט, אז אזוי גיכ ווערט... ווענ כ׳וואָלט געוווּסט, וואָלט איך אים צעקושט אונ געבענטשט.

— נו, יאָ, יאָ, איך פֿארשטײ אײַכ, מיסיס גארפֿער, כ׳פֿאר־שטײ אײַער הארצ. ערשט נעכטנ נאָכנ וואַרמעס האָט מײַנ טאָם אָנגעפֿויעט מײַנ קאָטער מיטנ „יעסורים־פֿארטרײַבער“. דאָס אומ־גליקלעכע בײַעלע האָט זיך אזוי ארומגעוואָרפֿנ, אז כ׳האָב געמײנט —

קיין איין גאנצע קיילע וועט ניט בלייבן אין שטוב. און איך האָב אויך, זאָל מיר גאָט מויכל זיין, אים שיר דעם קאָפּ ניט דורכגע־לעכערט מיט מיין פינגערהוט. אומגליקלעכע יינגל מיינס! נו, אצינד האָבן זיך שוין אלע צאָרעס זיינע פארענדיקט. און די לעצטע ווערטער, וואָס כ'האָב געהערט פון אים, זיינען אזעלכע ביטערע געווען...

נאָר די דאָזיקע דערינערונג איז שוין צו שווער געווען פאר דער אלטיטשקער, זי האָט זיך צעיאָמערט. טאָם האָט אויך גע־כליקעט,—דערהויפּט פון ראכמאָנעס אפ זיך אליין. ער האָט געהערט, ווי אויך מערי וויינט, דערמאנענדיק אים אלע מאָל מיט א צארט וואָרט. פון אָט דעם אלעמען איז טאָם אלץ וויכטיקער בא זיך, שטאָל־צער און אָנגעלייגטער געוואָרן. דאָך, דער מומעס יעסורים האָבן אים זייער גערירט; ס'האָט זיך אים געגלוסט ארויסקריכן פון אונטערן בעט, זי דערפרייען, ארייננוואַרפן זיך אין אירע אָרעמס; ס'וואָלט דאָך, כוץ אלעמען, געווען אזא פרעכטיקער טעאטראלער עפעקט. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך איינגעהאלטן און איז ווייטער געלעגן שטיל, צוהערנדיק זיך צום שמועס. פון באזונדע־רע פראזן האָט ער זיך דערוווּסט, וויאזוי האָט מען אויסגע־טייטשט זייער פארשווינדן ווערן: פון אָנהייב האָט מען גערעכנט, אז זיי זיינען דערטרונקען געוואָרן בייסן באָדן זיך, דערנאָך האָט מען דערזען, אז ס'ע פעלט דער פליט; דערנאָך האָבן עט־לעכע יינגלעך דערמאנט זיך, אז די פארשווונדענע כאוויירים האָבן צוגעזאָגט אינגיכן פארכידעשן מיט עפעס די גאנצע שטאָט. דאן האָבן די היגע קלוגע לייט געגומען כקירען און האָבן באשלאָסן, אז די יינגלעך זיינען אוועק אפן פליט, קעדיי ארויסצווועצן זיך אפן ברעג אין דער ערשטער נאָענטסטער שטאָט. נאָר צו מיטאָג־צו האָט מען געפונען דעם פליט לעבן ברעג, א מייל 5—6 נידעריקער פון שטעטל, און דאן האָט מען אלע האָפענונגען אָנגעווירן.

מ'האָט באַשלאָסן, אַז די ייִנגלעך זײַנען אַפּ געוויס דערטרונקען געוואָרן, אַניט וואָלט דאָך דער הונגער זיי פאַרטריבן אַהיים צו פאַרנאַכט צו, אויב ניט פריִער נאָך. וואָס שײַעך דערצו, וואָס ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען די טויטע קערפּערס, האָט מען עס דערקלערט דערמיט, וואָס די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען אין סאַמע מיט טײַך,—ווען ניט דאָס, וואָלטן די ייִנגלעך, וואָס האָבן זייער גוט געקענט שווימען, גיך דערשווומען צום ברעג. הײַנט איז מיטוואָך אַפּדערנאַכט. אויב ביז זונטיק וועט מען די קערפּערס ניט געפינען, איז, הייסט עס, קיין שום האָפענונג שוין נישטאָ, און זונטיק וועט מען אײַנאָרדענען אין קלויסטער אַ פּאַניכידע נאָך די פאַרשטאָרבענע. באַם וואָרט „פּאַניכידע” האָט טאָם אַ פלאַטער געטאָן, ס'איז אים אַ שוידער באַפאַלן.

מיסיס גאַרפּער האָט, יאָמערנדיק, זיך געזעגנט און האָט זיך געלאָזט גיין צו דער טיר צו. נאָר זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, ביידע פאַריאָסעמטע פרויען האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איינע צו דער אַנדערער אין די אָרעמס אַרײַן און האָבן ביידע צעוויינט זיך פאַרן צעשיידן זיך. די מומע פּאָלי האָט גוואַלדיק צאַרט אַ קוש געטאָן פאַרן שלאָפן־גיין סידן און מערין,—סיד האָט דערבײַ געוויינט כניקענדיק, און מערי איז זיך פאַרגאַנגען אין טרערן.

די מומע פּאָלי איז געפאַלן אַפּ די קני און האָט גענומען גאָט בעטן פאַר טאָמען אַזוי הייס, מיט אַזאַ שטאַרקער ליבע אין די ווערטער און אין דעם אַלטן צעבראָכענעם קאָל, אַז באַ טאָמען אַליין איז דאָס פּאָנעם נאַס געוואָרן פון טרערן.

טאָמען איז נאָך לאַנג אויסגעקומען צו ליגן, ניט רירנדיק זיך, אונטערן בעט, אַפילע נאָך דעם, ווי די מומע האָט זיך שלאָפן געלייגט; זי האָט זיך די גאַנצע צײַט אומרויִק געדרייט, געוואָרפן זיך, געהוסט און שווער געזיפצט. סאָפקאָלכאָפּ, איז זי אַנשוויגן געוואָרן און פון צײַט צו צײַט אַ קרעכץ געגעבן פון שלאָף. טאָם

איז ארויסגעקראָכן פון אונטערן בעט, האָט זיך פאָרזיכטיק אויפֿגעשטעלט און האָט לאַנג, פארשטעלנדיק מיט דער האנט דאָס ליכט, געקוקט אפ דער אלטיטשקער. ער האָט גרויס ראכמאָנעס געהאט אפ איר, ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשעניע דאָס שטיקל קאָרע און האָט דאָס אוועקגעלייגט לעבן ליכט. דערנאָך האָט ער אין עפּעס זיך דערמאנט, האָט א טראכט געטאָן, האָט גיך, גיך באהאלטן די קאָרע צוריק אין קעשעניע ארײַן, האָט אָנגעבויגן דאָס שײַנענדיקע פּאָנעם און האָט א קוש געטאָן די פארוועלקטע זקיינישע ליפּן. דערנאָך איז ער שטיל, שטיל ארויסגעגאַנגען און פארשלאָסן הינטער זיך די טיר אפן פארוקער.

ער איז צוגעקומען צום ברעג, צום אָרט, ווו ס'ע שטייט געווײַנלעך דער פּאראָם. ער האָט קײנעם ניט געטראָפן אפן ברעג און איז דרייסט ארופ אפ דער שיף.

ער האָט געוווסט, אז אפ דער שיף קאָן זיך קײנער ניט געפינען, אכוצן וועכטער, און אז דער וועכטער האָט א טעווע צו פארקריכן אין קאיוט ארײַן און געשמאק פּאָפן. האָט טאָמ אָפּגעבונדן דעם פּאראָם, איז שטיל־שטיל ארופ אפ אים און גענומען, רודערנדיק, הייבן זיך מיטן שטראָם ארופ. אָפּפאָרנדיק אנערעכ א מײַל, האָט ער געלאָזט גײַן דעם פּאראָם צום אנטקעגנדיקן ברעג און האָט אים אָפּגעשטעלט דאָרט, ווו ס'איז נייטיק געווען: ס'האָט זיך אים זייער געוואָלט ווערן דער שטענדיקער באלעבאָס איבערן פּאראָם, ווײַל דער פּאראָם איז דאָך אויך געווען קימאט א שיף און דערמיט אלײן שוין א געזעצלעכע פּיראטן־רויב. נאָר געוווסט האָט ער, אז דעם פּאראָם וועט מען אומעטום זוכן, און דאָס קאָן אנטפּלעקן די שפּורן, דעריבער איז ער פראָסט ארויס אפן ברעג, איז אביסל געזעסן אין וואלד, האָט פּײַן זיך אויסגערוט, קוים אײַנהאלטנדיק זיך פון אנשלאָפן ווערן, און האָט זיך א מידער געלאָזט גײַן צוריק צו די כאוויירים. ס'האָט שוין געהאלטן

בֿאַ סאָפֿ נאכט, און אז ער איז צוגעקומען צום אָרט, איז שוין אינגאנצן ליכטיק געווען. ער איז נאָך אביסל געזעסן, ביז די זון האָט אביסל דערוואַרעמט מיט אירע גילדענע שטראַלן די וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער אַרײַן און גענומען שווימען. שפּעטער אביסל האָט ער זיך באַוויזן, אַ פּיטש נאַסער, אין לאַגער פּונקט אין דער רגע, ווען דזשאָ האָט געדעדט:

— ניין, העק, טאָם איז אַ געטרײַער בּאָכער. ער וועט ניט אַנטלויפֿן, ער וועט זיך אומקערן. ער ווייסט, אַז אַנטלויפֿן איז אַ שאַנדע פֿאַר אַ פּיראַט. כּוץ אַלעמען, איז טאָם צו שטאָלץ, ער זאָל אַזוינס טאָן. ער האָט עפּעס אַן אויפֿטו פֿאַרטראַכט. וואָס האָט ער עס געקאָנט פֿאַרטראַכטן?

— נו. אָבער די זאַכן זײַנען פֿונדעסטוועגן אונדזערע?

— קימאַט, העק, נאָר ניט אינגאַנצן. אין בריוו שטייט, אַז מיר זאָלן זיי נעמען, אויב ער וועט זיך ניט אומקערן צום איבערבײַסן.

— און טאָם איז טאַקע דאָ! — האָט, פּלוצלינג זיך באַווײַזנדיק, אויסגעשריגן טאָם.

דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ וווּנדערלעכן דראַמאַטישן עפֿעקט.

זיי האָבן גיך געמאַכט זיך אַן איבערבײַסן פֿון ווורשט און פֿיש און האָבן אים אָרנטלעך אויפֿגעגעסן. נאָכן איבערבײַסן האָט טאָם דערציילט (ניט אָן באַפּוצונגען) אַלץ, וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט אים. אַז ער האָט געענדיקט דערציילן, איז די גאַדלעס פֿון אונדזערע העלדן אויסגעוואַקסן ביזן סאַמע הימל. אָפּגעגעסן, האָט טאָם זיך צוגעלייגט אין שאָטן כאַפּן אַ שלאָף. די איבעריקע פּיראַטן זײַנען אַוועקגעגאַן כאַפּן פֿיש און אויספֿאָרשן דעם אינדזל.

נאָכן וואַרמעס האָט די גאַנצע באַנדע זיך אַוועקגעלאָזט צום ברעג אױף געיעג נאָך אײעלעך פֿון מױערקעפּלעך. זײ האָבן אַרײַנ־געגראָבן די שטעקלעך אין זאַמד אַרײַן, און ווו זײ האָבן גע־טראָפֿן אַ ווייך ערטל, פֿלעגן זײ זיך שטעלן אױף די קני און נעמען גראָבן דעם זאַמד מיט די הענט. אָפֿט פֿלעגן זײ פֿון אַזאַ גריבל אַרױסנעמען אַ פֿינף־זעקס צענדליק אײעלעך מיטאַמאָל. געווען זײַנען די אײעלעך קײַלעכיקע, ווײַסע, אַביסל גרעסער פֿון אַ ניסעלע. דעם טאָג האָט די כעוורע געהאַט אַ גרויסאַרטיקע וועטשערע, אױך דעם צווייטן פֿרימאָרגן האָבן זײ געהאַט אַ זעל־טענעם פֿרישטיק. נאָכן פֿרישטיק זײַנען זײ געשפּרונגען און אַרומגעלאָפֿן איבערן ברעג, געיאָגט זיך אײנער נאָכן צווייטן, אויסטועענדיק זיך אין מיטן לויפֿן, ביז זײ האָבן ניט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דאָס גאַנצע אָנטאָן; דערנאָך האָבן זײ זיך געשפּילט און געשפּריצט אין וואַסער, קעמפֿנדיק מיטן שטראָם, וואָס וואַרפֿט זײ פֿון די פֿיס, — דערפֿון איז נאָך פֿרײלעכער געוואָרן. אָפֿט פֿלעגן זײ צונויפֿנעמען זיך אינאײנעם, אָנעמען וואַסער אין די זשמעניעס און פּליוסקען אײנער דעם צווייטן אין פּנים אַרײַן. געענדיקט האָט זיך עס מיט אַן אַלגעמײנעם געראַנגל, — אַלע דרײַ האָבן, פֿאַרדרײענדיק זיך אין אַ קנויל פֿון ווײַסע הענט און פֿיס, אַרום־געשלײַדערט זיך אױף דער ערד, בלאָזנדיק זיך, שפּריצנדיק, לאַכנ־דיק, שפּײַענדיק, און קאַם געכאַפּט דעם אָטעם.

געבליבן אָן קויכעס, פֿלעגן זײ אַרויסלויפֿן פֿון וואַסער, זיך אויסציִען אױפֿן טרוקענעם, הײסן זאַמד און אײַנגאַנצן פֿאַרגראָבן זיך אין אים. דערנאָך פֿלעגן זײ ווידער אַרײַנוואַרפֿן זיך אין וואַסער אַרײַן, און ס'פֿלעגט זיך אַלץ איבערכאַזערן אױפֿסנײַ. ענד־לעך, איז זײ געקומען אױפֿן זינען, אַז זײער נאַקעט לײַב איז

זייער געראָטן אין טריקאָ פון לײַב־קאָליר; זיי האָבן געמאכט אין זאמד א קרײַז און אײַנגעאָרדנט א צירק. דער צירק איז באשטאַנען פון גאנצע דרײַ קלאָונעס, — קיינער פון זיי האָט ניט געוואָלט אָפטרעטן אָט די באליבטע ראָליע.

דערנאָך האָבן זיי ארויסגענומען זייערע קײַקעלעך און גענומען שפּילן זיך אין קאָלערליי שפּילן, ביז ס'איז זיי נימעס געוואָרן. פּאמעלעך זײַנען זיי זיך פאנאנדערגעגאנגען אין פארשיידענע זײַטן, יעדער איינער האָט אומעטיק געקוקט צום ברייטן טײַך, צו יענער זײַט, ווו ס'ליגט דאָס שטעטל, באגאָסן מיט זון. טאָם האָט, אליין ניט באמערקנדיק עס, געשריבן מיטן גרויסן פינגער אין זאמד: בעקי; ער האָט זיך אליין געפאקט באם פארברעכן, האָט אָפּגעריבן דאָס אָנגעשריבענע און איז אין קאס געוואָרן אף זיך פאר דער שלאבעריקײַט, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן און האָט ווידער אָנגעשריבן דעם נאָמען. דערנאָך האָט ער ווידער אָפּגעריבן און, קעדיי בײַקומען זיך, איז ער אוועק צו די כאוויירים.

נאָר דזשאָ איז אויך געווען בא זיך אראָפּגעפאלן, ער האָט קימאט דעם גאנצן מוט פארלוירן. ס'האָט אים אזוי געצויגן אהיים, אז ער האָט שיר ניט געוויינט. העק איז אויך מאָרעשכוירעדיק געוואָרן. טאָם אליין האָט זיך ניט מיט אלעמען געפילט, נאָר ער האָט זיך געמיט דאָס ניט ארויסווײַזן. ער האָט געהאלטן בעסאָד עפּעס אזוינס, וואָס ער האָט דערווײַל ניט געוואָלט פארטרויען די כאווײרים, נאָר באשלאָסן האָט ער, אז אויב ס'וועט אים ניט אײַנגעבן זיך פארטרײַבן זייער אומעטיקײַט, וועט ער עס זיי טייקעף אויסזאָגן. קלוימערשט רויִק אינגאנצן, האָט ער זיך געווענדעט צו זיי:

— איר ווייסט וואָס, גוטע־ברידער, קומט צו געוועט, אז אף אָט דעם אינדזל זײַנען אויך ביז אונדז געווען פּיראטן. קומט,

לאָמיר אַרומגיין דעם אינדזל נאָכאַמאָל, דאָ איז געווען עראָ־
ווי באַהאַלטן אַ אוצער. וואָס וועט איר, אַשטייגער, זאָגן, אויב
מירן אָנטרעפֿן אַ צעפֿוילט קעסטל, וואָס איז ביז העט־אַרויף
אָנגעפֿילט מיט גאָלד און מיט זילבער, האַ?

אָבער דער דאָזיקער פֿאָרשלאָג האָט קיין שום היספּײַלעס ניט
אַרויסגערופֿן. טאָם האָט פֿאָרגעלייגט נאָך אַ צוויי־דרײַ צוציִענ־
דיקע פֿאָרשלאָגן, נאָר אַלע זײַנע פּרוּוון האָבן זיך ניט אײַנגעג־
געבן. דזשאָ האָט אומעטיק געשטופּט דאָס שטעקל אין זאַמד
אַרײַן. דאָס פּאָנעם איז בײַ אים פֿינצטער געווען. ענדלעך, האָט
דזשאָ אַ זאָג געגעבן:

— אָך, גוטע־ברידער, לאָמיר אַוועקוואַרפֿן אונדזער אופֿטו.
איך וויל אַהיים. דאָ איז אַזוי וויסט.

— ניין, דזשאָ, דו וועסט זיך צוגעוווינען, — האָט אים אײַנ־
גערעדט טאָם. — דו דערמאַן זיך נאָר, ווי גוט ס׳כאַפּט זיך דאָ
פֿיש.

— כ׳באַדאַרף ניט האָבן קיין שום פֿיש, כ׳וויל אַהיים.

— און דאָס באָדן זיך? נאָך אַזאַ אָרט אַף באָדן זיך וועסטו
אינערגעץ ניט קריגן.

— כ׳באַדאַרף ניט קיין שום באָדן. מיר געפֿעלט שוין ניט
זיך באָדן, אַצינד, ווען קיינער פֿאַרווערט עס ניט. איך וויל אַהיים.

— פֿו, ס׳אַ נאַרישע רייד! פּיצינקעלע! צו דער מאַמען האָט
זיך אים פֿאַרגלוסט! — האָט אים איבערגערייצט העק.

— נו יאָ, צו דער מאַמען. אויך דיר וואָלט זיך פֿאַרגלוסט,
ווען דו זאָלסט האָבן אַ מאַמען, און קיין פּיצינקעלע בין איך
ניט, — איך בין מיט דיר אין איינע יאָרן.

און דזשאָ האָט זיך צעוויינט.

— נו, גוט, זאָל אונדזער צערעפּעט קינד אַוועקגיין אַהיים,
מירן אים אָפּלאָזן — עמעס, העק? אַ ראַכמאָנעס אַף אים, ער האָט

זיך נאָך דער מאמעס פארבענקט. נו, איז וואָס? זאָל ער זיך גיין! דיר געפעלט דאָך דאָ — איאָ, העק? מירן מיט דיר בלייבן דאָ?

— י־יאָ, — האָט צעצויגן געענטפערט העק, אָבער אָן באַוונ־דער היספּײלעס.

— איך בין מיט דיר פון היינט אָן ברויגעז, — האָט געמאָלדן דזשאָ, אופשטייענדיק, — זײַ וויסן!

ער איז אָנגעברויגעזט אָפּגעגאנגען אין אַ זײַט און גענומען זיך אָנטאָן.

— אַ טײַערע מעציע! זײַ אַזוי גוט! קיינער באַדאַרף דיך דאָ ניט האָבן. גיי אַהיים, זאָלן אַלע לאַכן פון דיר. אַ פײַנער פּי־ראַט, אַף מײַן וואָרט! ער און איך — זײַנען ניט אַזוינע צערע־פּעטע, ווי דו. מירן פארבלײַבן דאָ — איאָ, העק? זאָל ער זיך גיין, אויב ס׳גלוסט זיך אים. מירן זיך באַגיין אָן אים.

דזשאָ האָט, ניט אָפּענטפערנדיק, אַרופגעצויגן אַף זיך זײַן אָנטאָן. טאָם איז, ניט געקוקט אַף זײַן קלוימערשטן גלײַכגילט, געווען זייער באַאומרויִקט. נאָך מער האָט אים באַאומרויִקט דער אויסזען, — העק האָט טרויעריק נאָכגעשפּירט, ווי דזשאָ קלײַבט זיך אין וועג אַרײַן, און האָט שווער געשוויגן. דזשאָ האָט זיך אָנגעטאָן, און, ניט געזעגענענדיק זיך מיט קיין איין וואָרט, גע־לאָזט זיך גיין צום אילינויער ברעג. בײַ טאָמען האָט דאָס האַרץ אַ פלאַטער געטאָן. ער האָט אַ קוק געגעבן אַף העקן. העק האָט ניט געקענט אויסהאַלטן דעם בליק און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אויך כיישעק אַוועקגיין, טאָם: ס׳איז דאָ אומעטיק געוואָרן, און אַצינד וועט נאָך ערגער זײַן. לאָמיר אויך אַוועקגיין, טאָם.

— גיי, אויב ס׳גלוסט זיך דיר, איך וועל ניט גיין, איך וועל בלײַבן.

— טאָם, איך וועל בעסער אוועקגיין.

— נו, איז גיי־זשע! — ווער לאָזט דיך ניט?

העק האָט אָנגעהויבן צונויפנעמען זײַנע צעשלײַדערטע זאכן, ריידנדיק דערבײַ:

— קום מיט מיר, טאָם, אינדערעמעסן, באטראכט זיך, ווי ס'דארף צו זײַן. מ'רן צוווארטן אפ דיר אפן ברעג.

— לאנג וועט אײַך אויסקומען ווארטן.

העק איז אומעטיק אוועקגעגאנגען. טאָם איז געשטאנען און האָט אים נאָכגעקוקט, האָבנדיק גרויס כיישעק בײַצוקומען דעם שטאָלץ און מיטגיין מיט זיי. ער האָט געהאָפט, אז די ייִנגלעך וועלן זיך אָפּשטעלן, אָבער זיי זײַנען פאמעלעך אלץ ווײַטער און ווײַטער געגאנגען. טאָם האָט פלוצעם באמערקט, אז ארום איז געוואָרן אומגעוויינלעך וויסט און שטיל. ער האָט ענדגילטיק באזיגט זײַן אייגנליבע און האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך זײַנע כאַווירים, שרײַענדיק:

— שטייט, שטייט! — איך דארף אײַך עפּעס זאָגן!

יענע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און האָבן פארקערעוועט צוריק. דעריאָגט זיי, האָט טאָם גענומען דערציילן זיי זײַן סאָד; זיי האָבן געהערט מיט זויערע פּנעמער, — ס'האָט לאנג געדויערט, ביזוואנען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער מיינט, ביזוואנען זיי האָבן פארשטאנען דעם טאָך פון זײַנע רייד; אז זיי האָבן עס, סאָפּקאָלסאָף, פארשטאנען, האָבן זיי גענומען קוויטשען פון היס־פּײַלעס. זיי האָבן אײַנגעפונען, אז ס'איז „ווונדערלעך", און ווען ער וואָלט עס זיי פריִער אויסגעזאָגט, וואָלטן זיי אפילע ניט גע־טראכט אוועקצוגיין. טאָם האָט זיי פארגעבן פארשיידענע טערו־צים, פארוואָס ער האָט זיי ביז איצט דעם סאָד ניט אויסגע־זאָגט, — כאָטש אינדערעמעסן האָט ער ביז איצט געשוויגן, ווײַל ער האָט מוירע געהאט, אז אפילע דער דאָזיקער סאָד וועט ניט

אפ לאנג פארהאלטנ די כאוויירימ. ער האָט געהיט דעמ סאָד, ווי א לעצט לעקעכל.

די ייִנגלעכ האָבנ זיכ פריילעכ אומגעקערט צוריק אונ ווידער גענומענ שפּילנ זיכ, פּלאפּלענדיק די גאנצע צײַט וועגנ טאָמס וווּנדערלעכנ פּלאנ, לויבנדיק זײַנ געניִאלנ אײַנפאל. נאָכנ געשמאקנ מיטיק, וואָס איז באשטאנענ פונ ווײַסער אונ פיש, האָט טאָמ געזאָגט, אז אצינד וויל ער זיכ אויסלערנענ רויכערנ. דזשאָ האָט זיכ אָנגעכאפּט דערינ אונ האָט געמאָלדנ, אז ער וועט אויכ פּרווונ. העק האָט געמאכט פּיפּקעס אונ האָט זיי אָנגעשטאָפּט מיט טאבאק. טאָמ אונ דזשאָ האָבנ זיכ אויסגעצויגנ אפּ דר׳ערד, אָנגעשפּארט זיכ אפּ די עלנבויגנס אונ גענומענ פּאָרזיכטיק ארײַנציִענ אינ זיכ דעמ רויכ, — קיינ באזונדער צוטרוי צומ רויכ האָבנ זיי ניט געהאט.

דער רויכ האָט געהאט זייער א ניט־אנגענעמענעמ טאמ אונ ער האָט זיי אביסל געוואָרגנ. פונדעסטוועגנ האָט טאָמ געמאָלדנ:

— ס׳איז דאָכ גאָר גרינג! ווענ כ׳וואָלט עס פריִער געוווּסט, וואָלט איכ שוינ לאנג גערויכערט.

— אונ איכ אויכ, — האָט אימ אונטערגעהאלטנ דזשאָ. — ס׳איז דאָכ גאָר א גרינגע מײַסע!

— כ׳פלעג אזויפיל מאָל קוקנ, ווי אונדזערע רויכערנ, אונ טראכטנ: „אָט, ווענ איכ זאָל זיכ אויסלערנענ", נאָר כ׳בינ זיכער געווענ, אז ס׳וועט זיכ מיר ניט אײַנגעבנ. אָט אזעלכער בינ איכ שטענדיק. עמעס, העק? איכ האָב עס דיר דאָכ אמאָל געזאָגט. איינמאָל, געדענקסט, עס איז געווענ לעבנ שעכט־הויז, ס׳זײַנענ דאָרט געווענ אויכ באָב טענער, דזשאָני מ׳לער אונ דזשעפ טעטשער. געדענקסט, העק, וואָס כ׳האָב געזאָגט?

— נו יאָ, כ׳געדענק, ס׳איז געווענ אינ יענעמ טאָג, ווענ כ׳האָב פארלוירנ מײַנ פּילקע... ניינ, ס׳איז געווענ א טאָג פאר דעמ...

— נו, אָט, העק געדענקט.

— איך רעכן, אז כ'וואָלט געקענט רויכערן אזא פּיפּקע א גאנצן טאָג, — האָט געזאָגט דזשאָ, — ס'איבּלט מיך לאכּלוטן ניט.

— מיך אויך ניט, — האָט געזאָגט טאָם, — איך וואָלט געקענט רויכערן א גאנצן טאָג, אָבער כ'גיי אינג געוועט, אז דזשעפּ טעטשער וואָלט עס ניט געקענט.

— דזשעפּ טעטשער? אויך מיר א מאכער! זאָל ער נאָר צוויי מאָל זיך פּארציִען, וועט ער זיך טייקעפּ פארכלינען. זאָל ער נאָר פּרוּוון.

— פארשטייט זיך, אז ער וועט זיך טייקעפּ פארכלינען, און דזשאָני מילער — אויך דאָס זעלבּע; כ'וואָלט א באלן געוועז א קוק טאָן, ווי דזשאָני מילער רויכערט.

— יאָ, אפּ וואָס טויג ער, דזשאָני מילער? ער קאָן דאָך גאָרניט ניט. איין מאָל פּארציִען זיך — איז ער פּיפּטער.

— עמעס, דזשאָ, הער נאָר: אָט ווען די כאוויירים וואָלטן אונדז אצינד געזען!

— אך, ווי דאָס וואָלט זיך מיר געוואָלט! הערט נאָר, גוטע־ברידער, — קיינעם קיין וואָרט ניט אויסזאָגן! פּאָרקומען זאָל עס אזוי: אמאָל, אז אלע וועלן זיך צונויפקומען, וועל איך צוגיין צו דיר און א זאָג טאָן: „דזשאָ, דאָ בא דיר די פּיפּקע? כ'האָב כיישעק א רויכער טאָן". און דו וועסט ענטפערן אזוי, ווי ס'וואָלט זיך געהאנדלט וועגן קלייניקייטן: „יאָ, דאָ בא מיר מיין אלטע פּיפּקע, און די נייע איז אויך דאָ, — נאָר דער טאבאק איז בא מיר ניט זייער קיין ווילער". און איך וועל זאָגן: „נו, ס'איז אלציינס, זאָל נאָר שטארק זיין דער טאבאק". און דעמלט וועסטו ארויסשלעפּן די פּיפּקעס, און מירןביידע קאלטבלוטיק פּארויכערן, — זאָלן זיי אָנקוקן!

— אָט וועט עס פריילעך זיין! איך וואָלט געוואָלט, אז ס'זאָל טייקעפּ, אָט־איצט פּאָרקומען.

— איך וואָלט אויך געוואָלט! און אז מירן זיי זאָגן, אז מיר האָבן זיך אויסגעלערנט רויכערן, בייס מיר זײַנען געווען פּיראטן, וועלן זיי אונדז אזוי מעקאנע זײַן!

— נו, שוין איינמאָל מעקאַנע זײַן!

דער שמועס האָט לאנג געדויערט, און צוביסלעך האָט ער אָנגעהויבן איבערגעריסן ווערן. די פּויזעס אין שמועס האָבן גענומען לענגער ווערן. עפּעס האָט צופּיל סלונע גענומען צוקומען אין די יינגלעכס מײַלער. יעדער שפּעלטל אין דער אינעווייניקסטער באקן־זײַט איז פארוואנדלט געוואָרן אין א פאָנטאן. די יינגלעך האָבן קוים באוויזן צו אָפּרייניקן די קעלערס אונטער זייערע צינגער, קעדיי אויספעלן א פארפלייצונג; ניט געקוקט אף זייער מי, האָט זיי אלע מאָל דעם האלדז פארגאָסן און אלע מאָל פלעג זיי אָנהייבן איבלען.ביידע יינגלעך זײַנען בלייך געוואָרן, אן אויסזען האָבן זיי באקומען א ראכמאָנעסדיקן. בא דזשאָען איז די פּיפּקע ארויסגעפאלן פון די אָפּגעשוואכטע פינגער, בא טאָמען — אויך. ענדלעך, האָט דזשאָ שלאבעריק ארויס־גערעדט:

— איך האָב פארלוירן מײַן מעסערל, מ׳דארף גיין געפי־נען עס.

טאָם האָט מיט ציטערנדיקע ליפּן און פלאטערנדיקן קאָל ארויסגערעדט:

— איך וועל דיר העלפן. דו גיי אָט אין דער זײַט ארײַן, און איך — אהין, צו דער ריטשקע־צו. גיין, העק, דו גיי ניט מיט אונדז, מירן אליין געפינען.

העק האָט זיך אוועקגעזעצט אף זײַן אָרט און איז אָפּגעזעסן העכער א שאָ. דערנאָך איז אים לאנגווײַליק געוואָרן, און ער האָט זיך געלאָזט אופזוכן די כאוויירים. ער האָט זיי געפונען אין וואלד, ווײַט איינעם פונעם אנדערן; זיי זײַנען געווען בלייך

אין שלעפעריק. נאָר עפּעס האָט דאָס הארץ געזאָגט העקן, אז אויב זיי האָבן זיך פריִער געשפּילט ניט מיט אלעמען, איז די סיבה דערפון אציינד באזונדער-טיקט שוין.

אינאָווענט בא דער וועטשערע זיינען ביידע ניט בארעדעוודיק געוועזן, זיי האָבן זיך פאר עפּעס געשעמט. אז העק האָט נאָך דער וועטשערע אָנגעשטאָפּט זיין פיפקע און האָט פאַרגעלייגט אָנשטאָפּן די פיפקעס אויך פאר זיי, האָבן זיך ביידע אָפּגעזאָגט. זיי האָבן ארויסגעשטעלט דעם טערעץ, אז זיי זיינען ניט געוואנט, — זעט אויס, בייכן מיטיק האָבן זיי אויפגעגעסן עפּעס אזוינס, וואָס האָט זיי פארשאט.

## קאפּיטל 17.

ארום האלבער נאכט האָט זיך דזשאָ אויפגעכאפּט און האָט אויפגעוועקט די כאוויירים. אינדערלופטן איז געהאנגען א גע-דיכטע, מאטערנדיקע, שטיקנדיקע היץ. די ייִנגלעך האָבן זיך פארפלאָכטן אין איין קופּע און האָבן זיך געטוליעט נעענטער צום פייער, ניט קיקנדיק דערויף, וואָס די נאכט איז שרעקלעך שטיקנדיק געווען. זיי זיינען געזעסן אָן א ריר, איינהערנדיק זיך און ווארטנדיק. הינטערן שייטער האָט אלץ געזונקען אין שטאָק-פינצטערניש. פּלוצעם האָט עפּעס א גלאנץ געטאָן, האָט באלויכטן מיט פליִענדיקער שיין די בלעטער און איז פארשוווּנדן געוואָרן. דערנאָך האָט עס ווידער א גלאנץ געטאָן נאָך העלער, דערנאָך נאָכאמאָל און נאָכאמאָל. צווישן די ביימער-צווייגן איז דורך א שלאבעריקער קרעכץ; די ייִנגלעך האָבן דערפילט אפ זייערע באקן עמעצנס אָטעם און האָבן גענומען פלאטערן פונעם געדאנק, אז דאָס איז דורכגעפלויגן דער רוח פון דער נאכט. דערנאָך איז שטיל געוואָרן. און פלוצעם — באניַיס א ווילדער

בליץ־גלאַנץ, וואָס באַלויכט מיט אויסערגעוויינלעכער העלקייט און בוילעטקייט יעדער גראָז־שטענגל און דריי בלייכע דערשראָ־קענע קינדערשע פּנימער. ס׳האָט אַ דונער דורכגעקייקלט זיך איבערן וואַלד, האָט זיך ווייט צעקנאַלט און איז אויסגעגאַנגען. דורכ־געטראָגן האָט זיך אַ קאַלטער ווינט, ס׳האָט גענומען שורשען מיט אַלע בלעטער מיטאַמאָל און האָט צעוואָרפן דאָס אַש אַרום שייטער. ס׳האָט ווידער אַ גלאַנץ געטאָן אַ בליץ, און מאַמענטאַל נאָך אים האָט אַ זעץ געטאָן אַ דונער. די ייִנגלעך האָט זיך גע־דאַכט, אַז פון דעם הילך וואַלגערן זיך אַליין די ביימער איבער זייערע קעפּ. אין דער שטאָק־פינצטערניש, אין שוידער־שרעק האָבן זיי געטוליעט זיך איינער צום צווייטן. אויף די בלעטער האָבן גענומען קלאַפּן די ערשטע, היפּשע רעגן־טראָפּנס.

— לעבעדיקער, כעוורע, אין ביידל אַריין! — האָט אַ געשריי געטאָן טאָם. זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן, פּאַרטשעפּענדיק זיך אין די וואָרצלען און פּאַנאַנדערייסנדיק די ליאַנעס. אין וואַלד האָט געווילדעוועט אַ מוירעדיקער שטורעם, און אַלץ האָט זיך מיט קרעכצעניש געבויגן. שאַרף־העלע בליצן האָבן קימאַט אָן אויפהער, איינער נאָכן אַנדערן אויסגעבליצט, און נאָך יעדער בליץ האָט שוידערלעך געקנאַלט אַ דונער. ס׳האָט אָנגעהויבן גיין אַ גאָס־רעגן, און דער שטורעם־ווינט האָט אים געטריבן פּאַסן־ווייז איבער דער ערד. די ייִנגלעך האָבן, שרייענדיק, גערופן איינער דעם צווייטן, נאָר דער געברום פון שטורעם און די דו־נער־קנאַלן האָבן אינגאַנצן דערשטיקט זייערע קולעס. פונדעסט־וועגן זיינען זיי איינער נאָכן אַנדערן דערלאָפן צום ביידל און האָבן זיך באַהאַלטן דערין, פּיטש־נאַסע, צעדראַפּעטע, פּאַרקילטע; פון זייער אָנטאָן האָט ריטשקעסווייז גערונען וואַסער; נאָר יעדער פון זיי איז שוין געווען צופרידן דערפון אַליין, וואָס ער האָט גוטע־ברידער אין דעם אומגליק. שמועסן וואָלטן זיי ניט געקאָנט,

ווען דער שטורעם וואָלט אפילע ניט דערשטיקט זייערע קוילעס, — דער לײַוונט פונעם זעגל האָט צעאָרנדיק געקלאפט איבער זיי. דער שטורעם האָט זיך אלץ געשטארקט. סאָפּקאָלסאָפּ, האָט דער ווינט אראָפּגעריסן דעם זעגל, און דער לײַוונט האָט זיך פראנק און פרײַ גענומען דרייען אין וויכער. די ייִנגלעך האָבן א כאפּ געטאָן איינער דעם אנדערן בא די הענט און זײַנען, אלע רעגע פארטשעפּעדיק זיך און אופשלאָגנדיק זיך בלאָטערס, געלאָפן באשיצן זיך אונטערן גרויסן דעמב אפן ברעג. אצינד האָט זיך די סטיכיִען־שלאכט גאָר צעפלאקערט. אונטער דער גלאנצעניש פון בליצן אין הימל האָט אלץ אפן דער ערד אויסגעטיילט זיך מיט אויסערגעווינלעכער קלאָרקײַט; די אײַנגעבויגענעביימער, אונטן דער אופגעבלאָזענער טײַך, וואָס איז אינגאנצן ווײַס פון שוים, די שפּריצן פון די צעשוימטע וואלד־ריטשקעס, די טונקעלע סי־לועטן פון די הויכע פעלדזן אפן צווייטן ברעג, וואָס קוקן ארויס פון צווישן די צעיאָגטע וואָלקנס, פון צווישן דעם געדיכטן רעגן־פאָרהאנג. אלע מאָל האָט אן אנדער וואלד־ריז, באזיגט אין שלאכט, מיט הודעניש אראָפּגעוואלגערט זיך אפן דר'ערד, ברעכנדיק די יונגע ביימלעך. די דונערן האָבן איצט געקנאלט מיט קורצע, קוויטשיקע אופרײַסן, וואָס פּילן אָן דאָס הארץ מיט אומגעהייערן שוידער. צום סאָף נאכט האָט דער געוויטער אָנגעשטרענגט אלע קויכעס און האָט זיך צעווילדעוועט מיט גוואלדיקן גרימצאָרן; ס'האָט זיך געדאכט, אז דער געוויטער וועט צערײַסן דעם אינדזל אפּ שטיקער, וועט אים פארברענען, וועט ארויסרײַסן אלע ביימער, וועט אינגאנצן אומברענגען דעם אינדזל. ס'איז געווען א שרעקלעכע נאכט פאר די קינדער.

נאָר סאָפּקאָלסאָפּ האָט זיך די שלאכט געשטילט, און די סטיכישע קרעפטן האָבן זיך אָנגעהויבן בארויִקן. די דונער־קנאלן זײַנען געוואָרן אלץ שטילער. ביסלעכווײַז האָט אין וואלד ווידער

גענומען הערשן די שטילקייט. די ייִנגלעך האָבן זיך, פּייַן אָנגע־שראָקענע, אומגעקערט אין זייער לאגער; ארויסגעוויזן האָט זיך, אז ס'האָט זיי נישקאָשע אָפּגעגילט, — דעם גרויסן פּייַנבוים, אונטער וועלכן זיי האָבן זיך געהאט אייַנגעאָרדנט אף נאכט, האָט פארברענט א בליץ, נאָר זיי זייַנען שוין ניט געווען אונטער אים, בייס די קאטאסטראָפע איז געשען.

אלץ אין לאגער איז נאס געוואָרן דורך־און־דורך. דאָס פייַער איז פארלאָשן געוואָרן: די ייִנגלעך האָבן, פונקט ווי אלע מענטשן, גאָרניט ניט פאָרויסגעזען און האָבן ניט אָנגענומען באַצייַטנס קיין שום מיטלען אף צו פארהיטן דאָס פייַער. דאָס, וואָס קיין פייַער איז אצינד ניט געווען, איז געווען באזונדערס ניט אנגענעמען, ווייַל אלע דרייַ זייַנען פיטש־נאס געווען און האָבן געציטערט פון קעלט. זיי האָבן גרויסע יעסורים געהאט און לאנג געדרעדט דערפון, נאָר דערנאָך האָבן זיי באמערקט, אז דאָס פייַער איז געווען אזוי ווייַט פארקראָכן אונטער דער גרויסער קלאָץ, אז עטלעכע קוילעכלעך זייַנען דאָרט געבליבן ניט פארגאָסן. די ייִנגלעך האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט, האָבן צונויפגענומען צווייַגן און קאָרע פון דער אינעווייניקסטער זייַט פון די קלעצער, וואָס זייַנען באשיצט דורך ביימער, און סאָפּקאָלסאָף האָט זיי נאָך לאנגער געדולדיקער מי זיך אייַנגעגעבן אָנצינדן א פייַער. זיי האָבן ארייַנגעוואָרפן אהין גרויסע צווייַגן, האָבן צעלייגט א גרויסן שייַטער — און זייַנען ווידער מונטער געוואָרן. אפן פייַער האָבן זיי אויסגעטריקנט זייער נאס־געוואָרענעם ווורשט און האָבן אָפּגעגעסן וועטשערע. דערנאָך האָבן זיי זיך אוועקגעזעצט לעבן שייַטער און האָבן ביז אינדערפרי געשמועסט וועגן דער גרויסער געשעעניש; שלאָפן איז סייַוויסיי ניט געווען ווו, ווייַל ארום איז ניט געווען קיין אייין טרוקן ערטל.

בא די ערשטע זון־שטראלן האָט א דרימל גענומען באהערשן

אונדזערע העלדן. זיי האָבן זיך אוועקגעלייגט אפּן ברעג, אין נאסן זאמד; אז די זון האָט פֿײַן זיי אָנגעבראָטן, האָבן זיי זיך אופגעהויבן און האָבן אומעטיק זיך גענומען גרייטן איבערבײַסן. נאָר אויך נאָכן איבערבײַסן האָבן זיי זיך געפֿילט דערשלאָגן; דאָס גאנצע לײַב האָט געבראָכן, די בענקעניש אהיים האָט ווידער גענאָגט דאָס הארץ. טאָמ האָט באמערקט די דאָזיקע שלעכטע סימאָנים און האָט געטאָן אלץ, וואָס ער איז בעקויעך געווען, קעדיי פֿריילעך צו מאכן די כאוויירים. נאָר ס'האָט זיי גאָרניט ניט געטרייסט: ניט די קײַקעלעך, ניט דער צירק, ניט דאָס באָדן זיך. ער האָט זיי דערמאָנט זײַן גרויסן סאָד, און ס'האָט זיך אים אײַנגעגעבן ארויסרופֿן אביסל פֿרייד. טאָמ האָט עס אויסגענוצט און האָט זיך צוגעטײַלט פֿארינטערעסירן זיי מיט א נײַעם אײַנפֿאל: ער האָט זיי פֿאָרגעלייגט פֿארלאָזן אפּ א צײַט דאָס רויבערײַ און ווערן אינדיאַנער. דער דאָזיקער אײַנפֿאל איז זיי געפֿעלן געוואָרן: זיי האָבן זיך אין איין אויגנבליק אויסגעטאָן, האָבן זיך אויסגעשמירט פֿון פּיס ביז קאָפּ מיט שווארצער בלאָטע און זײַנען געוואָרן באדעקט מיט פּאסן, אזויווי זעברעס, — דערבײַ זײַנען, פֿארשטייט זיך, אלע געווען אָנפֿירער. דערנאָך האָבן זיך אלע א לאָז געטאָן אין וואלד ארײַן, קעדיי אָנפֿאלן אפּן ענגלישן דאָרף.

ביסלעכווײַז האָבן זיי זיך צעטיילט אפּ דרײַ פֿײַנטלעכע שוואָטים. זיי זײַנען מיט קריגס־אויסגעשרייען געשפּרונגען פֿון די לאָקערס און האָבן זיך געוואָרפֿן איינער אפּן אנדערן, טויטנדיק און סקאלפּירנדיק דעם סוינע אין די טויזנטער. די שלאכט איז א פֿײַערדיקע געווען, און די ייִנגלעך זײַנען פֿון איר געבליבן צופֿרידן. צו דער וועטשערע האָבן זיי זיך הונגעריקע און גליקלעכע פֿארזאמלט אין לאגער ארײַן. נאָר דאָ האָט זיך באוויזן א מעניע: די סאָנים — אינדיאַנער האָבן ניט געטאָרט טיילן צוזאמען דאָס ברויט פֿון גאסטפֿרײַנטלעכקײַט, איידער זיי האָבן שאָלעם

געמאכט צווישן זיך. און דערבײַ איז מאמעש אומעגלעך געווען ניט אויסצורויכערן דעם ציבעך פון שאָלעם. זיי האָבן אַפּ זייער לעבן ניט געהערט, אז בא שאָלעם־מאכן זאָל מען זיך באגיין אָן דעם. צוויי פון זיי האָט קימאט באנק געטאָן, וואָס זיי זײַנען ניט פארבליבן קיין פיראטן. נאָר קיין אנדער ברירע האָבן זיי ניט געהאט, האָבן זיי באמיט זיך אויסצוזען פריילעך און האָבן איינער נאָכן אנדערן א צי געטאָן פון דער פיפקע.

סאָפקאָלסאָפּ, זײַנען זיי צופרידן געווען, וואָס זיי זײַנען געוואָרן אינדיאַנער; זיי האָבן דערפון פאָרט עפּעס געוווּנען: ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אצינד קאָנען זיי שוין אביסל רויכערן, ניט דארפנדיק גיין זוכן קיין פארלאָרענע מעסערלעך. זיי האָבן אפילע געפילט זיך אביסל ניט גוט, נאָר קיין ערנסטע אומבאקוועמלעכקײַט איז דאָס ניט געווען. פארשטייט זיך, אז זיי האָבן גאָר גיך עס אויסגענוצט און האָבן נאָך דער וועטשערע צוזיך פראקטיק אײַבערגעכאזערט מיט גרויס דערפאָלג דעם פּיווו. אראָנק דעם איז דער אפּרערנאכט דורך זייער ווייל. זיי האָבן טרימפירט, האָבן געשטאָלצירט און זײַנען גליקלעך געווען פון זייער נײַער קענטעניש, פונקט אזוי ווי ס'וואָלט זיך זיי אײַנגעגעבן סקאלפירן און אָפּשינדן די הויט פון זעקס אינדיאַנישע שוואָטים מיטאמאָל. לאָמיר זיי איבערלאָזן רויכערן, פלאפלען און בארימען זיך, און לאָמיר זיך פארנעמען דערווײַל מיט אנדערע לײַט.

## קאפיטל 18.

גאָר ניט פריילעך איז געווען אין שטעטל אינעם שטילן שאַבעס־אפּדערנאכט. די גארפּערס און דער מומע פאָליס הויזגעזינד האָבן מיט גרויס ווייטאָק, מיט א יאם טרערן אָנגעטאָן זיך אין טרויער־קליידער. אין שטעטל פלעג געוויינלעך ניט זײַן באוונדערס

ראשיק, נאָר אצינד האָט דאָרט געהערשט אויסערגעוויילעכע שטיל־קייַט. די אייַנוווינער האָבן צעטראָגענערהייט געטאָן זייערע געוויינ־לעכע געשעפטן און האָבן ווייניק געשמועסט צווישן זיך, זיי פלעגן בלויז אָפּט א זיפץ געבן. אפ די קינדער איז די שאבעס־רו, ווי א מאסע, געלעגן, די שפּילן האָבן זיך ניט געקלעפּט, און די קינדער האָבן זיך ביסלעכווייַז אָפּגעזאָגט פון זיי.

צו נאכט־צו איז בעקי טעטשער אומעטיק געזעסן איינע אליין אין שול־הויף און האָט געשמועסט מיט זיך אליין:

— ווען ס׳זאָל כאָטש פארבלייַבן בא מיר יענץ קנעפּל פון דער גראטע! אצינד איז בא מיר קיין שום אָנדענק פון אים ניט גע־בליבן, — און זי האָט לייַבט א כליפּע געטאָן. דערנאָך האָט זי ווייַטער גערעדט: — אָט־דאָ טאקע איז עס געווען. יאָ, ווען מ׳זאָל עס קאָנען אומקערן צוריק, איך וואָלט בעשומויפן אזוי ניט גע־רעדט! נאָר ער איז שוין ניטאָ, און איך וועל אים שוין מער קיינמאָל ניט, קיינמאָל ניט זען.

און זי איז אוועקגעגאנגען. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אירע אויגן.

דערנאָך איז געקומען א גאנצע כאָפּטע ייִנגלעך און מיידלעך, טאָמס שול־כאווירים, און אלע האָבן זיי, שטייענדיק לעבן פּארקן און ריידנדיק שטיל־שטיל, פון אָפּשייַ צו די אומגעקומענע, דער־מאָנט זיך, ווי טאָם האָט געטאָן דאָס און דאָס דאָס לעצטע מאָל, ווען זיי האָבן אים געזען, און וואָס האָט געזאָגט דזשאָ. דערבייַ האָט מען אין יעדן טאָמס און דזשאָס וואָרט געזען אצינד א בייזע נעוויִעס: יעדער פון די ייִנגלעך האָט פּינקטלעך אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו ס׳זייַנען געשטאנען די פארפאלענע, אָנגעוויזן און צוגעגעבן דערצו: „געשטאנען בין איך, פּונקט אזויווי איך שטיי אָט־אצינד, און ער — פּונקט אזויווי דו שטייסט, און ער האָט א שמייכל געטאָן אָט־אזוי, און פּלוצעם איז עפּעס אזא געפיל מיך

באכּאלן — ס׳איז מיר עפּעס פּלוצעם שווידערלעך געוואָרן, איר פאַרשטייט? נו, דעמלט האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, וואָס סע באַטייַט, ערשט איצטער פאַרשטיי איך עס!״

אָנגעהויבן האָט זיך אַ קריגערייַ וועגן דעם, ווער האָט דער לעצטער געזען די ייִנגלעך לעבעדיקערהייט. אַסאַך האָבן פאַררעכנט אַף זייער כעזשבן אָט דעם טרויעריקן קאָוועד, דערבייַ האָט דאָס אײדעס־זאָגן פון די איבעריקע ייִנגלעך מער אָדער ווייניקער דאָס אָפּגעלייקנט; אז ס׳איז, סאָפּקאָלסאָפּ, פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווער ס׳האָט דער לעצטער געזען די אומגעקומענע כאַווײרים און ווער ס׳האָט דער לעצטער געשמועסט מיט זיי, האָבן די דאָזיקע גליק־לעכע ייִנגלעך דערפילט זיך אַלס הייליקע פּערזאָנען, אַלס גע־הויבענע לײַט, און אַלע איבעריקע האָבן געקוקט אַף זיי, האָבן זיי מעקאַנע געווען. איין ייִנגל האָט, ניט געפינענדיק קיין בעסערס, מיט שטאָלץ געמאָלדן: .

— טאָמע סאָיער האָט איינמאָל מיך גאָר פייַן אָנגענעריקט.

נאָר דער דאָזיקער פּרווו זײַנער באַרימט צו ווערן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, דאָס זעלבע האָבן געקאָנט דערציילן וועגן זיך די מערהײַט ייִנגלעך. די כאָפּטע איז זיך פאַנאַנדערגעגאַן, ווײַטער דערמאָנענדיק מיט אָפּשײַ די אומגעקומענע כאַווײרים.

אַפן צווייטן טאָג אינדערפרי, אַז ס׳האָבן זיך געענדיקט די לימודים אין שול, האָט זיך אָנשטאָט דעם געוויינלעכן קלונג גע־לאָזט הערן אַ ריטמישע, צעצויגענע גלעקער־קלינגערײַ. דער וועטער איז געווען אַ שטילער, און די טרויעריקע קלאַנגען האָבן האַרמאָנירט מיט דער נאַטור־שטילקייַט. אײַנער נאָכן אַנדערן זײַנען זיך די אײַנוווינער צונויפגעקומען אין קלויסטער אַרײַן,—זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָליש, קעדיי שטיל־שטיל אַרומשמו־עסן די טרויעריקע געשעעניש. נאָכדעם, אין קלויסטער, האָט מען זיך שוין ניט געשעפּטשעט. בלויז דאָס שורשען פון דעם טרויער־

אָנטאָן אפ־די פּרויען, וואָס האָבן פאַרנומען זייערע ערטער, האָט גע־שטערט די שטילקייט, — דאָס קליינע קלויסטערל איז, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל אַזוי פול ניט געווען. דער גאַנצער אוילעם האָט גע־וואַרט שטום־שווייַגנדיק, ביז ס'זייַנען אָריינגעקומען די מומע פּאָלי מיט סידן און מעריג און דאָס הויזגעזינד גאַרפּער, — אַלע אין געדיכט־שוואַרצע קליידער. דער גאַנצער אוילעם צוזאַמען מיטן אַלטן גאַלעך האָבן זיך א הייב אויף געטאָן מיט אָפּשייַ פון זייערע ערטער און זייַנען געשטאַנען, ביז די קרויווים פון די אומגעקו־מענע האָבן זיך אוועקגעזעצט אפּ דער פּאָדערשטער באַנק. דער־נאָך איז ווידער שא־שטיל געוואָרן, בלויז אייַנגעהאַלטענער גע־יאָמער האָט אַלעמאָל די שטילקייט איבערגעריסן. ענדלעך, האָט דער גאַלעך אויסגעשטרעקט די הענט און האָט אָנגעהויבן די טפילע. דער גאַנצער אוילעם האָט דורכגעזונגען דעם פּרעכטיקן טרויער־הימן, דערנאָך האָט דער גאַלעך געהאַלטן א דראָשע, גע־בויט אפן פּאָסוק: „איך בין אויפוואַכונג און אייביק לעבן".

דער גאַלעך האָט אויסגעמאָלט אַזא בילד פון די זעלטענע מייַלעס, ליבלעכקייַט און פייַנקייַט בא די אומגעקומענע יינגלעך, אַז ס'איז ניט געבליבן אין קלויסטער קיין איין מענטש, וואָס זאָל ניט איינגעפינען, אַז די פּאָרטרעטן זייַנען געראָטן, און זאָל ניט ערגערן זיך, וואָס ער האָט די גאַנצע צייַט ניט באַמערקט די מייַלעס פון די אומגליקלעכע יינגלעך, די גאַנצע צייַט געזען אין זיי בלויז זינד און כעסרוינעס. דעם גאַלעכס רעדע איז געוואָרן אַלץ האַרציקער, דער גאַנצער אוילעם האָט אָנגעקוועלט, דער גאַנצער אוילעם האָט, ענדלעך, צעיאָמערט זיך איניינעם מיט די קרויווים פון די אומגעקומענע, — דער גאַלעך אַליין האָט ניט געקענט בייַקומען זייַן אויפגערודערטקייַט און האָט זיך צעוויינט אפ דער קאַטעדרע.

אפ דער גאַלעריי האָט פּלוצעם געלאָזט זיך הערן עפּעס א

רויש. קיינער האָט דערופֿ קיין אכט ניט געלייגט. איג א רעגע ארום האָט די אריינגאנג־טיר א סקריפּע געטאָן. דער גאלעכ האָט אופֿגעהויבן די פֿארוויינטע אויגן איבערן נאָזטיכל, וואָס דערמיט האָט ער די אויגן פֿארשטעלט, און איז פֿארגליווערט געוואָרן. פֿארכידעשט דערזעענדיק עס, האָט אין דער זעלבער ריכטונג א קוק געגעבן א צווייטער, א דריטער...

איין אויגנבליק — און אלע דאוונער האָבן, ווי איין מענטש, א הייב געטאָן זיך פֿון די ערטער, קוקנדיק אפֿ די דריי מייסים, וואָס שפּאנען צום אלטאר: טאָם — פֿונפּאָרנט, נאָכ אים — דזשאָ, און סאמע הינטן — העק; העק האָט מאָרעשכוירעדיק געקוקט אפֿ זיין קאָסטיום, פֿון וועלכן ס׳זיינען בלויז פֿארבליבן שמאטקעלעך. זיי זיינען אלע דריי די גאנצע צייט געזעסן אפֿ דער גאלעריי, הערנ־דיק, ווי מע מאכט דעם העספּעד איבער זיי.

די מומע פּאָלי, מערי און די גארפּערס האָבן זיך א וואָרפֿ געטאָן צו זייערע לעבעדיק־געוואָרענע קינדער, פֿארשיטנדיק זיי מיט קושן און דאנקענדיק גאָט פֿאר זייער רעטונג. בלויז דער אומגליקלעכער העק איז געשטאנען פֿארשעמט, ניט וויסנדיק, וואָס צו טאָן און וווהין אהינצוטאָן זיך פֿון אזויפֿיל ניט־אנגענעמענע בליקן. ער האָט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטן און האָט שוין געוואָלט מאכן די פּלייטע, נאָר טאָם האָט אים א כאפּ געטאָן בא דער האנט, ריידנדיק:

— מומע פּאָלי, ס׳איז ניט לייטיש. עמעצער דארפֿ דאָך אויך מיט העקן דערפֿרייען זיך.

— נו, פֿארשטייט זיך, טייבעלע מיינס! מיין הארץ פֿרייט זיך אויך מיט אים, מיטן אומגליקלעכן יאָסעמל!

און די מומע פּאָלי האָט גענומען צערטלען, קושן העקן, — העק האָט זיך אלץ מער און מער געשעמט. ענדלעך, האָט זיך דערהערט דעם גאלעכס קאָל:

— לאָמיר לויבן גאָט, וואָס שיקט אונדז אלדאָס גוטס, לאָמיר אים זינגען א לויב־געזאנג!

און אלע האָבן גענומען זינגען. דאָס אוראלטע לויב־געזאנג האָט געקלונגען וווּנדערלעך. און דער יאם־גאזלען טאָם סאָיער האָט, קוקנדיק אַף די כאַוויירים, וואָס זײַנען אים מעקאנע, מיט גאנץ לײַב און לעבן געפילט, אז ס'איז די גליקלעכסטע רעגע אין זײַן לעבן.

ווען דער אוילעם איז געגאנגען פון קלויסטער, האָבן אסאך געשמועסט, אז זיי וואָלטן באלאָנים געווען, מע זאָל זיי נאָכאמאָל צום נאר שטעלן, אבי זיי זאָלן נאָכאמאָל הערן אזא וווּנדערלעך געזאנג.

## קאפיטל 19.

אין דעם דאָזיקן טאָג האָט טאָם געקראָגן פון דער מומע פאָלי אזויפיל שנאָלן אין דער נאָז און אזויפיל קושן, אז ס'וואָלט אים געקלעקט אף א גאנץ יאָר. ער האָט שוין אליין ניט געקענט פאר־שטיין, אין וואָס האָט זיך מער אויסגעדריקט דער מומעס דאנק־בארקײַט צו גאָט און די ליבע צו אים, טאָמען, — אין די שנאָלן צי אין די קושן?

דערין טאקע איז באשטאנען טאָמס גרויסער סאָד, — אומקערן זיך אלע צוזאמען אהיים און בײַזײַן אף דער אייגענער לעווײַע. שאבעס האָבן זיי זיך דערשלעפט אף א שטיק האָלץ צום אקעגנ־דיקן ברעג, זײַנען ארויס א פינף־זעקס מײַל נידעריקער פון שטעטל, האָבן גענעכטיקט אין וואלד, ניט ווײַט פון עק שטעטל; באַ שאריַען האָבן זיי זיך מיט הינטערגעסלעך ארײַנגעגאנוועט אין שטאָט און האָבן זיך גאנץ גוט אויסגעשלאָפן אף דער גאלע־ריי, צווישן די צעבראָכענע בענק.

מאָנטיק אינדערפרי, בייסן איבערבײַסן, זײַנען די מומע פאָלי און מערי זייער מילד געווען צו טאָמען און האָבן געמיט זיך

אונטערטראָגן אים פון דעם בעסטן. אינמיטן דעם זייער באַליבטן שמועס האָט עס די מומע פּאָלי אַ זאָג געגעבן:

— זעסטו, טאָם, איך זאָג ניט, אַז ס'איז ניט אינטערעסאַנט צווינגען אַלעמען האָבן יעסורים אַ גאַנצע וואָך, אַבי אײַך איז פריילעך, אָבער מיך אַרט, וואָס דו האָסט אַזאַ שלעכט האַרץ און האָסט מיך אַזוי ווייניק ליב. אויב דו האָסט געקאָנט אַריבערשווימען דעם טײַך אַף אַ שטיק האָלץ, קעדיי בײַזײַן אַף דײַן אייגענער לעווײַע, וואָלסטו דאָך געקאָנט אַרײַנקוקן אויך אין שטוב אַרײַן, קעדיי געבן מיר אַ ווערטל ס'ניט אין צייכן, אַז דו ביסט ניט געשטאָרבן, אַז דו ביסט נאָר אַנטלאָפֿן.

— יאָ, דו וואָלסט עס געמעגט טאָן, טאָם, — האָט געזאָגט מערי, — וואָלסט עס, פֿאַרשטייט זיך, געטאָן, ווען ס'זאָל דיר נאָר געווען אַפן זינען קומען.

— עמעס, טאָם? וואָלסט עס געטאָן? — דער מומע פּאָליס פּאָנעם האָט באַלויכטן אַן אומעטיקער שמייכל. — נו, זאָג, וואָלסט עס געטאָן, ווען ס'זאָל דיר געווען אַפן זינען קומען?

— איך ווייס ניט... ס'וואָלט דאָך די גאַנצע זאַך קאַליע געמאַכט...

— אַך, טאָם, און איך האָב גערעכנט, אַז אַזויפיל כאָטש האָסטו מיך ליב! — האָט די מומע פּאָלי געזאָגט מיט אַזאַ קלאָגעוודיקן טאָן, אַז טאָם האָט זיך גאָר שלעכט דערפילט. — ווען דו וואָלסט כאָטש אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, — איך וועד שוין ניט פון טאָן, נאָר דו האָסט דאָך אַפילע קיין טראַכט ניט געגעבן.

— נו, מומעניו, דערפֿון דאַרף מען זיך צום האַרצן ניט נעמען, — האָט זיך מערי אָנגענומען פאַר טאָמען, — טאָם איז דאָך ביכלאַל צעטראָגן. ער איז שטענדיק אַזוי פֿאַרטאָן, אַז ער האָט קיין צײַט ניט צו טראַכטן.

— איז דאָך נאָך ערגער: סיד וואָלט אַ טראַכט געטאָן. אַך,

טאָמ, ס׳וועט דיר אמאָל באַנק טאָן, וואָס דו האָסט זיך ניט גע־
מיט כאָטש אביסינקעלע ליב קריגן מיך דאן, ווען ס׳איז דיר זייער
לײַכט געוועז, — אָבער דעמאָלט וועט זײַן צו שפּעט.

— נו, מומעניו, איר ווייסט דאָך, אז איך האָב אײַך ליב, —
האָט געזאָגט טאָם.

— איך וואָלט עס בעסער געוווסט, ווען ס׳זאָל כאָטש אביסל
באוויזן זיך אין דײַנע מײַסים.

— ס׳טוט מיר אצינד זייער באַנק, וואָס ס׳איז מיר ניט אײַנ־
געפאַלן, — האָט טאָם געזאָגט מיט א כאראָטע־טאָן, — דערפאר
אָבער האָב איך אײַך געזען אין כאָלעם, — דאָס איז אויך עפּעס
דערוועגט.

— דאָס האָט גראדע א קנאפּע ווערט, — אפילע קעץ זעען
דאָך כאלוימעס, — נאָר ס׳איז פּאָרט בעסער פון גאָרניט. וואָס־זשע
האָט זיך דיר געכאָלעמט?

— אָט וואָס. מיטוואָך אפּרערנאכט האָב איך געזען אין כאָ־
לעם, ווי איר וואָלט געזעסן לעבן בעט, און סיד לעבן אײַך אפּ
א הילצערנעם קאסטן, און לעבן אים — מערי.

— מיר זײַנען טאקע אזוי געזעסן. מיר זיצן שטענדיק אזוי.
מיך פרייט, וואָס דו האָסט זיך כאָטש אין כאָלעם דערמאנט אין
אונדזערע געוווינהײַטן.

— דערנאָך האָט זיך מיר געכאָלעמט, אז ס׳זיצט דאָ אויך
דזשאָ גארפּערס מוטער.

— זי איז דאָך טאקע אינדערעמעסן געווען דאָ! וואָס־זשע
האָט זיך דיר נאָך געכאָלעמט?

— אָ, קאָלערליי זאכן. נאָר איך געדענק עס שוין שלעכט אצינד.

— נו, פּרוּוו דערמאנען זיך! קאָנסט דען ניט דערמאנען זיך?

— ס׳האָט זיך מיר נאָך געדאכט אין כאָלעם, אז דער ווינט...
דער ווינט האָט פארלאָשן...

— דערמאנ זיך, טאָם! נו, וואָס האָט דער ווינט פארלאָשן?

טאָם האָט שטארק צוגעקוועטשט די פינגער צום שטערן, און נאָך א רעגע פון אומרויִקער ווארטעניש האָט ער אויסגעשריגן:

— כ'האָב דערמאנט זיך, דערמאנט זיך! דער ווינט האָט פארלאָשן דאָס ליכטל.

— גאָטעניו דערבארעמדיקער! וויַיטער, טאָם, וויַיטער!

— דערנאָך האָט זייר, דאכט זיך, געזאָגט: „דאכט זיך, אז די טיר"...

— וויַיטער טאָם, וויַיטער!

— ווארט־צי, לאָזט דערמאנען זיך... אך, יאָ! איר האָט געזאָגט, אז איַיך דאכט זיך, אז די טיר איז אָפן.

— איך האָב דאָך טאקע פונקט אזוי געזאָגט. געדענקסט, מערי? נו, וויַיטער!

— דערנאָך... דערנאָך... נו, איך געדענק ניט. איך בין ניט זיכער דערין, נאָר מיר דאכט זיך, אז איר האָט געשיקט סידן, אז ער זאָל... אז ער זאָל...

— נו? נו? וואָס, וואָס האָב איך אים געהייסן טאָן?

— איר האָט אים געהייסן, איר... האָט אים געהייסן פארשפארן די טיר.

— גאָטעניו דערבארעמדיקער! כ'האָב אף מיַין לעבן אזוינס ניט געהערט! אָט גייט, גלייבט ניט נאָך דעם אין קיין כאלוימעס. איך וועל באלד טאקע גיין דערציילן וועגן דעם דער מיסיס גארפער. אָט לאָמיר זען, צי זי וועט נאָך אָט־דעם ריידן נארישקיַיטן וועגן אבערגלויבנס. דערצייל־זשע, טאָם, וואָס איז געווען וויַיטער?

— אָ, אצינד האָב איך זיך אלץ דערמאנט, מומע! נאָכדעם האָט איר געזאָגט, אז איך בין ניט קיין שלעכט יינגל, אז איך בין נאָר א שטיפער און א ווילדער, און אז טיַינעס קאָן מען צו

מיר האָבן פּונקט אזוי, ווי מ׳קען טײַנעס האָבן צו — וויִאזוי האָט איר עס געזאָגט? — צו א לאָשעקל, אשטייגער.

— נו, יאָ, יאָ, פּונקט אזוי האָב איך טאקע געזאָגט. אַך, גאָ־טעניו! נו, וואָס־זשע ווײַטער, טאַם?

— דערנאָך האָט איר זיך צעוויינט.

— עמעס, עמעס, צעוויינט זיך, און ניט דאָס ערשטע מאָל. דערנאָך!

— דערנאָך האָט מיסיס גארפּער אויך זיך צעוויינט און האָט גענומען ריידן, אז דזשאָ איז אויך א ווילער, און אז ס׳טוט איר באַנק, וואָס זי האָט אים געשלאָגן פארן אײַנגעמאכטס, וועלכן זי אליין האָט ארויסגעוואָרפן...

— טאַם, ס׳איז געווען א נעוויִשער כאָלעם! אַך, גאָטעניו! נו, דערצייל ווײַטער!

— דערנאָך האָט סיד געזאָגט...

— איך האָב, דאכט זיך, גאָרניט ניט געזאָגט.

— יאָ, סיד, דו האָסט געזאָגט, — האָט זיך ארײַנגעמישט מערי.

— שווײַג, שטער אים ניט! נו, טאָם, וואָס־זשע האָט ער גע־זאָגט?

— ער האָט געזאָגט, אז ער האָפט, אז מיר איז בעסער דאָרט, ווו איך געפין זיך שוין. נאָר ווען איך וואָלט פריִער בעסער געווען...

— גאָטעניו, איר הערט, דאָס איז דאָך מאמעש סידס ווערטער.

— און דערפאר האָט איר אים אויסגעזידלט.

— פארשטייט זיך, אויסגעזידלט. ניין, ס׳איז דאָ א מאלעך געווען, דאָס האָט א מאלעך איבערגעגעבן!

— דערנאָך האָט מיסיס גארפּער גענומען ריידן וועגן דזשאָען, וויִאזוי ער האָט געשאָסן פון פּיסטאָלעט פּונקט אונטער איר נאָז, און איר האָט דערציילט וועגן קאָטערל און וועגן די רעפּועס...

— עמעס, הוילער עמעס!

— דערנאָכ האָט איר לאַנג גערעדט וועגן דעם, ווי מ'האָט אונדז געזוכט אין טײַכ, און אַז זונטיק וועט מען אונדז באַגראָבן. און דערנאָכ האָט איר מיט מיסיס גאַרפּער גענומען האַלדזן זיכ און וויינען, און נאָכ דעם איז זי אַוועקגעגאַנגען.

— פּונקט, פּונקט אַזוי! זאָל איכ פון אָט דעם אָרט ניט אויפשטיין, אויב ס'איז ניט אַזוי! ווען דו וואָלסט אַליין מיט דײַנע אויגן געזען און מיט דײַנע אויערן געהערט עס, וואָלסטו, טאָם, ניט געקענט גענויער דערציילן. נו, און וואָס איז דערנאָכ געווען?

— דערנאָכ האָט איר, דאַכט זיכ, גאָט געבעטן פאַר מיר... און איכ האָב געזען און האָב געהערט יעדער וואָרט אײַערס. דערנאָכ האָט איר זיכ שלאָפן געלייגט, און מיר האָט אַזוי דאָס האַרץ וויי געטאָן, אַז כ'האָב גענומען און האָב אָנגעשריבן אויף אַ שטיק קאָרע: „מיר זײַנען ניט געשטאָרבן, מיר זײַנען נאָר אַנטלאָפן, קעדיי ווערן פּיראַטן", און האָב עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש לעבן ליכטל. איר זײַנט אַלץ געשלאָפן און דאָס פּאָנעם איז בײַ אײַכ געווען אַזאַ גוטס, אַזאַ גוטס, בין איכ צוגעגאַנגען, אָנגעבויגן זיכ און אײַכ אַ קוש געגעבן אין די ליפּן אַרײַן.

— עמעס, טאָם, עמעס? נו, דערפאַר פאַרגיב איכ דיר אַלץ.

און זי האָט אַזוי צונויפגעדריקט דאָס ייִנגל אין אירע אָרעמס, אַז ער האָט זיכ דערפילט, ווי דער ערגסטער פאַרברעכער.

— דאָס איז זייער שיין געווען פון זײַן זײַט, כאָטש ס'איז אַפילע אַ כאָלעם געווען, — האָט אַ זאָג געגעבן סיד.

— שווײַג, סיד, דער מענטש טוט אין כאָלעם פּונקט דאָס, וואָס ער וואָלט געטאָן, ווען ס'טרעפט אין דערעמעסן. אָט נעם, טאָם, אָט דעם גרויסן עפּל, — איכ האָב אים אויסגעהיט פאַר דיר אויפן פאַל, אויב מע וועט דיכ געפינען. איכ דאַנק דעם אייבערשטן, וואָס ער האָט דיכ אומגעקערט מיר!

די קינדער זײַנען אַוועקגעגאַנגען אין שול אַרײַן, און די אַלטי-

טשקע איז געגאנגענ צו מיסיס גארפער דערציילנ וועגנ טאָמס ווונדערלעכנ כאָלעם. סיד האָט ניט געפונענ פאר נייטיק ארויס־זאָגנ דאָס, וואָס ער האָט געטראכט, אוועקגייענדיק פונדערהיים. געטראכט האָט ער אָט־וואָס:

„ס'איז מיט ווייַסע פעדעם גענייט! איז דענ מעגלעכ צו זענ אזא לאנגנ אונ קלאָרנ כאָלעם? ס'איז אינגאנצנ אויסגעטראכט".

ס'ארא העלד איז איצט געוואָרנ טאָם! ער האָט זיכ ניט געיאָגט אונ איז ניט ארומגעשפרונגענ. ער האָט זיכ געהאלטנ שטאָלצ, מיט ווירדע, ווי ס'פאסט פאר א פיראט, וואָס פילט, אז אַלע אויגנ קוקנ אפ אימ. ער האָט זיכ געמיט מאכנ דעם אָנ־שטעל, אז ער באמערקט ניט די בליקנ, וואָס זייַנענ געווענדעט אפ אימ, אינ אז ער הערט ניט, וואָס מע רעדט וועגנ אימ, נאָר אינ האַרצנ בא זיכ האָט ער גרויס פארגעניגנ געהאט סייַ פונ די בליקנ, סייַ פונ די רייד. קלענערע יינגלעכ זייַנענ כאָפּטעטסווייַז נאָכגעלאָפנ נאָכ אימ, שטאָלצירנדיק דערמיט, וואָס ס'האָט אימ ניט געארט זייער גייענ לעבנ אימ — פינקט ווי טאָם וואָלט געווענ א פויקער, וואָס גייט פאר־פריער פונ א פראָצעסיע, אָדער א העלפאנד, וואָס שפאנט פונ־פאָרנט פאר א גרויסער כאָפּטע צירק־כייַעס. יינגלעכ פונ זייַנ גלייַכנ האָבנ זיכ געמאכט, ווי זיי וואָלטנ קלוימערשט ניט געוווסט פונ דער גאנצער מייַסע, אָבער מעקאנע געווענ האָבנ זיי אימ גוואלדיק. זיי וואָלטנ אוועקגעשענקט אלצ אפ דער וועלט, אבי באקומענ אזא זונ־פארברוינטע הויט אונ אזא גלענצנדיקנ שעם. אָבער טאָמ אליינ וואָלט די דאָזיקע מייַלעס ניט אויסגעביטנ אצינד אפ קיינ צירק אפילע.

אינ שול האָבנ זיכ די שילער אזוי ארומגעטראָגנ מיט אימ אונ מיט דזשאָענ, אינ א־עמזנס אויגנ האָט געשייַנט אזא אנט־ציקונג, אז ביידע העלדנ האָבנ אינגיכנ אָנגעהויבנ שרעקלעכ זיכ האלטנ גרויס. זיי האָבנ אָנגעהויבנ דערציילנ זייערע פאסירונגענ

פאר די גיריקע צוהערער, נאָר טאקע ניט מער, ווי אָנגעהויבן; מיט אזא פאנטאזיע, ווי די, וואָס האָט זיך אנטפלעקט בא זיי, זייַנען זיי ענדיקן ניט געווען בעקויעך. אז זיי האָבן, סאָפּקאָלסאָפּ, ארויסגעשלעפּט זייערע פּיפּקעס און גענומען לאכלוטן קאלטבלוטיק רויכערן, האָבן זיי דערגרייכט דעם העכסטן שפּיץ פון באַרימטקייַט.

טאָם האָט באשלאָסן, אז אצינד קאָן ער זיך באגייַן אָן בעקי טעטשער, געגוג פאר אים דער רום זייַנער. ער וועט לעבן נאָר צוליב רום. אצינד, אז ער האָט אזא שעם, וועט זיך איר מיסטאם אפילע וועלן איבערבעטן זיך. נאָר זאָל זי גייַן צו אלדע גוטע יאָר! — זי וועט זען, אז אויך ער קאָן זייַן זייער, זייער גלייַכגילטיק. פּונקט אין דער רעגע איז אָנגעקומען בעקי. טאָם האָט זיך געמאכט, אז ער באמערקט זי גיט. ער איז אוועקגעגאנגען אין א זייַט און איז צו צו א גרופּע ייִנגלעך און מיידלעך, פארבונדן מיט זיי א שמועס. אינגיכן האָט ער דערזען, אז בעקי לויפט פריילעך הין און צוריק מיט א פלאמענדיקן פּאָנעם און גלאנצנדיקע אויגן, ווי ס'וואָלט זי אינגאנצן פארכאפּט דאָס נאָכיאָגן נאָך די כאווערטעס, — זי גיט אלע מאָל א קוויטש, ווען ס'גיט זיך איר איַין כאפּן עמעצן. נאָר אין דער זעלבער צייַט האָט דאָך טאָם באמערקט, אז זי באמיט זיך די גאנצע צייַט זייַן נעענטער צו אים און אז זי שפּירט, זעט אויס, נאָך נאָך אים. זייַנע אייגנליבע האָט דערפון זייער האנאָע געהאט, נאָר געמאכט האָט ער זיך, אז ער באמערקט זי ניט. דאן האָט זי אופגעהערט יאָגן זיך נאָך די מיידלעך און האָט גענומען ארומשפּאנען פונדערווייַטנס, פון צייַט צו צייַט א זיפץ געבנדיק און כאפּנדיק הינטן־ארום א קוק אף טאָמען. פלוצעם האָט זי באמערקט, אז טאָם שמועסט מער, ווי מיט אלעמען, מיט עמי לאָורענס. זי איז צוגעגאנגען נעענטער, האָט זיך אָפּגעשטעלט קימאט לעבן זיי און האָט מיט

א קלוימערשט־פריילעכנ טאָנ זיך געווענדעט צו איינער פונ די כאווערטעס:

— ס׳ארא שלעכט מיידל דו ביסט, מעדי־אנא! פארוואָס ביס־טו נעכטנ ניט געוועזנ אינ דער זונטיק־שול?

— איך בינ געוועזנ — האָסט מיך דענ ניט געזעענ?

— ניינ, ניט געזעענ. ווו ביסטו דענ געזעסנ?

— ווי שטענדיק, אינ מיס פעטערס קלאס. איך האָב דיך געזעענ.

— עמעס? מאָדנע, וואָס כ׳האָב דיך ניט באמערקט. איך האָב דיר געוואָלט דערציילנ, אז בא אונדז וועט זײַנ א פיקניק.

— אך, דאָס איז זייער אינטערעסאנט. ווער אָרדנט אימ אײַנ, דעמ פיקניק?

— די מאמע אָרדנט אימ אײַנ צוליב מיר.

— אך, ווי וויל ס׳איז! מיך וועט זי אײַנלאדנ?

— נו, פארשטייט זיך, דעמ פיקניק אָרדנט מענ דאָך אײַנ צוליב מיר, — הייסט עס, די מאמע וועט אײַנלאדנ אלעמענ, וועמענ כ׳וועל וועלנ; דיך וויל איך.

— ס׳איז זייער פײַנ פונ דײַנ זײַט. ווענ וועט זײַנ דער פיקניק?

— איך וויים נאָך ניט, מעגלעך, ביים קאניקולנ.

— אָט וועט עס זײַנ פריילעך! דו וועסט רופנ אלע ייִנגלעך אונ מיידלעך?

— יאָ, אלע, וואָס זײַנענ כאוויירימ מיט מיר אָדער ווילנ זײַנ מיט מיר כאוויירימ.

אונ זי האָט ביגנייווע א קוק געטאָנ אפ טאָמענ. נאָר טאָמ האָט אינ אָט דער רעגע געהאלטנ אינ דערציילנ עמי לאָורענס וועגנ דעמ שרעקלעכנ שטורעמ אפנ אינדזל אונ וועגנ דעמ, ווי דער בליצ האָט צעשמעטערט דעמ גרויסנ בוימ „אפ פיצ־פיצלעך“, ביים ער איז געשטאַנענ דרײַ שפאנ די ווײַט פונ בוימ.

— און איך מעג קומען? — האָט געפרעגט גרעטי מילער.

— מעגסט.

— און איך? — האָט געפרעגט סעלי ראָדזשערס.

— פארשטייט זיך.

— און איך אויך? — האָט געפרעגט סיוזי גארפער. — און דזשאָ מען?

— יאָ, ווי דען!

אלע האָבן געפרעגט די זעלבע פראגע און, באקומענדיק א יאָ־ענטפער, געפאטשט פון פרייד מיט די הענט, — סאָפקאָלסאָפּ, זײַנען אלע אײַנגעלאדן געוואָרן, אכוץ טאָמען און עמין. טאָם איז רויִק אוועקגעגאנגען, ניט איבערײַסנדיק דעם שמועס, און האָט אוועקגעפירט מיט זיך עמין. בא בעקין האָבן די ליפּן גע־ציטערט און טרערן האָבן זיך באוויזן אין אירע אויגן. נאָר זי האָט גיך באהאלטן איר אופגערעגטקײַט אונטער קלוימערש־טער פריילעכקײַט און האָט ווײַטער געפּלאפּלט מיט די כאווער־טעס. פונדעסטוועגן, צום פּיקניק האָט זי אָנגעוווירן דעם גאנצן אינטערעס, אלץ האָט זי אופגעהערט אינטערעסירן. זי איז גיך־גיך אוועק פון די כאווערטעס, האָט זיך באהאלטן אין א שטיל ערטל און א׳ז דאָרט געזעסן א באליידיקטע און אן אָנגעברוי־געזטע, ביז ס׳האָט א קלונג געטאָן דער רוף אין שול ארײַן. דאן האָט זי זיך אופגעהויבן מיט נעקאָמע־גלאנצ אין די אויגן און האָט, א טרייסל געבנדיק מיט די האָר, באשלאָסן בא זיך, אז איצט ווייסט זי, וואָס זי האָט צו טאָן.

בייסן איבערײַס האָט טאָם ווידער געפּלאפּלט מיט עמי לאָו־רענס און איז אומיסטן אוועק געפינען בעקין, קעדיי א רייצ טאָן זיך מיט איר. ער האָט זי געפונען אפ א בענקעלע הינטער דער שול, — זי האָט ארײַנגעקוקט אין א בוך מיט געמעלן צוזא־מען מיט אלפרעד טעמפּל.ביידע זײַנען אזוי פארטיפט געווען אין קוקן

אין בוך אריַין, אז זיי האָבן, דאכט זיך, אינ אלץ אפ דער וועלט פארגעסן. טאָמ האָט זיך שרעקלעך געערגערט, וואָס ער האָט אָפּ־געשטויסן דעם וועג צו שאָלעמ, וועלכן ס׳האָט פאָרגעלייגט בע־קי. ער האָט זיך אָנגערופן „טיפּעש" און האָט זיך אליינ אויסגע־זידלט מיט אלע זידל־ווערטער, וועלכע ער האָט נאָר געקאָנט דערמאָנען זיך. עמי האָט ווײַטער פריילעך געפלאפלט, נאָר טאָמ איז ווי פארטומלט געוואָרן. ער האָט ניט געהערט, וואָס זי רעדט, און אז זי פלעג זיך אָפּשטעלן, ווארטנדיק אפ ענטפער, האָט ער געמורמלט עפּעס ניט קיינ קלאָרע ווערטער, וואָס האָבן ניט גע־האט קיינ שום ע׳יַיכעס צו אירע רייד. דערבײַ האָט ער די גאנ־צע צײַט לאווירט אזוי, אז זיי זאָלן דורכגיין פארבײַ דעם בענ־קעלע. עמיס פריילעכע פלאפלערײַ איז אים סאָפּקאָלסאָפּ נימעס געוואָרן. טאָמ האָט איר געגעבן צו פארשטיין, אז ער דארפ אוועקגיין צוליב עפּעס א זאך, אז ער איז זייער פארנומען, — דאָס מיידעלע האָט אלץ געערדט. „אך, ווייסט דיך א רועך, — האָט טאָמ געטראכט, — וועל איך טאקע קיינמאָל פון דיר ניט פּאָטער ווערן?" סאָפּקאָלסאָפּ, האָט ער געמאָלדן, אז ער דארפ צוגיינ אהיים, און איז אוועק, פײַנט קריגנדיק עמי לאָורענס מיט דער גרעסטער סינע.

„וואָלט עס כאָטש געווען עמעצער אנדערש, — האָט געטראכט טאָמ, — נאָר ניט אָט דאָס פראנטיקל פון סאנ־לויס, וואָס מיינט, אז ער איז אזוי פײַן אָנגעטאָן און אז ער זעט אזוי אריסטאָ־קראטיש אויס! נו, ווארט צו! איך האָב דיך אָנגעענדיקט אינעם ערשטן טאָג, ווען דו האָסט זיך באוויזן אינ אונדזער שטאָט, כ׳וועל דיך נאָכאמאָל אָנעריקן. ווארט נאָר צו, פראנטיקל — איך וועל דיך פאקן!" און קעדיי לײַכטער צו מאכן זיך אפּן הארצן, האָט טאָמ גענומען פּאָכען מיט די הענט אינדערלופטן, קלוי־מערשט קלאפנדיק דעם סוינע זײַנעם, נעריקנדיק אים פון אלע

זײַטן. „אָט האָסטו! אָט האָסטו! וואָס, האָסט אַרײַנגעכאַפּט? געַנוג? נו, זע־זשע. אַ צווייט מאָל זאָל זיך דיר אױנס ניט גלוסטן". און דער אױסגעפּאַנטאַזירטער געשלעג האָט זיך פאַר־ענדיקט מיט טאַמס פּולקאַזען גיצאָכן.

צוועלף אזייגער איז טאָם אַנטלאָפן אַהיים. בעקי האָט ווײַטער באַ־טראַכט די געמעלן מיט אַלפרעדן. נאָר די צײַט איז געגאַנגען, טאָם האָט זיך ניט אומגעקערט. דאָס האָט פאַרטונקלט איר טריומפ־שטימונג; די געמעלן זײַנען איר נימעס געוואָרן, זי איז געוואָרן ערנסט און צעטראָגן, דערנאָך אומעטיק, צום סאָף האָט זי זיך דער־פילט גאָר אומגליקלעך און האָט שוין כאַראָטע געקראָגן, וואָס זי האָט דערפירט די נעקאָמע אַזוי ווײַט. דער אומגליקלעכער אַלפרעד, באַמערקנדיק, אַז זי האָט, אומבאַוווּסט פאַרוואָס, אויפֿ־געהערט אים אײַנזינגען האָבן, האָט געהאַלטן אין איין אויסשרײַען אַלעמאָל: „אַך, ס'אַרא שיינע בילדל! גיט נאָר אַ קוק אויף אָט דעם בילדל!" בעקי איז, סאָפּקאָלסאָף, אַרויס פון די קיילים און האָט אויסגעשריגן: „אַך, טשעפּעט זיך פון מיר אָפּ מיט אײַערע בילדער! איר זײַנט מיר נימעס". זי האָט זיך צעוויינט און איז אַוועק.

אַלפרעד איז איר נאָכגעלאָפן, האָט זיך געפּרוּווט טרייסטן זי, נאָר זי האָט אַ זאָג געטאָן:

— גייט אַוועק, איך וויל בלײַבן אַליין, איר זײַנט מיר נימעס!

דאָס ייִנגל האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס אַזױנס האָט ער איר געטאָן: זי האָט דאָך צוגעזאָגט, אַז דעם גאַנצן איבערײַס וועט זי אָנקוקן די בילדער, און דאָ איז זי פּלוצעם אַוועק. אַלפרעד האָט זיך טרויעריק אַוועקגעזעצט אין ליידיק־געבליבענעם קלאַס. ער איז געווען פאַרשעמט און בייז. ווײַזט אויס, דאָס מיידעלע האָט געשמועסט מיט אים, נאָר קעדיי אַ

רייצ טאָנ זיכ מיט טאָמ סאָיערנ. פונ אָט דעמ געדאנק האָט איג אימ דערוואכט די סיגע צו טאָמענ. ס'האָט זיכ אימ געגלוסט צו־ טראכטנ עפּעס א שפּיצל דעמ סוינע, אזא שפּיצל, איג וועלכנ ער, אלפרעד, זאָל מיט גאָרניט ניט ריזיקירנ. איג אָט דער רעגע איז זייַנ בליק געפאלנ אפ טאָמס כרעסטאָמאטיע־בוכ. אָט איז א פאַ־ סיקער פאל! אלפרעד האָט צעעפנט דעמ בוכ אפ יענעמ אָרט, ווו ס'איז פארגעבנ געוואָרנ דער לימעד, אונ האָט פארגאָסנ מיט טינט א גאנצ בלעטל. בעקי האָט פונקט איג אָט דער רעגע א קוק געטאָנ דורכנ פענצטער הינטער אימ אונ האָט דערזענ, וואָס ער האָט אָפּגעטאָנ. נאָר זי איז אוועק, ניט זאָגנדיק קיינ וואָרט. זי האָט זיכ געלאָזט לויפנ אהיימ, האָפנדיק טרעפנ טאָמענ אונ דערציילנ אימ וועגנ בוכ: טאָמ וועט זיכ דערפרייענ, וועט איר דאנקבאר זייַנ, אלע אומאנגענעמלעכקייַטנ וועלנ זיכ ענדיקנ. נאָר אינמיטנ וועג האָט זי זיכ באטראכט, זי האָט זיכ דערמאנט, וויִאזוי טאָמ האָט אומיסטנ געמאכט זיכ ניט הערנדיק, ווענ זי האָט גע־ רעדט וועגנ פּיקניק, אונ זי האָט באשלאָסנ ניט ארייַנמישנ זיכ איג דער געשיכטע. זאָל מענ אימ אָנשמייַסנ פארנ פארדאָרבענעמ בוכ, איר איז אלצייַנס: זי האָט אימ פייַנט!

## קאפּיטל 20.

טאָמ איז געקומענ אהיימ אנ אָנגעברויגעזטער. פונ דער מומעס ערשטע רייד האָט ער פארשטאנענ, אז דאָ וועט זייַנ אומגליק קיינ מיטגעפיל ניט טרעפנ.

— נו, טאָמ, איכ וועל, דאכט זיכ, די גאנצע הויט פונ דיר אראָפּשינדנ!

— מומעניו, וואָס האָב איכ דענ געטאָנ?

— גענוג! איכ, אלטע טיפּשע, בינ געגאנגענ צו מיסיס גאר־

פער, האָפנדיק, אז כ׳וועל זי צווינגען, זי זאָל גלייבן אין דײַן כאָלעם, און וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן? זי האָט זיך דערוווּסט באַ דזשאָען, אז דו ביסט דאָ געווען. וואָס וועט זײַן דער טאכלעס פון אזא מיִעסן באָכער! איך קאָן עס שוין ניט אויסהאלטן! ווי האָסטו עס געקענט קיין וואָרט ניט אויסזאָגן און דערלאָזן כ׳זאָל גיין צו מיסיס גארפער, קעדיי אלע זאָלן לאכן פון מיר ווי פון א טיפּשע?

דער דאָזיקער צופאל איז פאר טאָמען אינגאנצן געווען אומ־דערוואַרט. אינדערפרי האָט זײַן אופטו אויסגעזען באַ אים, ווי א שיינער, שארפזיניקער קאטאָוועס, אצינד אָבער האָט ער געזען, אז באגאַן איז ער זיך נאריש און מיִעס. ער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט די ערשטע רעגע ניט געוווּסט, וואָס צו ענט־פערן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— מומעניו, ס׳טוט מיר באַנק, וואָס איך האָב עס געטאָן, איך האָב זיך ניט באַטראכט.

— אך, קינד, דו טראכסט קיינמאָל ניט. דו טראכסט קיינמאָל וועגן גאָרניט, אכוץ דײַן אייגענעם פארגעניגן. געקומען איז דיר אפן זינען קומען אהערצו פונעם דזשעקסאָן־אינדזול באַנאכט, קעדיי אָנקווּעלן פון אונדזער אומגליק. אײַנגעפאלן איז דיר מיר דולן דעם קאָפּ מיט מײַסעס וועגן דײַנעם א כאָלעם. אָבער ראכמאָנעס האָבן אפּ אונדז און באַפרײַען אונדז פון יעסורים — דאָס האָסטו ניט געהאט אין זינען.

— מומעניו, איך פארשטיי אצינד, אז ס׳איז געווען זייער מיִעס פון מײַן זײַט, נאָר כ׳האָב ניט געוואָלט אזוי טאָן, אפּ מײַן וואָרט, ניט געוואָלט. און דעמאָלט אפּדערנאכט בין איך געקומען, ניט קעדיי כויזעק מאכן פון אײַך.

— איז צוליב וואָס־זשע?

— איך האָב געוואָלט זאָגן אײַך, אז איר זאָלט קיין יעסורים

ניט האָבן, זאָגנ איַיך, אז מיר זיַינען ניט דערטרונקען גע־וואָרנ.

— טאָמ, טאָמ! איך וואָלט זיך גוואלדיק דערפרייט, ווען איך זאָל קענען גלייבן, אז ס'איז דיר איַינגעפאלן אזא גוטער גע־דאנק. אָבער דו ווייסט דאָך אליינ, אז מיט דיר טרעפט ניט אזעלעכס. איך ווייס עס אויך.

— ס'איז עמעס, מומע, הוילער עמעס, איך בינ צוליב דעם געקומען, מומעניו! זאָל איך פונ אָט דעם אָרט זיך ניט רירנ, אויב איך זאָג א ליגנ!

— אך, טאָמ, זאָג ניט קיינ ליגנ, זאָג ניט קיינ ליגנ! דאָס איז נאָך הונדערט מאָל ערגער.

—דאָס איז ניט קיינ ליגנ, מומעניו, דאָס איז עמעס. ס'האָט מיך זייער געארט, וואָס איר האָט יעסורים, — בינ איך דעריבער געקומען.

— איך וואָלט אוועקגעשענקט אלצ אפ דער וועלט, ווען איך זאָל דיר קאָנען גלייבנ, דאָס וואָלט אויסגעקויפט אלע דיַינע זינד. איך וואָלט אפילע געפרייט זיך דערמיט, וואָס דו ביסט אנט־לאָפנ אונ האָסט אזא שלעכטס אופגעטאָן, אָבער איך בינ ניט אימשטאנד צו גלייבן דערינ. פארוואָס־זשע האָסטו זיך דעמלט ניט באוויזנ מיר, קינד מיַינס?

— זעט איר, מומעניו, אז איר האָט אָנגעהויבן רעדנ וועגנ דער לעווייַע, איז מיר טאקע איַינגעפאלנ דער געדאנק — פאר־קריכנ אינ קלויסטער אריַינ אונ אויסבאהאלטנ זיך, — ס'האָט בא מיר אויסגעזען אזוי אינטערעסאנט, או איך האָב ניט געקענט דערלאָזנ, אונדזער אופטו זאָל קאליע ווערנ. דעריבער האָב איך אריַינגעלייגט די קאָרע אינ קעשעניע אונ בינ שוויַיגנדיק אוועק־געגאנגענ.

— וואָס פאר א קאָרע?

— טאקע יענע, אפ וועלכער כ'האָב איַיך אָנגעשריבנ, אז מיר

זײַנען געוואָרן פּיראַטן. אַצינד טוט מיר אַזוי באַנק, וואָס איר האָט זיך ניט אופגעכאַפּט, ווען כ'האָב אײַך אַ קוש געטאָן, ס'טוט מיר שרעקלעך באַנק, — אַף מײַן וואָרט!

דער רויגעז איז פאַרשוווּנדן פון דער מומעס פּנים, אין אירע אויגן האָט זיך צאַרטקײַט צעלויכטן.

— עמעס, טאָם, האָסט מיך אַ קוש געטאָן?

— נו, יאָ, אַ קוש געטאָן.

— ביסט זיכער דערין?

— נו, יאָ, זיכער, פאַרשטייט זיך.

— צוליב וואָס האָסטו עס מיך אַ קוש געטאָן?

— ווײַל איך האָב אײַך אַזוי ליב, און איר האָט אַזוי געשראָקן... קרעכצט פון שלאָף, און כ'האָב אַזוי ראַכמאָנעס געהאַט אַף אײַך.

— גיב מיך אַ קוש, טאָם! און אַצינד גיי אין שול אַרײַן, און טשעפּע זיך מער ניט צו מיר.

אין אַ רעגע אַרום האָט טאָם שוין געשפּאַנט אין שול אַרײַן, און די מומע פּאָלי האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין קאַמערל אַרײַן, ווו ס'זײַנען געהאַנגען די שטיקלעך פון טאָמס רעקל, וואָס ער האָט געטראָגן, בײַס ער איז געווען אַ פּיראַט. זי האָט גענומען דאָס רעקל אין די הענט אַרײַן, נאָר האָט זיך פּלוצעם פאַרטראַכט. זי האָט גערעדט צו זיך אַליין:

— ניין, איך קאָן עס באַ זיך ניט פּועלן. אומגליקלעך ייִנגל! איך בין זיכער, אַז ער האָט געזאָגט אַ ליגן, אָבער אַזאַ ליגן איז צו גוטן. דער דאָזיקער ליגן האָט מיך אַזוי געטרייסט, כ'האָפּ, כ'ווייס, אַז גאָט וועט אים מוחל זײַן, ווײַל געזאָגט האָט ער עס פון גוטהאַרציקײַט. נאָר מיר ווילט זיך ניט זיך איבערצײַגן, אַז ס'איז אַ ליגן, — כ'וועל ניט קוקן!

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס רעקל און האָט אַ רעגע געטראַכט, קוקנדיק דערום. דערנאָך האָט זי ווידער אויסגעשטרעקט די

האנט, האָט ווידער א שלעפּ געטאָן די האנט צוריק, און אזוי צוויי מאָל. ענדלעך, האָט זי בא זיך געפּויעלט, שטארקנדיק זיך מיטן געדאנק: „דער דאָזיקער ליגן איז מיט א גוטן מיין און פון א גוט הארץ, איך וועל ניט דערלויבן זיך יעסורים האָבן דערפון"... אין א רעגע ארום האָט זי שוין געלייענט די שורעס, וואָס טאָם האָט געהאט אויסגעקריצט אפן שטיקל קאָרע. זי האָט געוויינט פאר גליק און האָט געזאָגט צו זיך אליין:

— כ'וואָלט געקאָנט מוחל זײַן אָט דעם ייִנגל הונדערט טויזנט זינד!

## קאפיטל 21.

אפ דער מומע פּאָליס פּאָנעם איז, בייס זי האָט א קוש געטאָן טאָמען, געווען עפּעס אזוינס, וואָס דערפון איז טאָמען ווידער געוואָרן גוט און גרינג אפ דער נעשאָמע. ער איז אוועקגעגאנגען אין שול ארײַן, און ס'האָט אים אָפּגעגליקט: אפ דער לאָנקע האָט ער זיך באגעגנט מיט בעקי טעטשער. טאָם פלעג שטענדיק טאָן דאָס, וואָס די פּלוצעם־אָנגעפלויגענע שטימונג האָט אים געהייסן. אצינד איז ער, ניט פארטראכטנדיק זיך אפ קיין רעגע, צוגעלאָפן צו בעקין און האָט א זאָג געגעבן:

— איך בין זיך היינט באגאנגען זייער מיִעס, בעקי, און ס'טוט מיר אזוי באנק!... איך וועל שוין מער קיינמאָל, קיינמאָל אין לעבן ניט טאָן אזוי. לאָמיר זיך איבערבעטן, ווילסטו?..

בעקי האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט מיט פאראכטונג א קוק געטאָן אים אין פּאָנעם ארײַן.

— איך וועל אײַך זייער באדאנקען, מיסטער טאָמאס סאָיער, אויב איר וועט מיך לאָזן צורו. איך רעד מער ניט מיט אײַך!

זי האָט א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ און איז פארבײַגעגאנגען. טאָמען האָט עס אזוי געערגערט, אז ער האָט אפילע ניט באוויזן

אָפּצוּשפּערן: „כ'בעט אײַך, ס'אַרא אומגליק! איך שפּײַ דערופ!"
דערנאָך איז שוין צו שפּעט געווען: די פּאַסיקע רעגע איז פאַרבײַ. דעריבער האָט ער גאָרניט געזאָגט, ער איז נאָר אין גרויס גרימצאָרן אַרײַן. ער האָט אָנגעבראָגעזט אַרומגעשפּאַנט איבערן שול־הויף, — ס'האָט אים ווײַער באַנק געטאָן, וואָס בעקי איז ניט קיין ייִנגל, און ער קאָן זי ניט אָנשלאָגן. זי איז גראָד פאַרבײַגעגאַנגען און האָט אַ וואָרפ געטאָן אַ שטעכווערטל אין זײַן זײַט אַרײַן, ער האָט מיט אַ שטעכווערטל אָפּגעענטפערט. דאָס האָט נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אינצידענט. בעקי איז אַזוי אין כּעס געווען, אַז זי האָט קאַם דערוואַרט זיך, די לימודים זאָלן זיך אָנהייבן — אַזוי האָט זיך איר געוואָלט, אַז טאָמער זאָל וואָס גיכער אַרײַנפּליִען פאַרן פאַרדאָרבענעם בוך. אויב ס'האָט זיך נאָך בײַ איר געהאַט ערגעץ טיפ אינעווייניק פאַרטײַעט אַ געדאַנק וועגן מאַסערן אַלפרעד טעמפּלען, איז דער געדאַנק טייקעפּ פאַרשוווּנדן געוואָרן נאָך טאָמס שטעכוואָרט.
אומגליקלעכע בעקי! זי האָט ניט געוווּסט, אַז אַפּ איר אַליין וואַרט שוין אַן אומגליק.
דער לערער, מ"ר דאָבינס, איז געווען אַ באַיאָרטער מענטש מיט אַ ניט־באַפרידיקטער ליבע צו קאָוועד. אַ טרוים געווען בײַ אים — ווערן אַ דאָקטער, נאָר מאַכמעס אָרעמקײַט האָט ער געמוזט ווערן און בלײַבן אַ שול־לערער. אַלע טאָג פלעג ער אין קלאַס אַרויסנעמען פון טיש־שופלאָד עפּעס אַ סוידעסדיקן בוך, און בײַס די ייִנגלעך פלעגן שרײַבן די פאַרגעבענע לימודים, פלעג ער זיך פאַרטיפן אין בוך. דעם דאָזיקן בוך האָט ער געהאַלטן פאַרשלאָסן אונטער אַ שלאָס. ניט געווען קיין איין ייִנגל אין שול, וועלכער זאָל ניט כאַלעשן כאָטש מיט איין בליק אַ קוק טאָן אין אָט דעם בוך, נאָר ס'איז אַלץ ניט אויסגעקומען. יעדער שילער און יעדע שילערן האָבן געהאַט זייערע סוואָרעס וועגן דעם, וואָס

פאר א בוך ס'איז, אָבער דערווייסנ זיך אפ געוויס איז געווענ אומעגלעכ. היינט גראָד, פארבייגייענדיק לעבנ דער קאטעדרע, וואָס איז געשטאנענ ניט ווייט פונ דער טיר, האָט בעקי באמערקט, אז דער שליסל שטעקט אינ שלאָס. דער לערער האָט אים פאר־געסנ ארויסנעמענ. איז דענ מעגלעכ געווענ דורכצולאָזנ אזא זעל־טענעם פאל? בעקי האָט זיך ארומגעקוקט: ארום איז ניט געווענ קיינ איינ לעבעדיקער נעפעש. אינ א רעגע ארום האָט זי שוינ געהאלטנ דעם בוך אינ די הענט. דאָס קעפל „אנאטאָמיע" האָט איר גאָרניט ניט דערקלערט, האָט זי גענומענ בלעטערנ די בלעט־לעכ... אפנ ערשטנ בלעטל האָט זי טייקעפ אָנגעטראָפנ אפ א שיינ־אָנגעמאָלטער אונ שיינ־באפארבטער מענטשישער פיגור. אינ אָט דער רעגע איז א שאָטנ געפאלנ אפנ בלעטל: אפ דער שוועל איז געשטאנענ טאָמ סאָיער, — ער האָט אויכ אפ איינ אויגנבליק דערזענ דאָס בילד. בעקי האָט שנעל א מאכ צו געגעבנ דעם בוך, אונ אזוי ניט געלונגענ, אז זי האָט אפ האלב צעריסנ דאָס בלעטל מיטנ געמעל. זי האָט א וואָרפ געטאָנ דעם בוך אינ שופלאָד ארייננ, האָט א דריי געטאָנ דעם שליסל אינ שלאָס אונ האָט זיך צעוויינט פונ בושע אונ גרימעניש.

— טאָמ סאָיער, דאָס פאסט טאקע זייער פאר אייכ. ס'ארא מיעס־קייט — אונטערגאנוועננ זיך הינטנ־ארום אונ נאָכקוקנ, וואָס מע טוט!

— פארוואָס עפעס נאָכקוקנ? כ'האָב דענ געקאָנט וויסנ, וואָס איר טוט?

— שעמט זיך, טאָמ סאָיער! איר וועט, פארשטייט זיך, מאַ־סערנ מיכ, איז וואָס וועל איכ דעמלט טאָנ? מ'וועט מיכ געוויס אָנשמייסנ, אונ מיכ האָט מענ קיינמאָל ניט געשמיסנ אינ שול.

זי האָט א טופע געטאָנ מיטנ פיסל אונ האָט געזאָגט:

— נו, זאָל זיינ אזוי, אויב איר זיינט אזא מיעסער פארשוינ!

איך ווייס אויך עפּעס. וואַרט־צו, אָט וועט איר זען, וואָס ס'וועט זײַן.
ווערעמדיקער! ווערעמדיקער! גידעריקער מענטש!

און זי איז מיט אַ געיאָמער אַרויסגעלאָפן פון צימער.

טאָמ איז געבליבן שטיין, געפּלעפט פון אָט דעם פּלוצעמדיקן אָנפאַל. דערנאָך האָט ער צו זיך געזאָגט:

— ס'איז מעשוגעדיקע און נאַרישע זײַנען זיי, אָט די מיידלעך! מ'האָט זי קיינמאָל ניט געשמיסן אין שול! אויך מיר אַ זאַך, מ'וועט זי שמײַסן! אַלע זײַנען זיי, די מיידעלעך, אַזעלכע געפּעסטעטע, פּאַכדאָנים. איך וועל, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן דעם אַלטן דאָבינס וועגן אָט דער קליינער טיפּשע, נאָר ס'איז דאָך אַלציינס. קיינער וועט זיך ניט אָנרופן. וועט ער דעמלט נעמען אויספרעגן איינציקווײַז, ווי ער טוט עס שטענדיק, און אַז ער וועט דערגיין צו דער שולדיקער, וועט ער אין איר פּאָנעם, ניט פרעגנדיק אפילו, דערקענען, אַז זי איז שולדיק. באַ די מיידעלעך קאָן מען שטענדיק דערקענען אויפן פּאָנעם, — זיי קאָנען גאָרניט פאַרבאָרגן. נו, וועט זי, פאַרשטייט זיך, אַרײַנכאַפּן. אַרײַנגעפאַלן אַצינד בעקי טעטשער — זי וועט זיך שוין אַצינד ניט אויסדרייען! ער האָט אַביסל געטראַכט, טאָמ, דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „אַ מיצווע אויף איר! זי וואָלט צופרידן געווען, ווען איך זאָל זיך אַרײַנפאַקן, — זאָל זי אַליין דערפילן דעם טאַם".

און טאָמ איז אַוועק צו דער כאַפּטע כאַוויירים, וואָס שפּילן זיך אין הויף. אין עטלעכע רעגעס אַרום איז אָנגעקומען דער לערער, און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די לימודים. טאָמ האָט זיך ניט איבעריק אינטערעסירט מיטן לערנען. ער האָט אַלע רעגע אַ קוק געגעבן אין דער זײַט, ווו ס'זיצן די מיידעלעך, און יעדער מאָל האָט אים אופגערעגט בעקיס פּאָנעם. ער האָט לאַכלוכטן ניט געוואָלט ראַכמאָנעס האָבן אויף איר, און פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן פון ראַכמאָנעס. ער האָט אַפילע ניט געקאָנט אַרויסרופן באַ זיך עפּעס ענלעכס אויף

בייזוויליקער פרייד. נאָר אָט האָט אינגיכן דער לערער אנטדעקט, אז טאָמס בוך איז פארגאָסן מיט טינט, און טאָמס אופמערקזאמקייט האָבן אינגאנצן פארשלונגען זיינע אייגענע געשעפטן. בעקי האָט אַ צייט באפרייט זיך פון איר דערשלאָגנקייט און האָט זיך היפש פאראינטערעסירט מיט דער געשעעניש. זי האָט ניט גערעכנט, אז טאָמס טייַנעס וועגן דעם, אז ניט ער האָט גאָר אויסגעגאָסן דעם טינט אפן בוך, זאָלן אים קאָנען באפרייען פון דער שטראָף, — און זי איז גערעכט געווען. טאָמס טייַנעס האָבן נאָך ערגער גע־מאכט דעם איניען. בעקי האָט געמיינט, אז זי וועט זיך דערפרייען דערמיט, און האָט געפרוווט זיך אייַנריידן, אז זי פרייט זיך, נאָר ס'איז גאָר ניט לייַכט געווען. אז ס'איז דערגאנגען צום סאמע ערגסטן, האָט זיך איר שרעקלעך פארגלוסט אופשטיין און זאָגן, אז געטאָן האָט עס אלפרעד טעמפל. נאָר זי האָט זיך געצווונגען בלייַבן זיצן רויק, — זי האָט זיך געטראכט: „ער וועט דאָך סייַוויסיי אויסזאָגן, אז איך האָב צעריסן דאָס בילדל. איז אָט, וועל איך טאקע קיין וואָרט ניט זאָגן! ווען כ'זאָל אפילע אים דאָס לעבן דארפן רא־טעווען דערמיט!"

טאָם האָט באקומען זייַן ביילעך שמיץ און האָט זיך אומגע־קערט אפ זייַן אָרט לאכלוטן רויק. ס'האָט זיך אים געדאכט פאר גאנץ מעגלעך, אז ער האָט אליין, קען זייַן, ניט אומיסטן בייס שפילן זיך איבערגעקערט דאָס טינטערל אפן בוך, — געלייקנט האָט ער עס אין אָנהייב בלויז צוליב „פאסאָנ" און ווייַל אזוי פאָדערט דער מינהעג, דערנאָך האָט ער אייַנגעשפארט געלייקנט, קעדיי בא־ווייַזן שטייַפן כאראקטער.

דורך איז אַ גאנצע שאָ. דער לערער האָט געדרימלט, געשמאָ־רעט מיט דער נאָז אפ זייַן טראָן. איבער דער הורעניש פון די שילער, וואָס כאזערן די לימודים, איז די לופט אליין שלעפעריק געוואָרן. ענדלעך, האָט זיך מ־ר דאָבינס אויסגעגלייַכט, אַ געהעצ

געטאָנ, האָט אופגעעפנט דעמ שופלאָד און האָט אויסגעשטרעקט די האנט אפ צו נעמענ דעמ בוכ, נאָכ, זעט אויס, ניט האָבנדיק באשלאָסנ — צי נעמענ אימ, צי נײנ. דאָסראָוו שילער האָט געקוקט דערופ מיט לאנגווײַליקע אויגנ, בלויז צוויי האָבנ נאָכגעשפירט נאָכ מיסטער דאָבינס יעדער באוועגונג. א שטיק צײַט האָט מ׳־ר דאָבינס צעטראָגענערהייט געדרייט אינ דער האנט דעמ בוכ, דערנאָכ האָט ער אימ ארויסגענומענ אונ האָט זיכ באקוועמ אוועקגעזעצט אינ שטול, גרייטנדיק זיכ לייענענ.

טאָמ האָט א קוק געטאָנ אפ בעקינ. גאָטעניו — ס׳ארא ראכמאָנעסדיק, צעטומלט פּאָנעמ בא איר! ווי בא א קראַליק, וואָס מ׳האָט אָנגעצילט זיכ אפ אימ פונ א ביקס. טאָמ האָט טייקעפ פארגעסנ אינ זײַנ קריג מיט איר. מ׳דארפ טייקעפ עפעס אופטאָנ, טאקע טייקעפ, ניט פארזאמענדיק קיינ רעגע! נאָר די שארפקײַט פונ דער געפאר האָט פאראליזירט זײַנ דערפינדערישע קראפט. סאָפקאָל־סאָפ — א גלענצנדיקער געדאנק! ער וועט צולויפנ, וועט ארויסרײַסנ דעמ בוכ פונ לערערס הענט, וועט ארויסשפרינגענ דורכ דער טיר — אונ פארטיק! נאָר ער האָט אפ א רעגעלע זיכ א קווענקל געטאָנ אונ האָט אָנגעווירנ דעמ פאסיקנ מאָמענט: דער לערער האָט אופגעעפנט דעמ בוכ. ווענ ס׳וואָלט מעגלעכ געווענ אומצוקערנ דעמ אָנגעווירענעמ מאָמענט! „צו שפעט! אצינד קאָנ מענ שוינ בעקינ ניט ראטעווענ!” — האָט טאָמ גערעדט צו זיכ. נאָכ איינ רעגע — אונ דעמ לערערס אויגנ האָבנ א שפאציר געטאָנ איבערנ קלאס. אלע אויגנ האָבנ זיכ אראָפּגעלאָזט אונטערנ דרוק פונ זײַנ בליק. אינעמ בליק איז געווענ עפעס אזוינס, אז אפילע די אומשולדיקע האָבנ גענומענ פלאטערנ פאר מוירע. ס׳איז שא־שטיל געוואָרנ, אינ מעשעכ פונ דער פויזע האָבנ א טייל שילער באוויזנ אָפּצוציילנ צענ. דער לערער האָט אינ זיכ געקליבנ דעמ גרימצאָרנ.

סאָפּקאָלסאָפּ, האָט ער אַ זאָג געגעבן:

— ווער האָט צעריסן אָט דעם בוך?

קיינער האָט נישט געענטפערט. אין קלאַס איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע וואָלט געקאָנט הערן דעם מינדסטן שאָרך. די שטומעניש האָט געדויערט. דער לערער האָט זיך איינגעקוקט אין אַלע פּנימער נאָכאַנאַנד, זוכנדיק סימנים פון שולד.

— בענדזשאַמען ראָדזשערס, דו האָסט צעריסן דעם בוך?

— ניין.

ווידער אַ פּויזע.

— דזשאָזעף גאַרפּער, דו?

ווידער ניין. טאָמס אויפגערעגטקייט איז אַלץ מער און מער געוואַקסן. אָט די פראַגן און ענטפערן זיינען פאַר אים געווען, ווי אַ שווערע צעצויגענע פּיין. דער לערער האָט אויסגעפרעגט אַלע יינגלעך, האָט אַביסל אַ טראַכט געטאָן און האָט זיך געווענדעט צו די מיידלעך:

— עמי לאָורענס?

עמי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אָפּ ניין.

— גרעטשי מילער?

דאָס זעלבע.

— סוזאַנע גאַרפּער, דו האָסט עס געטאָן?

ווידער — ניין. איצט איז די ריי דערגאַנגען צו בעקי טעטשער. טאָם האָט אינגאַנצן געפלאַטערט פון אויפגערעגטקייט און פון דעם געדאַנק, אַז די לאַגע איז אויסוועגלאָז.

— רעבעקאַ טעטשער (טאָם האָט אַ קוק געטאָן אויף איר פּנים. דאָס פּנים איז בלייך געוואָרן פאַר מוירע), ניט דו האָסט עס צעריסן... ניין... קוק מיר גלייך אין פּנים אַריין (זי האָט מיט געבעט אויפגעהויבן די הענט)... ניט דו האָסט עס צעריסן אָט דעם בוך?

אין טאָמס מויעך איז דורכגעפלויגן א געדאנק, ווי א בליץ. ער איז אופגעשפרונגען און האָט אויסגעשריגן:

— דאָס האָב איך געטאָן!

די גאנצע שול האָט דערשטוינט אויסגעשטאָרטשעט די אויגן אפן דולן יונגל, וואָס האָט אָפגעטאָן אזא שוידערלעכע זאך. טאָם איז געשטאַנען א רגע, קעדיי קומען אביסל צו זיך. אז ער האָט זיך, ענדלעך, געלאָזט גיין צו יענעם ווינקל, ווו ס׳האָט געווארט אף אים די שטראָף, וואָלטן אים די פארכידעשטקייט און דאנקבארקייט, וואָס האָבן זיך געלויכטן אין בעקיס אויגן, באלוינט אפילע פאר הונדערט שמיץ. פארכאפט דורך דער גרויסארטיקייט פון זיין העלדנטאט, האָט ער אָן איין געשריי איבערגעטראָגן די אכזאָריעסדיקע עקזעקוציע און האָט פונקט אזוי קאלטבלוטיק אופגענומען אויך די צוגאָב־שטראָף — דעם באפעל בלייבן אין שול אף צוויי שאָ נאָך די לימודים. ער האָט געוווסט, ווער ס׳וועט אף אים ווארטן אין הויף, ווען מ׳וועט אים ארויסלאָזן פון דער טפיסע, און דאָס נודנע ויצעניש אין שול האָט בא אים אויסגעזען פאר ניט קיין גרויסער צאָרע.

אז טאָם האָט זיך געלייגט שלאָפן אין אָט דעם אָוונט, האָט ער געפלאנעוועט, וויאזוי נעקאָמע צו נעמען אין אלפרעד טעמפלען: פול מיט ביזויען און כאראָטע, האָט בעקי אים אלץ דערציילט.

זי האָט אויך ניט פארגעסן דערציילן וועגן איר אייגענעם פארברעכן קעגן אים. אָבער אפילע דער דורשט נאָך נעקאָמע האָט אינגיכן אָפגעטראָטן דאָס אָרט פאר אנגענעמע געדאנקען. ביזן סאמע איינשלאָפן האָבן אין טאָמס אויערן געקלונגען בעקיס לעצטע ווערטער:

— טאָם, ווי האָסטו עס געקענט זיין אזוי איידל!

ס׳איז שוינ געווענ ניט ווײַט פונ קאניקול־צײַט. דער לערער, וואָס איז שטענדיק שטרענג געווענ, איז געוואָרנ נאָכ שטרענגער אונ הארבער. ס׳האָט זיכ אימ געוואָלט, אז אלע שילערס זאָלנ זיכ אויסצייכענענ בא די עקזאמענעס. זײַנ שטעקנ אונ זײַנ ווירע זײַנענ איצט זעלטנ געלעגנ אָנ ארבעט, באזונדערס האָבנ זײ גע־שמאק געארבעט אינ די ייִנגערע קלאסנ. די גרויסע, אכצניאָריקע—צוואנציקיאָריקע באָכורימ אונ מיידנ, האָבנ קיינ שומ שטראָפ ניט געקראָגנ. באשטראָפנ פלעג מ״ר דאָבינס גאנצ פײַנ, ווי ס׳דארפ צו זײַנ, ווײַל, כאָטש ער האָט באהאלטנ אונטערנ פארוק א לאכ־לוטנ הוילנ, גלאנצנדיקנ שארבנ, נאָר אלט איז ער נאָכ ניט גע־ווענ, אונ מוסקולנ האָט ער פארמאָגט געזונטע. וואָס נעענטער ס׳איז געוואָרנ דער גרויסער טאָג, האָט זיכ אלצ שארפער אנט־פלעקט זײַנ שטענדיקע נייגונג צו טיראנערײַ. ער האָט, זעט אויס, גוואלדיק האנאָע געהאט פונ באשטראָפנ פאר סאמע נישטיקע זאכנ.

איבער דעמ פלעגנ די ייִנגערע ייִנגלעכ באטאָג לײַדנ פונ שרעק אונ ווייטעק, אונ בײַנאכט פלאנעווענ נעקאָמע־פלענער. זײ פלעגנ ניט דורכלאָזנ קיינ איינ פאל אפ אָפצוטאָנ א שפיצל דעמ לערער. אָבער זײַנענ זײ דענ אימשטאנד געווענ צו גלײַכנ זיכ מיט אימ? נאָכ יעדער געלונגענעמ שפיצל פלעגנ די שילער באקומענ אזא היפשנ לוינ, אז זײ פלעגנ שטענדיק בלײַבנ דערונטער אינעמ קאמפ. סאָפקאָלסאָפ, האָבנ זײ געמאכט א פארשווערונג אונ האָבנ צוגעטראכט אזא נעקאָמע־פלאנ, וואָס האָט באדארפט ברענגענ צומ פולקאָמענ ניצאָכנ. זײ האָבנ דערציילט דעמ סאָד דעמ זונ פונעמ שילדנ־מאָלער אונ האָבנ אימ אײַנגערעדט, ער זאָל זײ מיטהעלפנ. יענער האָט זיכ שטארק דערפרייט. אונ עס איז ניט קיינ וווּנדער: דער לערער פלעג באקומענ מיטיקנ בא זײַנ טאטנ אינ הויז, אונ דאָס

יִנגל האָט געהאַט פאַר וואָס אים פּײַנט צו האָבנ, דעמ לערער. דעמ לערערס פרוי האָט גראָד באַשלאָסנ אפ עטלעכע טעג אוועקפאָרנ צו איר'ע באַקאַנטע צוגאַסט, — האָט, הייסט עס, גאָרניט געקאָנט שטערנ דעמ נעקאָמע־פּלאַנ.

דער לערער האָט געהאַט אַ טעווע אינ פריילעכע פאַלנ אָנצושיקערנ זיכ, אונ דעמ מאָלערס זונ האָט צוגעזאָגט די כאַווײרימ, אַז אינ אָוונט פונ עקזאַמענ, ווי נאָר דער לערער וועט זיכ אָנטרינקענ אונ וועט אַנשלאָפנ ווערנ אינ זײַנ שטול, וועט ער, דעמ מאָלערס זונ, „אַלצ אײַנאָרדענענ”, אונ אַליינ וועט ער אַנטלויפנ.

אַלצ איז דורכגעגאַנגענ גרויסאַרטיק.

אַכט אַזייגער אינ באַשטימטנ אָוונט איז די שול־געבײַדע געווענ העל באַלויכטנ אונ פאַרפּוצט מיט בלעטער אונ קווייטנ. דער לערער איז געזעסנ אינ דער הייכ, אינ אַ גרויסער שטול. הינטער אים האָט זיכ געפונענ אַ שוואַרצער טאָוול. אפ זײַנ פּאָנעמ איז געווענ צו דערקענענ, אַז ער האָט זיכ פּײַנ מעכאַבעד געווענ. זעקס רייענ בענק אַנטקעגנ דעמ לערער אינ צו דרײַ פּאָדערשטע בענק פונ יעדער זײַט זײַנענ פאַרנומענ געווענ מיט די אַמט־לײַט פונ שטעטל אונ מיט די עלטערנ פונ די שילער. לינקס, הינטער די בענק פונ די שטאָט־אײַנוווינער, אפ אַ ברייטער צײַט־ווײַליקער עסטראַדע זײַנענ געזעסנ די שילער, וואָס האָבנ באַדאַרפט אָנטיילנעמענ אינ הײַנטיקנ עקזאַמענ: רייענ פונ קליינע ייִנגעלעכ, אַרומגעוואַשענע, אויסגעפּוצטע, וועלכע פילנ זיכ שרעקלעכ ניט גוט אינ זייערע פאַראַד־גאַרניטערס; רייענ פונ לעפּישע באָכורימלעכ; ענדלעכ, רייענ פונ מיידלעכ אונ יונגע לעדיס, פאַרפּוצטע אינ באַטיסט, וועלכע פאַרגעסנ אפ קיינ רעגע ניט אינ זייערע נאַקעטע הענט, אינ זייערע ראָזע אונ בלויע סטענגעס, אינ די קווייטנ אפ זייערע קעפּ. די איבעריקע ערטער זײַנענ פאַרנומענ געווענ דורכ די שילער, וואָס נעמענ ניט קיינ אָנטייל אינ עקזאַמענ.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, וואָס א פּיצעלע יינגעלע איז אויפגעשטאנען און האָט שעמעוודיק דורכגעדעקלאמירט: „האָט איר אמאָל געריכט זיך דען, אז א פּיצל יינגל זאָגן קען...", — באַגלייטנדיק די דעקלאמאציע מיט געקינצלטע, צאפּלענדיקע באַוועגונגען, ווי א מאשין, אין וועלכער ס'איז עפּעס קאַליע געוואָרן. פונדעסטוועגן, האָט ער בעשאָלעם דערשלעפּט זיך ביזן סאָף, איז באלוינט געוואָרן מיט אפּלאָדיסמענטן, האָט זיך פארנויגט, פּונקט ווי דער לערער האָט מיט אים איינגעכאזערט, און איז אוועקגעגאנגען.

א קליינע מיידעלע מיט א פארשעמט פּנעמל האָט דורכגעמורמלט: „געווען בא מערין א שעפעלע", האָט געמאכט א לעפּישן קניקסן און האָט, באגלייט מיט אפּלאָדיסמענטן פון אוילעם, אינגאנצן א רויט־געוואָרענע און גליקלעכע, אוועקגעזעצט זיך אפן איר אָרט.

דערנאָך איז מיט א קלוימערשטער וווילזינגערישקייט ארופגעגאנגען אפן דער עסטראדע טאָם סאָיער און האָט אָנגעהויבן דעקלאמירן די אלטע באַרימטע ליד: „באפרייט מיך, באפרייט, אָדער האַרגעט מיך, לייט". ווילד־צאָרנדיק העכערנדיק דאָס קאָל און שטארק זשעסטיקולירנדיק. צוגעקומען ביז האלב ליד, האָט ער זיך פארסטאָמפּעוועט. ס'איז אים א שרעק באפאלן, ס'האָט אים געבראָכן אין די פיס, אין האלדז האָט אים עפּעס געוואָרגן, ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט ארויסריידן. עמעס, די צוהערער האָבן אים, זעט אויס, סימפּאטיזירט, אָבער זיי האָבן דאָך געשוויגן — אָט דאָס שווייגן האָט נאָך מער געדריקט טאָמען, ווי זייער מיטגעפיל.

דער לערער איז אָנגעברויגעוט געוואָרן, און דאָס איז גאָר דערגאנגען די יאָר טאָמען. ער האָט זיך געראנגלט נאָך אביסל און איז, אינגאנצן פארשעמט, אראָפּ פון דער עסטראדע. ס'זיינען געווען פּרוּוון אונטערצוהאלטן אים מיט אפּלאָדיסמענטן, נאָר זייער שוואכע.

ווײַטער זײַנען געגאַנגען: „דאָס ייִנגל איז געשטאַנען אַף דער פלאַקערנדיקער שיף..."‚ „די אַסיריער זײַנען געגאַנגען, ווי וועלף אַף אַ טשערעדע שאָף..." און אַנדערע מוסטער־אויסצוגן פֿאַר דעקלאַמאַציע. דערנאָך האָבן די שילער פֿאַרוועט זיך איינער מיטן אַנדערן אין אויסדריקלעכן לייענען. די שיטערע גרופּע לאַטײַן־קענער האָט גאַנץ פֿײַן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. דערנאָך האָבן די יונגע לעדיס געלייענט זייערע אייגענע ווערק. איינע נאָך דער אַנדערער זײַנען זיי אַרויסגעגאַנגען צום ברעג עסטראַדע, האָבן דורכגערייניקט דעם האַלדז, האָבן אַרויסגענומען די מאַנוסקריפּטן, וואָס זײַנען אַרומגעבונדן מיט שיינינקע סטענגעלעך, און האָבן גענומען לייענען, אָפּהיטנדיק ווי ס'דאַרף צו זײַן די פּונקטואַציע־צייכנס.

די טעמעס פֿון די ווערק זײַנען געווען די זעלבע טעמעס, אַף וועלכע ס'האָבן געשריבן די מאַמעס, באַבעניוס און עלטער־באַבעניוס פֿון אָט די פֿרײַלנס, העט ביזן דאָר פֿון די קרייץ־צוגן: „פֿרײַנטשאַפֿט", „זיכרוינעס וועגן אַמאָל־געטראָפֿנס", „דאָס לעגענדאַרישע קעניגרײַך", „די מײַלעס פֿון בילדונג", „טרויער", „ליבע צו עלטערן" — און אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער.

דאָס ערשטע פֿאָרגעלייענטע ווערק האָט געהייסן: „איז אָט וואָס אַזוינס איז דאָס לעבן". דאָס פֿאָרלייענען דאָס דאָזיקע ווערק האָט אַלע מאָל איבערגעריסן אַ באַגײַסטנדיקער געמורמל: „ווי פֿײַן ס'איז!" „ס'אַרא פּרעכטיקע מעליצע!" „ס'אַרא עמעס!" אַ. אַז. וו.

טייקעף נאָך דעם האָט זיך באַוויזן אַ ברוינע, שוואַרץ־אויגיקע פֿרײַלן, האָט געמאַכט אַן עפּעקטפֿולע פּויזע, האָט צוגעגעבן דעם פּאָנעם אירן אַ טראַגישן אויסזען און האָט אָנגעהויבן:

„אַ זעונג, — די נאַכט איז געווען אַ פֿינצטערע און אַ שטורעמדיקע, אַרום דעם הימל־טראָן האָט קיין איין שטערן ניט געציטערט, נאָר אָנשטאָט דעם האָבן אין די אויערן געציטערט

דונער־קנאַלן, און שוידערלעכע בליצן האָבן צאָרנדיק דורכגעדרונ־
גען דורך דעם פאַרוואָלקנטן הימל — ס׳האָט אויסגעזען, אַז זיי פאַ־
ראַכטן די הערשונג, וואָס ס׳האָט געקראָגן איבער זיי דער באַרימטער
פראַנקלין [1]). אפילו די ווילדע ווינטן האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך
און האָבן פאַרלאָזט זייערע באַהעלטענישן און האָבן אַזוי געוויל־
דעוועט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט נאָך שוידערלעכער מאַכן דאָס
שרעקלעכע בילד. אין אָט דער שאָ פון פינצטערניש און שוידער האָט
מײַן גײַסט געגאַרט נאָך מענטשישן מיטגעפיל, נאָר אָנשטאָט דעם
האָט זיך באַוויזן זי — דער בעסטער פרײַנט מײַנער, מײַן טרייסט,
מײַן אייצע־געבער און אָנפירער, מײַן פרייד און מײַן בראָכע"
א. אז. וו. א. אז. וו.

דאָס גאַנצע ווערק האָט געהאַלטן צען זײַטלעך, און פאַרענ־
דיקט האָט עס זיך מיט אַן אומגעהייער שטרענגער דראָשע.
מ׳האָט אײַנגעפונען, אַז ס׳איז אַן אויסגעצייכנט ווערק, און מ׳האָט
עס באַלוינט מיט דעם ערשטן מעדאַל. דער מער פון שטעטל
האָט דערלאַנגט דעם אַוטאָר דעם מעדאַל און האָט געהאַלטן
אַ וואַרעמע רעדע. ער האָט פאַרזיכערט, אַז „אַפּ זײַן לעבן האָט
ער ניט געהערט קיין שענערע מליצה און אַז מיט אַזאַ זאַך
וואָלט געקאָנט שטאָלצירן אפילו דאַניעל וועבסטער אַליין".

דער לערער, וועלכער איז גאָר פריילעך געוואָרן, האָט אָפּגע־
רוקט זײַן שטול, האָט אויסגעקערעוועט זיך מיט דער פּלייצע צו
דער אַאודיטאָריע און האָט גענומען מאָלן די קאַרטע פון אַמע־
ריקע, קעדיי נאָכדעם עקזאַמענירן אַלע קלאַסן אין געאָגראַפיע־
לימעד. אָבער די האַנט זײַנע האָט אים ניט געוואָלט פאָלגן, און
איבערן קלאַס איז דורך אַן אײַנגעהאַלטן כיכיקעניש — ער האָט
געוווּסט, דער לערער, פון וואָס מע לאַכט, און האָט געמיט זיך צו

[1]) פראַנקלין — דער דערפינדער פונעם בליץ־אָפּפירער.

נעמען אין די הענט אריַין. ער האָט אָפּגעווישט דאָס אָנגעמאָלטע און האָט באַניַיס געמאָלט, נאָר ס'האָט זיך באַקומען נאָך ערגער, און דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער געוואָרן. ער האָט ווי באַ־שלאָסן א סאָף מאַכן צו דער ניט־פּאַסיקער סימכע און האָט קאָנצענטרירט זיַין גאַנצע קאַוואָנע אַף דער אַרבעט. ער האָט געפילט, אַז אַלע בליקן זיַינען געווענדעט אַף אים, און ער האָט געמיינט, אַז זיַין זאַך גייט שוין גלאַטיק. אָבער דער געלעכטער אין קלאַס האָט ניט אופגעהערט, פאַרקערט, דער געלעכטער האָט זיך אַלץ געשטאַרקט. און לאַכן איז טאַקע געווען פון וואָס! פּונקט איבער'ן לערערס קאָפּ איז געווען א לאָך אין דער סטעליע, און דורך אָט דער לאָך האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אַף א שטריקל א קאַץ, אַרומגעבונדן מיט א שטריק אַרום קערפּער. איר קאָפּ איז שטאַרק צונויפגעצויגן מיט א שמאַטקעלע, קעריי זי זאָל ניט מיאַוקען. די קאַץ האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט, האָט זיך געדרייט מיטן גאַנצן קערפּער און האָט זיך געצויגן אַרופּ, באַ־מיִענדיק זיך א כאַפּ טאָן מיט די נעגל דעם שטריק. אָבער געכאַפּט האָט זי בלויז די לופט. דאָס כיכיקעניש איז אַלץ העכער געוואָרן. די קאַץ איז שוין געווען סאַכאַקל א זעקס ווערשקעס די וויַיט פון'ם לערער, וואָס איז פאַרטאָן אין זיַין אַרבעט... אָט איז זי שוין נידעריקער... נאָך נידעריקער... איין אויגנבליק, און פון פאַרצוויַיפלונג האָט זי זיך אַריַינגעשניטן מיט די נעגל אין לערערס פאַרוק — און איינגעם מיט דעם טראָפּיי האָט זי זיך מאָמענטאַל א צי געטאָן אַרופּ און איז פאַרשוווּנדן אין לאָך. דער אוילעם איז דערשטוינט געוואָרן. אַרום מיסטער דאָבינס פּליכיקן קאָפּ האָט זיך פּלוצעם צעגאָסן א וווּנדערלעכע שיַין: דעם מאָלערס זון האָט אים באַגילדעט דעם פּליך!

נאָך אָט דער געשעעניש איז זיך די פאַרזאַמלונג פאַנאַנדער־געגאַנגען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די קאַניקול־ציַיט.

# קאפיטל 23.

טאָמ איז ארײַנגעטראָטנ אינ דער נײַ־געגרינדעטער „געזעלשאפט פונ פײַנע מײַסימ”, צוגעצויגנ האָט אימ אינ דער געזעלשאפט דער גלאנצ פונ אירע אָרדענ־צײכנס. די מיטגלידער פונ דער געזעלשאפט פלעגנ געבנ א נײדער ניט רויכערנ, ניט קײַענ קײנ טאבעק אונ ניט ריידנ קײנ מיִעסע רייד. אומגעריכט פאר זיכ אלײנ, האָט טאָמ אנטדעקט, אז צוזאָגנ ניט טאָנ עפּעס איז דאָס זיכערסטע מיטל אפ צו שטארקנ אינ מענטשנ דעמ כײשעק צו טאָנ טאקע דאָס פארבאָטענע. טאָמענ האָט זיכ שרעקלעכ פארגלוסט טרינקענ אונ זידלענ זיכ. אונ דער כײשעק איז געווענ אזוי גרויס, אז בלויז די האָפענונג ארויסצושפאנענ פאר א גרויסנ אוילעמ אינ א שײנעמ רויטנ פאס האָט אימ אָפּגעהאלטנ פונ ארויסטרעטנ פונ דער געזעלשאכט. ס׳האָט זיכ דערנעענטערט דער 4־טער יול [1], נאָר טאָמ האָט אינגיכנ אופגעהערט צו טראכטנ וועגנ אָט דעמ טאָג אונ האָט אלע זײַנע האָפענונגענ ארופגעלײגט אפנ פרידנס־ריכטער פרעזער, וואָס איז איצטער געלעגנ אפנ גסיסע־בעט. דער ריכטער איז אנ אָנגעזעענער באמטער, מ׳וועט אימ געוויס באגראָבנ מיט גרויס פאראד, וועט ער, טאָמ, הײסט עס, קאָנענ פארנ גאנצנ אוילעמ באווײַזנ זיכ אינ דער פאראדפאָרמ פונ דער געזעלשאפט. אינ מעשעכ פונ דרײַ טעג האָט טאָמ גוואלדיק אינטערעסירט זיכ מיטנ ריכטערס געזונט־צושטאנד אונ האָט אלע רעגע זיכ נאָכגעפרעגט, ווי האלט דער ריכטער. אָפט פלעגנ זײַנע האָפענונגענ שוינ אזוי זיכער זײַנ, אז ער פלעג ארויסנעמענ פונ קאסטנ זײַנ מונדיר אונ דעמ רויטנ פאס אונ, שטײענדיק פארנ שפיגל, זיי אָנמעסטנ. נאָר דערנאָכ פלעג דעמ ריכטער בעסער ווערנ, דערנאָכ — ווידעראמאָל ערגער, דערנאָכ

---

1) 4 יול — דער טאָג, ווענ ס׳זײַנענ דערקלערט געוואָרנ די פארײניקטע שטאטנ פונ אמעריקע.

ווידער בעסער, — אָט די ענדערונגען האָבן טאָמען זייער אומעטיק געמאַכט. סאָפּקאָלסאָף, האָט מען געמאָלדן, אַז דער ריכטער ווערט געזונט. טאָם האָט זיך דערפילט אַזוי באַליידיקט, אַז ער איז טייקעף אַרויסגעטראָטן פון דער געזעלשאַפט, — האָט דער ריכטער אין דער זעלבער נאַכט געקומען אַ רעציטיוו און איז אַוועקגעשטאָרבן פון אַ נייעם קרענק־אָנפאַל. טאָם האָט באַשלאָסן, אַז נאָך אָט דעם־אָ איז אומעגלעך צו געטרויען אַ מענטשן. די לעווייַע איז אַ פּאַראַד־לעווייַע געווען. די יונגע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן שטאָלץ געשפּאַנט אין זייערע מונדירן, ווי זיי וואָלטן באַשלאָסן אומצוברענגען פון קינע זייער געוועזענעם כאַווער טאָם סאָיער.
דערפאַר אָבער איז טאָם אַצינד געווען אַ פראַנק־און־פרייַער מענטש — דאָס איז אויך עפּעס ווערט געווען. ער האָט געמעגט טרינקען און זידלען זיך, וויפל ס׳האָט זיך אים נאָר געגלוסט. נאָר אַ מאָדנע זאַך! אַצינד האָט זיך עס אים ניט געגלוסט שוין דער פּאָשעטער פאַקט, וואָס אַצינד איז עס דערלויבט געווען, האָט געטויט דעם כיישעק.
טאָם האָט זיך געכידעשט, באַמערקנדיק, אַז די לאַנג־געגאַרטע קאַניקול־צייַט ווערט אים נימעס.
ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ טאָגבוך, נאָר אין משך פון די דרייַ טעג איז גאָרניט געשען, און ער האָט געוואָרפן דעם טאָגבוך.
פאַרבלאָנדזשעט האָט אין שטעטל אַ נעגערישער כאָר און האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טאַראַראַם. טאָם און דזשאָ גאַרפער האָבן זיך טייקעף באַהעפט מיטן כאָר און זייַנען געווען גליקלעך גאַנצע צוויי טעג.
אפילו דער גרויסער טאָג, דער 4־טער יול, איז דורך אַביסל ניט געלונגען! ס׳איז געגאַנגען אַ רעגן, און מ׳האָט ניט געקענט אייַנאָרדענען קיין פּראָצעסיע, — דער גרעסטער מענטש אַף דער

וועלט (ווי טאָמ האָט געדעכנט), מיסטער בענטאָן, דער סענאטער פון די פאראייניקטע שטאטן, האָט טאָמען אינגאנצן אנטוישט: ער איז געווען, מ״ר בענטאָן, זייער, זייער קורצוווקסיק.

ס׳איז געקומען צו פאָרן א צירק. די יינגלעך האָבן דריַי טעג נאָכדעם געשפּילט זיך אין צירק־שפּילן, — זיי האָבן אופגעשטעלט ביַידלעך פון אלטע געלעכערטע טעפּיכער און געגומען בא יינגלעך צו דריַי, בא די מיידלעך צו צוויי שפּילקעס פאר אריַינגאנג. דערנאָך אָבער איז אויך דאָס נימעס געוואָרן.

דערנאָך האָט זיך באוויזן א היפּנאָזיזער, און נאָך זיַין אָפּפאָרן איז נאָך לאנגוויַיליקער געוואָרן. מע פלעג אמאָל איַינאָרדענען אָוונט־מאָלציַיטן פאר די יינגלעך און מיידלעך, נאָר טרעפן פלעג עס אזוי זעלטן און זיי פלעגן זיַין אזוי אנגענעם, אז די ציַיט צווישן זיי האָט זיך נאָך אומעטיקער געצויגן.

בעקי טעטשער איז אוועקגעפאָרן אפ זומער צו אירע עלטערן, אין א צוויייט שטעטל, וואָס האָט געהייסן קאָנסטאנטינאָפּאָל, און נאָך איר אָפּפאָרן איז דאָס לעבן אינגאנצן פינצטער געוואָרן.

דער שרעקלעכער מאָרד־סאָד האָט ניט אופגעהערט צו פּיַיניקן טאָמען. דער סאָד האָט טאָמען אלע מאָל דערמאנט אין זיך מיט שווערן אומיפהערלעכן ווייטעק.

און דאָ איז טאָמ פלוצעם שלאָפ געוואָרן אפ מאָזלען.

אין מעשעך פון צוויי לאנגע וואָכן איז ער געלעגן צו בעט, אָפּגעשיידט פון דער לעבעדיקער וועלט. ער איז זייער קראנק געווען און ס׳האָט אים קיין זאך ניט אינטערעסירט. אז ער האָט זיך, סאָפּקאָלסאָפ, געשטעלט אפ די פיס און ער איז דאָס ערשטע מאָל ארויסגעגאנגען, שאָקלענדיק זיך, אין דרויסן, האָט ער באמערקט אומעטום א גרויסע, טרויעריקע ענדערונג. אלע אין שטעטל האָבן זיך איצט א ווענד געטאָן צו דער רעליגיע — ניט בלויז די דער־וואקסענע, נאָר אפילע די יינגלעך און מיידלעך.

טאָם האָט ארומגעשפּאנט, האָפנדיק צו טרעפן כאָטש איין זינדיק פּאָנעם, אָבער אומעטום האָט אים געוואַרט אנטוישונג. ער האָט געטראָפן דזשאָ גארפּערן כאַזערן דעם עוואנגעליום און ער האָט זיך געוויילט אוועקגיין פון אָט דעם ניט־אינטערעסאנטן בילד. ער האָט גענומען זוכן בען ראָדזשערסן און האָט אים געטראָפן ארומגיין איבער די היַיזער פון די אָרעמעלייַט מיט א א קויש, וואָס איז אָנגעפּילט מיט גאָטספאָרכטיקע ביכלעך. אז ס'האָט זיך אים, ענדלעך, איַינגעגעבן צו פאקן דזשאָ כאַליפן, האָט מיט אים דזשאָ גענומען איַינטיַינען, אז ער, טאָם, דארף דאנקען דעם אייבערשטן פאר זייַן קרענק, וועלכע איז אים צו־געשיקט פון הימל, ווי אַ אָנזאָג. יעדע נייַע באגעגעניש האָט טאָמען אלץ מער און מער געדריקט. פול מיט אנטוישונג, האָט זיך טאָם א לאָז געטאָן זוכן טרייסט בּא העקלבערי פינען. נאָר אויך העק האָט אים באגעגנט מיט א פּאָסוק פון דער ביבל. דאָס איז טאָמען דערגאנגען די יאָר. ער האָט זיך קאם דערשלעפּט אהיים און איז אריַינגעקראָכן אין בעט ארייַן, פילנדיק, אז ער איז אין שטעטל די איינציקע אייביק פארלוירענע נעשאָמע.

באנאכט האָט זיך צעווילדעוועט א שרעקלעכער שטורעם מיט א גאָס־רעגן און הילכיקע דונער־קנאלן. טאָם האָט זיך איבערן קאָפּ איַינגעוויקלט אין דער קאָלדרע און האָט אין שוידער גע־ווארט אפן אומקום: ער האָט אפילע ניט אָנגעהויבן צו צווייפלען, אז אָט דער גאנצער שטורעם־טאראראם איז איבער אים. ער איז געווען זיכער, אז מיט זייַנע זינד האָט ער פון די קיילים ארויסגעבראכט די אייבערשטע קרעפטן — און אָט דאָס זייַנען די רעזולטאטן. ווען עמעצן וואָלט איַינגעפאלן ארויסטרעטן מיט אַ ארטילערישער באטארייע קעגן א וואנץ, וואָלט טאָם געוויס גע־האלטן, אז ס'איז אומזיסט־אויסגעבראכטע מי, נאָר ס'האָט אים לאכלוטן ניט־מעשונעדיק אויסגעזען דאָס, וואָס דער הימל האָט

אָנגעשיקט אזא טײַער־קאָסטנדיק געוויטער, קעדיי צו פּאַרטיליקן אזא נישטיק באשעפעניש, ווי ער, טאַם.

בּיסלעכווײַז האָט זיך דער שטורעם אײַנגעשטילט און איז דורך, ניט אויספּילנדיק זײַן שליכעס. טאָם האָט טייקעף באשלאָסן צו ווערן א לײַט, קעדיי באדאנקען דעם אייבערשטן, — טייקעף נאָך אָט דעם באשלוס האָט ער באשלאָסן צוּוואַרטן אביסל, ווײַל עפּשער וועט שוין קיין געוויטערס מער ניט זײַן.

אויפן צווייטן טאָג איז אויסגעקומען נאָכאמאָל צו רופן דאָקטוירים: די קרענק האָט זיך אומגעקערט. די דרײַ וואָכן, וואָס ער איז אָפּגעלעגן אויף דער פּלייצע צו בעט, האָבן בא אים אצינד אויסגעזען, ווי אן אייבּיקײַט.

אז ער איז, סאָפּקאָלסאָפּ, ארויסגעגאנגען פון שטוב, האָט ער זיך אפילו ניט געפרייט דערמיט, וואָס ער איז געבליבן לעבן, — ער האָט געדענקט, ווי פּוסט ס'איז אצינד אלץ ארום און ווי עלנט ער איז איצט. ער האָט, ניט ארומקוקנדיק זיך, געשפּאנט איבער דער גאס און האָט געטראָפן דזשאָ כאָליפן, פאַרשטעלנדיק מיט זיך א געריכט־פּאָרזיצער, וואָס מישפּעט פאר מערדערײַ א קאץ אין אָנוועזנהײַט פון עם קאָרבן גופע—דעם פאַרצוקטן פייגעלע. אביסל ווײַטער זײַנען אין א שטיל ע־טל געזעסן דזשאָ גארפער און העקלבערי פין און האָבן געגעסן א צוגעגאנווערטן קאווענ. אומגליקלעכע קינדער! ס'איז אויך בא זיי, ווי בא טאָמען, פאָרגעקומען א רעצידיוו פון דער קרענק.

## קאפּיטל 24.

ס'איז באשטימט געוואָרן דער מישפּעט איבערן דאָקטערס מערדער. די פאַרשלאָפענע אטמאָספער פונעם שטעטל איז, סאָפּקאָלסאָפּ, אופגעטרייסלט געוואָרן. אין שטעטל האָט מען געהאלטן

אינ איינ שמועסנ וועגנ דעמ מישפּעט: ניט געוועג וווהינ אהינ־צוטאָנ זיכ פונ אָט די שמועסנ. בא וועלכנ ס'ניט איז אָנדײַט אפנ מאָרד — פלעג בא טאָמנ דאָס בלוט אינ די אָדערנ גליוועדנ. דער אומרויִנער געוויסנ אונ די אייגענע שרעק האָבנ אימ אײַנגערעדט, אז אזעלכע שמועסנ פירט מענ ניט גלאט אזוי, אז דאָס „באטאפּט" מענ אימ. פונ די שמועסנ פלעג אימ די גאנצע צײַט פיבערנ. ער האָט אוועקגעפירט העקנ אינ א שטיל ערטל, קעדיי אביסל שמועסנ מיט אימ אונ כאָטש אביסל לײַכטער מאכנ זיכ אפנ הארצנ דורכנ אײַנטיילנ די לאסט פונעמ אומגליק אפ צווייענ. כוץ אלעמענ, האָט ער געוואָלט איבערצײַגנ זיכ דערינ, אז העק קאָנ האלטנ א סאָד.

— העק, דו האָסט עמעצנ אויסגעזאָגט?

— וועגנ וואָס?

— דו ווייסט אליינ וועגנ וואָס.

— פארשטייט זיכ, אז ניינ.

— קיינ איינ וואָ־ט ניט?

— קיינ איינ וואָרט ניט, זאָל איכ אָט דאָ אײַנגעזונקענ ווערנ! פארוואָס פרעגסטו עס?

— גלאט אזוי, איכ האָב מוירע געהאט.

— נו, טאָמ סאָיער, דאָס וועט זײַנ א מיעסע מײַסע, אויב מירנ אויספלאפלענ: מירנ בלײַבנ אָנ קעפּ, דו ווייסט דאָס אליינ וויל.

טאָמענ איז גרינגער געוואָרנ אפנ הארצנ. ער האָט אביסל געשוויגנ, דערנאָכ האָט ער א פרעג געגעבנ:

— העק, דיכ וואָלט דאָכ קיינער ניט געקאָנט צווינגענ אויסזאָגנ?

— צווינגענ מיכ אויסזאָגנ! נו, ניינ! סײַדנ ס'וועט זיכ מיר פארגלוסטנ, אז דער דאָזיקער טײַוול, דער מעטיס, זאָל מיכ דער־

טרינקען, דעמלט וועל איך זיך דערלויבן אויסזאָגן, — ניט אנדערש.

— אָט דאָס איז ווויל. איך האַלט, אז ווי לאנג מיר האַלטן ס'מויל, וועט אונדז קיינער ניט אָנרירן. און פונדעסטוועגן, לאָמיר זיך ווידער אמאָל שווערן, אז מירן שווייַגן. אזוי וועט זיכערער זייַן.

— איך בין מאסקים.

און זיי האָבן ווידעראמאָל געשווירן זיך מיט דער געהעריקער פייַערלעכקייַט.

— און וואָס שמועסט מען, העק? אף וועמען טייַט מען? איך האָב זיך אזויפיל אָנגעהערט, אז איך הייב שוין ניט אָן צו פארשטיין.

— וואָס מע שמועסט? איינס און דאָס זעלבע: מעף פּאָטער, מעף פּאָטער, מעף פּאָטער. ס'הייבט מיך אָן צו שווינדלען, אז איך הער דאָס, — איך וואָלט אנטלאָפן אין דער וועלט אריַין און זיך אויסבאהאַלטן.

— אָט־אָט, מיט מיר איז אויך אזוי. און ער איז דאָך א פארפאלענער מענטש! דו האָסט ניט קיין ראכמאָנעס אף אים, העק?

— נו, יאָ, זייער אָפט אפילע. ער איז א נישטיקער מענטש, אָבער קיין שלעכטס טוט ער דאָך קיינעם ניט. ער פלעג כאפּן פיש, ער זאָל האָבן פאר וואָס אויסצוטרינקען, און פלעג זיך מער פון אלץ ארומשלעפן פוסטעפּאס... נו, גאָטעניו, אלע טוען מיר דאָך אזוי אָדער קימאט אזוי. און ער איז פונדעסטוועגן א גוטער: איינמאָל האָט ער מיר אוועקגעשענקט א האַלבן פיש, וואָס ער האָט באהאַלטן זיך אף מיטיק, בייס דער האַלבער פיש האָט קאם אף איינ מענטשן געקלעקט. און וויפל מאָל האָט ער זיך אָנגענומען פאר מיר און מיך ארויסגעראטעוועט פון אומגליקן!

— און מיר פלעג ער צורעכט מאכן די קריקלעך אף די ווענטקעס. ס'וואָלט זיך געגלוסט אים ארויסראטעווען פון דאָרטן.

— עך, אָט האָסטו א זאָג געגעבן! וויִאזוי וועלן מיר אים ארויסראטעווען? אויב מירן אים ארויסלאָזן, וועט מען אים ווידעראמאָל פאקן.

— י־יאָ, מ'וועט אים פאקן, אָבער איך קען מאמעש ניט הערן, ווי מע שעלט אים פאר א זאך, וואָס ער האָט ניט געטאָן.

— איך אויך, טאָמ. פארשטייסט, פלוצעם נעמט מען רעדן, אז ס'איז בא אים אן עכט־גאזלאָנישע צורע, און מ'כידעשט זיך, וואָס מ'האָט אים שוין לאנג ניט אופגעהאנגען!

— יאָ, יאָ, אזוי זאָגט מען! איך האָב אליין מיט מייַנע אויערן געהערט, אז אויב מ'וועט אים באפרייַען, וועלן אונדזערע באָכורים אליין מיט אים זיך צערעכענען.

די ייִנגלעך האָבן נאָך לאנג געשמועסט, נאָר קיין גרויסע טרייסט האָבן זיי אין אָט דעם שמועס ניט געקראָגן.

צווישן טאָג און נאכט האָבן זיי זיך ארומגעדרייט ארום דער קלייַנער פארוואָרפענער טורמע,— זיי האָבן א טונקעלע האָפענונג געהאט, אז עפּעס אויסערגעוויינלעכס וועט זיי מיטהעלפן ארויס פון דער ביטערער לאגע. אָבער ס'האָט גאָרניט ניט געטראָפן: זעט אויס, ניט די מאלאָכים, ניט די מאכשייפעס האָבן זיך ניט אינטערעסירט מיטן אומגליקלעכן ארעסטאנט.

די ייִנגלעך האָבן אויך איצט געטאָן בלויז דאָס, וואָס זיי פלעגן אָפט פריִער טאָן. זיי האָבן דורך דער גראטע איבערגעגעבן פאָטערן אביסל טאבאק און שוועבעלעך. געזעסן איז פאָטער אין אונטערשטן גאָרן, קיין וועכטער איז לעבן אים ניט געווען.

פּאָטערס דאנקבארקייט איז זייער גרויס געווען און זי פלעג זייער באומרויִקן די ייִנגלעכס געוויסן. הייַנטיקס מאָל האָט זי זיי נאָך מער געשטאָכן. זיי האָבן זיך דערפילט, ווי נידערטרעכטיקע פארעטער, ווען פּאָטער האָט צו זיי א זאָג געגעבן:

— ווילדע קינדערלעך זייַנט איר, איר האָט מעו׳ פון אלעמען ראכמאָנעס אף מיר. און איך וועל עס ניט פארגעסן. איך רעד אָפּט צו זיך אליין: איך פלעג דאָך אלע קינדער צורעכט מאכן די לופט־באלאָנען און פלעג זיי קאָלעי־ליי קונצן ווייַזן, וויִאזוי בעסער צו כאפּן פיש, און נאָך אסאך, אסאך זאכן — מיר פלעגן זייַן גוטע פרייַנט. און אצינד, אז מיכן אלטן פּאָטער האָט אן אומגליק געטראָפן, האָבן אים אלע, אכוץ טאָמען און העקן, פארגעסן. אָט די לייַט, טראכט איך מיר, וועלן מיך ניט פאר־געסן, און איך וועל זיי אויך ניט פארגעסן. יאָ, קינדערלעך, איך האָב אָפּגעטאָן א שרעקלעכע זאך: זעט אויס, דער בראָנפן האָט מיר אזוי דעם קאָפּ פארדרייט, — נאָר דערמיט קאָן איך עס זיך דערקלערן... און איצט וועט מען מיך דערפאר אופהענגען — און ס׳איז א מיצווע. ס׳איז, מעגלעך, טאקע בעסער פאר מיר, — איך האָף, אז ס׳איז בעסער. נו, לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. איך וויל אייַך קיין יעסורים ניט אָנטאָן — איר זייַנט זיך מיט מיר באגאנגען, ווי גוטע פרייַנט. איך וויל אייַך בלויז אָט־וואָס זאָגן: אויב איר ווילט ניט ארייַנפאקן זיך אהער, טרינקט ניט, קינדער־לעך: אז א מענטש איז שיקער, קאָן ער ניט געוועלטיקן איבער זיך. שטעלט זיך אביסל אינ א זייַט אריַין, אָט אזוי: אז א מענטש געפינט זיך אינ אזא אומגליק, פרייט אים זייער דערזען א פרייַנטלעך פּאָנעם. צו מיר אהער קומט קיינער ניט צו גיין, אכוץ אייַך. ווילדע קינדערלעך זייַנט איר! קריכט ארויף איינער דעם אנדערן אפ דער פּלייצע, קעדיי איך זאָל קענען צורירן זיך צו אייַך. אָט אזוי. נו, אציגד גיט אייַערע הענט — אייַערע הענט

וועלן דאָך דורכקריכן דורך דער גראטע, און מײַן האנט איז צו גראָב. קלײנינקע הענטעלעך בײַ אײַך און שוואכינקע, און דאָך האָבן זײ מיטגעהאָלפן מעפּ פּאָטערן און וואָלטן נאָך מער מיט־געהאָלפן, ווען זײ וואָלטן געקענט.

טאָם איז אינגאנצן צעבראָכן אוועקגעגאנגען אהײם. די גאנצע נאכט האָבן זיך אים געכאָלעמט כאָלוימעס. אפן צווייטן און אפן דריטן טאָג האָט ער זיך פון אינדערפרי ביז אפדערנאכט ארומגעדרייט לעבן דעם געריכט, — ס'האָט אים געצויגן ארײַנצוגײן אינעווייניק, נאָר ער האָט זיך געצווונגען אָפּצוהאלטן זיך דערפון. מיט העקן איז פונקט דאָס זעלבע געווען. זײ האָבן זיך געמיט אויספעלן אײנער דעם אנדערן. פון צײַט צו צײַט פלעגן זײ בײדע אוועקגײן פון דער געריכט־געבײַדע, נאָר עפּעס א קישעפדיקע קראפט פלעג זײ ציִען צוריק. אז עמעצער פלעג ארויסגײן פון געריכט־זאל און דערציילן, וואָס דאָרט קומט פאָר, פלעג טאָם גיריק אופכאפּן יעדער וואָרט. נאָר נײַסן פלעגן אָנקומען זײער ניט קײן פרײ־לעכע: דער אומגליקלעכער פּאָטער האָט זיך אלץ מער און מער פארפלאָנטערט. צום סאָף פון צווייטן טאָג זײַנען אלע אין שטעטל איבערצײַגט געווען, אז אינדזשען דזשאָס אײדעס־זאָגן איז ניט אָפּגעלייקנט און אז מ'קאָן אפילע ניט צווייפלען דערין, וואָס פאר אן אורטייל עס וועלן ארויסטראָגן די געשווירענע ריכ־טער.

טאָם האָט זיך אין אָט דער נאכט שפּעט אומגעקערט אהײם און איז, ווי דער שטײגער איז, ארײַנגעקראָכן דורכן פענצטער. ער איז געווען שרעקלעך אופגערעגט. ס'זײַנען דורך עטלעכע שאָ, ביז ער איז אנשלאָפן געוואָרן. אפן צווייטן טאָג האָט זיך די גאנצע שטאָט געשטופּט לעבן דעם געריכט־זאל, ווײַל געווען איז דאָס דער גרויסער אורטייל־טאָג. דער זאל איז אָנגעשטאָפּט געווען מיט מאנצבלען און פרויען. סאָפּקאָלסאָף, זײַנען ארײַנגעקומען די

געשווירענע ריכטער און האָבן זיך אוועקגעזעצט אף זייערע ערטער. פּאָטער איז שוין געזעסן אף דער באַשולדיקונג־באַנק, א בלייכער, אויסגעדאַרטער, צעמישטער, אָן קייטן, — פון דער באַשולדיקונג־באַנק האָט ער זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן. אף אן אָנגעזעען אָרט איז געזעסן אויך אינדזשענע דזשאָ,—ער איז געווען רויִק אַזוי, ווי שטענדיק. ס'האָט ווידער געדויערט א פּויזע, דערנאָך זײַנען אַרײַנגעקומען די ריכטער, און דער שעריף האָט געמאָלדן, אַז די זיצונג איז אָפן. ס'האָבן גענומען שעפּטשען זיך די אַדוואָקאַטן; די סעקרעטאַרן האָבן גענומען שורשען מיט די פּאַפּירן. ס'האָט זיך געלאָזט פילן די אַטמאָספער פון נערוועזער, אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג. דעם ערשטן האָט מען אַרויסגערופן דעם איידעס, וואָס האָט געזען, ווי מעפּ פּאָטער האָט זיך געוואַשן אין דער ריטשקע אינעם אינדערפרי פון יענעם טאָג, ווען מ'האָט אַנטפּלעקט דעם מאָרד. דער איידעס האָט דערציילט, ווי מעפּ פּאָטער האָט, דערזעענדיק אים, גענומען אַנטלויפן. דער פּראָקוראָר האָט געשטעלט דעם איידעס נאָך עטלעכע פראַגן און האָט זיך דערנאָך געווענדעט צום פאַרטיידיקער:

— איצט איז אײַער ריי.

דער באַשולדיקטער האָט אופגעהויבן די אויגן אפן פאַרטיידיקער, נאָר ער האָט זיי טייקעף אַראָפּגעלאָזט צוריק, ווען דער פאַרטיידיקער האָט א זאָג געגעבן:

— איך האָב ניט וואָס צו פרעגן.

דער ווײַטערדיקער איידעס האָט דערציילט, וויִאַזוי ער האָט געפונען דאָס מעסער לעבן דעם געהאַרגעטן. אפן פּראָקוראָרס פראַגע האָט דער פאַרטיידיקער ווידער געענטפערט:

— איך האָב ניט קיין שום פראַגן.

דער דריטער איידעס האָט געשווירן, אַז ער האָט אָפט געזען דאָס געפונענע מעסער אין פּאָטערס הענט. און ווידער־

אמאָל האָט דער פאַרטיידיקער אָפּגעזאָגט זיך פון שטעלן פראַגן דעם איידעס.

אף די פּענעמער פונעם גאַנצן אוילעם האָט זיך באַוויזן אומצופרידנקייט. וואָס איז עס פאַר אַ מין פאַרטיידיקער? וועט ער, געשיקט זיך, טאַקע ניט פּרוּוון זיך אַרויסראַטעווען זײַן קליִענט?

עטלעכע איידעס האָבן דערציילט, וויאַזוי פּאָטער האָט זיך, בײַם מע האָט אים געבראַכט צום אָרט פון מאָרד, געהאַלטן ווי אַ שולדיקער. און אויך די דאָזיקע איידעס האָט דער פאַרטיידיקער אָפּגעלאָזט אָן שום פראַגעס.

אַלע מאָרד־איינצלהײַטן, וועלכע שאַטן דעם באַשולדיקטן, זײַנען באַשטעטיקט געוואָרן אונטער אַ שווּוּע דורך אַבסאָלוט זיכערע איידעס. קיין איינעם פון די דאָזיקע איידעס האָט פּאָטערס פאַרטיידיקער ניט אויסגעפרעגט. דעם אוילעמס פאַרכידעשטקײַט און אומצופרידנקייט האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ ברויגעז־געמורמל,— דער פּאָרזיצער האָט אַפילע געמוזט באַרויקן דעם אוילעם. דער פּראָקוראָר האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט.

— אַבסאָלוט זיכערע איידעס, וואָס אַפילע יעדער פּאָשעט וואָרט זייערס קאָן מען ניט כוישעד זײַן, האָבן אונטער אַ שווּוּע פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז דעם דאָזיקן שרעקלעכן פאַרברעכן איז באַגאַנגען ניט קיין אַנדערער, נאָר דער אומגליקלעכער, וואָס זיצט אף דער באַשולדיקונג־באַנק. מער האָב איך ניט וואָס צוצוגעבן.

דער אומגליקלעכער פּאָטער האָט אָנגעהויבן קרעכצן, האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּאָנעם מיט די הענט און האָט זיך שטיל־שטיל געשאָקלט הין און צוריק. אין געריכט־זאַל האָט געהערשט אַ שווערע שטילקײַט. אַסאַך מאַנצבילען האָט עס גערירט. די פרויען האָבן געוויינט פון ראַכמאָנעס. דאַן האָט זיך אופגעהויבן דער פאַרטיידיקער.

— אין אָנהייב זיצונג האָב איך גערעכנט,—ווי איך האָב עס אָפּגעמאַכט אינעם קאַפּ, — פאַר דערוויזן, אַז מײַן קליענט איז באַגאַנגען דעם שרעקלעכן פאַרברעכן אין אַן אַפעקט־צושטאַנד, אין היץ פון שיקרעס. אָבער איצט האָב איך מײַן פּלאַן געענדערט און כ׳וועל זיך וועגן ניט צו דער גוטהאַרציקייט פון די געשוווירענע איידעס.

ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צום עלטסטן וואַך־סאָלדאַט און האָט אַ זאָג געגעבן:

— פירט אַרײַן טאָם סאָיערן.

אַלע פּנעמער, אויך פּאָטערס פּאָנעם, האָבן געקוקט דער־שטוינט. אַלעמענס בליקן זײַנען נײַגיריק צוגעשמידט געוואָרן צו טאָמען. דאָס יִנגל איז אינגאַנצן צעטומלט געווען. ס׳איז אים אַ גרויסער פּאַכעד באַפאַלן. מ׳האָט בּאַ אים גענומען די שוווּע.

— טאָמאַס סאָיער, ווו זײַט איר געווען דעם זיבעצנטן יוני, אַרום איינס אַזייגער בּאַנאַכט?

טאָם האָט אַ קוק געגעבן אויף אינדזשענס פּאָנעם, און זײַן צונג איז ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צום גומען. די צוהערער האָבן דעם אָטעם פאַרטײַעט, נאָר דער איידעס האָט געשוויגן. אָבער אין עטלעכע סעקונדעס אַרום האָט טאָם פּאָרט גענומען זיך אין די הענט אַרײַן, און אַלע האָבן דערהערט זײַן שטילן, שלאַבעריקן ענטפער:

— אויפן צווינטער.

— זײַט אַזוי גוט, רעדט אַ ביסל העכער, האָט קיין מוירע ניט, הייסט עס, געווען זײַט איר...

— אויפן צווינטער.

אַ פאַראַכטונג־שמייכל איז דורך איבער אינדזשענס פּאָנעם.

— האָט איר זיך עפּעס געפונען ניט ווײַט פון גראָס וויליאַמס קייווער?

— יאָ, סער.

— זײַט אַזוי גוט, רעדט העכער. ווי נאָענט צום קייווער האָט איר זיך געפונען?

— א שפאנ צוויי די ווײַט, ווי איר פונ מיר די ווײַט.

— האָט איר זיך באהאלטנ, צי זײַנט איר געשטאנענ אַזוי, אז מע האָט אײַך געזענ?

— איך האָב זיך באהאלטנ.

— ווו?

— הינטער די ביימער, וואָס באַם עק קייווער.

אינדזשענ דזשאָ האָט א שטילנ פלאָטער געטאָנ.

— מיט אײַך איז נאָך עמעצער געווענ?

— יאָ, סער, איך בינ געגאנ אהינ מיט...

— שטייט, ווארט צו אביסל. ס'איז ניט נייטיק, איר זאָלט אָנרופנ אצינד אײַער מיטגייער. מירנ אויך אימ שפּעטער אויס־פרעגנ. האָט איר עפּעס מיט זיך מיטגעבראכט אפנ צווינטער?

טאָם האָט זיך געקווענקלט, ער האָט זיך, זעט אויס, געשעמט.

— זאָגט, האָט קיינ מוירע ניט, — מיטנ עמעס דארפ מענ זיך ניט שעמענ. איז וואָס האָט איר אהינ געבראכט מיט זיך

— בלויז א... בלויז א טויטע קאצ.

דער גאנצער זאל האָט זיך צעלאכט. דער פּאָרזיצער האָט א קלונג געטאָנ מיטנ גלעקל.

— מירנ דאָ באלד ברענגענ אלס באווײַז דעם סקעלעט פונ אָט דער קאצ. אונ אצינד, מײַנ פרײַנט, דערציילט אונדז אלץ, וואָס איר האָט געזענ, אלץ, וויאַזוי ס'איז געשענ, פארטײַעט גאָרניט ניט, האָט קיינ מוירע ניט.

טאָם האָט אָנגעהויבנ פונ אָנהייב ניט־אנטשלאָסנ, דערנאָך האָט עס אימ ביסלעכווײַז פארכאפּט. זײַנע רייד האָבנ גענומענ

פליסן לעבעדיקער און גלאטער. אינגיכן האָט זיך אין גערײכט־
זאל בלויז זײַן קאָל געהערט. דער אוילעם האָט מיט צעעפנטע
מײַלער, פארטײַענדיק דעם אָטעם, געשלונגען יעדער וואָרט זײַנס.
דער אוילעם האָט אפילע ניט באמערקט, ווי די צײַט גייט, אזוי
האָט אלעמען פארכאפט און אופגערודערט טאָמס דערציילן. אלע־
מענס אופגערעגטקייט איז גאָר אויסגעוואקסן, ווען טאָם איז צו־
געקומען צו דער מאָרד־סצענע: „און אז דער דאָקטער האָט א
זעץ געטאָן מעפ פּאָטערן מיט דער ברעט איבערן קאָפּ און מעף
האָט זיך איבערגעקערט, האָט זיך אינדזשען דזשאָ א לאָז געטאָן
אפן דאָקטער מיטן מעסער און...״
— טראכ! — בליצשנעל האָט זיך דער מעטיס א וואָרף געטאָן
צום פענצטער, האָט פאנאנדערגעשטופּט די מענטשן, וואָס האָבן
אים געוואָלט פארהאלטן, און איז פארשווונדן געוואָרן.

## קאפּיטל 25.

טאָם איז ווידער געוואָרן א בארימטער העלד, — די דער־
וואקסענע האָבן אים געפּעסטעט, די יונגע האָבן אים מעקאנע
געווען. זײַן נאָמען איז אפילע פארייביקט געוואָרן. דער נאָמען
טאָם סאָיער איז אָפּגעדרוקט געווען אין די צײַטונגען, די היגע
צײַטונג האָט אים גערימט. געווען שוין אין שטעטל לײַט, וואָס
האָבן געהאלטן, אז טאָם וועט אומבאדינגט זײַן א פּרעזידענט,
אויב מע וועט אים נאָר פריער ניט אופהענגען.
די קאפּריזע וועלט האָט אין אירע אָרעמס ארײַנגענומען מעף
פּאָטערן און האָט אים איצט פונקט אזוי געצערטלט, ווי פריער
האָט זי אים מיעס געזידלט און געשאָלטן. נאָר אזוי איז זי נאָך
דערווײַל אײַנגעאָרדנט, די וועלט: לאָמיר זי דעריבער ניט מוסערן.
באטאָג פלעג טאָמען ארומרינגלען רום און סימכע, אָבער

באנאכט פלעג אים פײַניקן דולער שרעק. ס'פלעג זיך אים שטענדיק כאָלעמען אינדזשענ דזשאָ מיט נעקאָמע אינ בליק. ווי נאָר ס'פלעג טונקל ווערנ, פלעג קיינ שום זאך אינ דער וועלט ניט קאָנענ ארויסשלעפנ טאָמען פונ שטוב. דער אומגליקלעכער העק האָט זיך אויך געפונענ אינ אזא ביטערער לאגע, ווײַל טאָם האָט אפדערנאכט ערעוו דעם לעצטנ געריכט־טאָג דערציילט די גאנצע מײַסע דעם אדוואָקאט, אונ העק האָט שרעקלעך מוירע געהאט, אז זײַנ שײַכעס צו אָט דעם איניענ וועט אנטפלעקט ווערנ, כאָטש דעם מעטיס פלייטע האָט אים, העקנ, באפרײַט פונ דער פײַנ איידעס צו זאָגנ בײַ'נ געריכט. דער אדוואָקאט האָט צוגעזאָגט שווײַגנ, אָבער וואָס קומט ארויס דערפונ? נאָך דעם, ווי דער געוויסנ האָט טאָמענ פאריאָגט באנאכט צום אדוואָקאטס הויז אונ ער האָט אלצ אויסדערציילט נאָך דעם, ווי ער האָט א שוווע געגעבנ, — נאָך אָט דעם אלעמענ האָט העק אָנגעווירנ דעם צוטרוי צו דער גאנצער מענטשהײַט ביכלאל. באטאָג, הערנדיק, ווי פאָטער דאנקט אים אונ דאנקט אים, איז טאָם זייער צופרידנ געוועג דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעזאָגט דעם סאָד. באנאכט אָבער פלעג ער כא־ראָטע האָבנ, וואָס ער האָט זיך ניט אײַנגעהאלטנ. ער האָט מוירע געהאט, אז אינדזשענ דזשאָענ וועט מענ קיינמאָל ניט פאקנ, האָט מוירע געהאט, אז מ'וועט אים יאָ פאקנ. ער איז זיכער געווענ, טאָמ, אז ער וועט פרײַ אָפּאָטעמענ בלויז דעמלט, ווענ ער וועט מיט זײַנע אייגענע אויגנ זענ אָט דעם מענטשנ א טויטנ.

מ'האָט ארומגענישטערט די גאנצע סוויווע, מ'האָט פאָרגע־לייגט א באלוינונג פאר פאקנ דעם מעטיס, מ'האָט גאָרניט ניט געפונענ. פונ סענ־לואי האָט מענ אויסגעשריבנ א באריםטנ דע־טעקטיוו. דער דעטעקטיוו האָט אויך א נישטער געטאָנ, האָט א שמעק געטאָנ, האָט א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ האָט דערגרייכט פונקט אזא דערפאָלג, ווי די געוויינלעכע קאָלעגנ זײַנע, ד. ה.

ער האָט, מאכנדיק א קלוגיטשקן פּאָנעם, געמאָלדן, אז ער האָט „געפּאקט צ׳ שפּור״. אָבער א „שפּור״ קאָן מען דאָך ניט אופהענגען פאר א מאָרד,—דעריבער האָט כאָם נאָכן דעטעקטיווס אָפּפאָר, ווי פריִער, געפילט זיך ניט זיכער.

די טעג האָבן זיך געצויגן פּאמעלעך, נאָר דאָך איז די צײַט געגאַנגען, און מיט יעדן טאָג איז די שרעק־לאַסט, וואָס האָט טאָמען געדריקט, אלץ לײַכטער און לײַכטער געוואָרן.

## קאפיטל 26.

אינעם לעבן פון יעדן ייִנגל, וואָס אנטוויקלט זיך נאָרמאל, קומט אָן א צײַט, ווען דאָס ייִנגל באקומט גרויס כיישעק גראָבן די ערד, קעדיי געפינען אויצרעס, וואָס זײַנען אין איר באהאלטן. אָט דער כיישעק האָט אויך טאָמען אין איין שיינעם טאָג באַ־הערשט. ער האָט זיך געלאָזט זוכן דזשאָ גארפּערן, נאָר ער האָט אים ניט געפונען. דערנאָך האָט ער געפּאקט בען ראָדזשערסן. נאָר בען איז גראָד פארטאָן געווען אין כאפּן פיש. ענדלעך, האָט טאָם אָנגעטראָפן אף העק פינען. העק—אָט איז דער פאסיקסטער כאווער. טאָם האָט אים אוועקגעפירט אין אזא אָרט, ווו קיינער האָט זיי ניט געקענט אונטערהערן, און דאָרט האָט ער אים אלצדינג דערציילט. העק האָט מאסקים געווען. העק איז שטענ־דיק מאסקים געווען אָנטיילצונעמען אין וועלכער ס׳זאָל ניט זײַן אונטערנעמונג, וואָס זאָגט צו פארווײַלונג און פאָדערט ניט קיין געלט־הויצאָעס: צײַט האָט העק פארמאָגט אזויפיל, אז ער האָט אפילע ניט געוווּסט, וווּהין אהינצוטאָן זי.

— איז ווו וועלן מיר גראָבן?

— אָ, אומעטום, אין פארשיידענע ערטער.

— די אויצרעס זײַנען דען אומעטום באהאלטן?

— פארשטייט זיך, אז ניין, העק. מע פארגראָבט זיי אין באַזונדערע ערטער אזעלכע, — אפּ אינדזלען, אָדער אין צעפּוילטע קעסטלעך, ערגעץ אונטער א לאַנג שוין צעפּוילטן בוים, פּונקט אפּ דעם אָרט, ווו ס'פאלט דער שאָטן אין מיט נאכט. נאָר גיכער פון אלעמען פארגראָבט מען זיי אונטערן דיל אין הײַזער, ווו ס'ווינען געשפּענסטער.

— ווער פארגראָבט זיי דען?

— פארשטייט זיך, אז גאזלאָנים. און דו האָסט געמיינט, ווער — שול־אופזעער, צי וואָס?

— כ'ווייס ניט, ווען ס'זאָל זײַן מײַן אויצער, וואָלט איך אים ניט פארגראָבן אין דר'ערד, — איך וואָלט אויסגעגעבן דאָס געלט און וואָלט זיך פארגעניגן אָנגעטאָן.

— איך אויך, אָבער גאזלאָנים טוען ניט אזוי. זיי פארגראָבן שטענדיק זייער געלט אין דר'ערד און לאָזן עס דאָרט איבער.

— און דערנאָך קערן זיי זיך ניט אום נעמען עס?

— ניין, זיי רעכענען אומקערן זיך, אָבער דערנאָך פארגעסן זיי, געוויינלעך, די צייכנס, אָדער זיי שטארבן, איידער זיי נעמען ארויס דעם אויצער. איז אָט ליגט דער אויצער און זשאַווערט. און דערנאָך געפינט עמעצער אן אלטן געלן פּארמעט, וואָס ווײַזט אָן, לויט וועלכע צייכנס מע דארף זוכן. און דעם פּארמעט דארף מען נאָך אויך לייענען א גאנצע וואָך, אויב ניט מער, ווײַל אפּ אים שטייען בלויז צייכנס און יעראָגליפּעלעך [1]...

— יעראָ... ווי אזוי האָסטו געזאָגט, טאָם?

— יעראָגליפּעלעך, פארשטייסט? געמעלן אזעלכע און נאָך קונצן אזעלכע. ווער קאָן עס דערגייען, וואָס זיי באַטײַטן?

---

1) יעראָגליפן — די שריפט־צייכנס פון די אוראלטע עגיפּטער. די דאָזיקע שריפט־צייכנס איז זייער שווער פּאנאנדערצוקלײַבן.

— און בא דיר געפינט זיך אזא פארמעט, טאָמ?

— ניין.

— וויאַזוי־זשע וועסטו זיך דערוויסן די צייכנס?

— איך באדארף ניט האָבן קיין צייכנס. די אויצרעס ווערן שטענדיק פארגראָבן אונטער א שטוב, אין וועלכער ס'ווינען געשפּענסטער, אָדער אפ א אינדזל, אָדער אונטער א פארטריקנטן בוים. מיר האָבן שוין דאָך געפרווט זיך גראָבן אפ דזשעקסאָן־אינדזל, וועלן מיר נאָכאמאָל א פרווו טאָן. אפ יענער זייט ריטשקע איז דאָ אן אלטע הויז, אין וועלכן ס'האלטן זיך אופ געשפּענסטער, און דאָרט טאקע ניט וויַיט געפינט זיך א בינטל אויסגעטריקנטעביימער.

— און אונטער אלע ביימער געפינען זיך די אויצרעס?

— וואָס רעדסטו, פארשטייט זיך, אז ניין.

— וויאַזוי־זשע וועסטו זיך דערוויסן, אונטער וועלכן בוים מע דארף גראָבן?

— מירן גראָבן אונטער אלע ביימער.

— נו, טאָמ, אויב אזוי, וועלן מיר דאָך דארפן זוכן דעם גאנצן זומער.

— איז וואָס? דערפאר אָבער שטעל זיך פאָר, אז מיר וועלן געפינען א קופּערנעם טאָפּ און אין אים א מייע דאָלערס, און א צעפוילט קעסטל, וואָס איז אָנגעפילט מיט בריליאנטן. וואָס וועסטו דעמלט זאָגן?

בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאקערט.

— אָט וואָלט עס גוט געווען! פאר מיר וואָלט עס אפילע צו גוט געווען. דו זאָלסט מיר דעמלט געבן די מייע דאָלערס, און די בריליאנטן זאָלסטו זיך נעמען, — איך דארף זיי ניט האָבן.

— אויסגעצייכנט! איך וועל די בריליאנטן ניט אוועקווארפן,

מעגסט זיכער זײַן. א טייל פון זיי זײַנען דערוועדט צו צוואנציק דאָלערס א שטיק, און ס׳איז ניטאָ קיין איין בריליאנט, וואָס זאָל ניט דערוועדט זײַן קיין איין דאָלער.

— נו, עמעס?

— פארשטייט זיך. דאָס וועט דיר יעדערער זאָגן. דו האָסט דען קיינמאָל ניט געזען קיין בריליאנט, העק?

— ווערליק איך געדענק, ניין. דאָך, ווי־זשע וועלן מיר אָנהייבן גראָבן?

— כ׳ווייס אליין ניט. סײַדן פון יענעם אלטן בוים, וואָס אפ יענער זײַט ריטשקע.

— געמאכט.

זיי האָבן געקראָגן א געבויגנס לאָפעטקעלע און א זאסטעפּ און האָבן אװעקגעמארשירט. ביזן נייטיקן אָרט איז געווען א דרײַ מײַל גאנג. געקומען זײַנען זיי פלאם־רויטע, שווער געאָטעמט און האָבן זיך אװעקגעלייגט אין שאָטן פון דעם נאָענטסטן בוים אָפּרוען און רויכערן.

— ס׳געפעלט מיר,—האָט געזאָגט טאָם.

— מיר אויך.

— הער נאָר, העק, אויב מירן דאָ געפינען דעם אויצער, איז וואָס וועסטו טאָן מיט דײַן האלב?

— איך? איך וועל יעדן טאָג עסן קנישעס און טרינקען סאָדע־וואסער, און אז ס׳וועט קומען צו פאָרן א צירק, וועל איך יעדן טאָג גיין אין צירק ארײַן. איך וועל שוין וויסן, וויאזוי פריילעך א לעב טאָן!

— געשיקט זיך, אז דו וועסט גאָרניט אָפּלייגן אפ שפּעטער?

— אָפּלייגן? צוליב וואָס?

— וואָס הייסט צוליב וואָס? קעדיי ס׳זאָל שפּעטער זײַן מיט וואָס צו לעבן.

— אָ, דאָס איז איבעריק. אויב איך וועל ניט איַילן זיך אויס־געבן דאָס געלט, וועט זיך אין איינעם א שיינעם טאָג אומקערן דער טאַטע און וועט עס צוגאַנווענען. ער וועט אַלץ פאַרנעמען, זײַ רויִק, קיין קאָפּיקע וועט ער ניט איבערלאָזן. און דו, וואָס וועסטו טאָן מיט דײַן כיילעק, טאָם?

— איך וועל זיך קויפן א נײַעם פּויק און א גוטע שווערד, א רויטן האַלדזטוך און א בולדאָג און וועל כאַסענע האָבן...

— וועסט כאַסענע האָבן?

— נו, יאָ.

— טאָם, דו... דו ביסט פון זינען אַראָפּ!

— וואַרט צו, אָט וועסטו זען.

— ס'איז דאָך אַן אומזין, טאָם! קיין נאַרישערס האָסטו ניט געקענט צוטראַכטן. אָט נעם, אַשטייגער, מײַן טאַטע און מאַמע: זיי האָבן זיך דאָך געשלאָגן פון אינדערפרי ביז שפּעט באַנאַכט. איך געדענק עס זייער גוט.

— דאָס באַטײַט גאָרניט ניט: די, וואָס כ'וועל פאַר איר כאַ־סענע האָבן, וועט זיך ניט שלאָגן.

— און איך האַלט, אַז זיי זײַנען אַלע אַלציינע. יעדער ווײַב איז בעקויעך אויסצופּרעסן איר מאַן. ניין, טאָם, דו באַטראַכט זיך ווי ס'דאַרף צו זײַן, איך מיין עס אינדערעמעסן—באַטראַכט זיך. ווי רופט מען זי, די באַכערטע?

— זי איז ניט קיין באַכערטע, זי איז א מיידעלע.

— נו, דאָס איז אַלציינס. אַז מע וויל—זאָגט מען באַכערטע, אַז מע וויל—זאָגט מען מיידעלע. באַם נאָמען, ווי רופט מען זי?

— איך וועל דיר עס אַמאָל זאָגן, ניט אַצינד.

— גוט, ווי דו ווילסט. אָבער אויב דו וועסט כאַסענע האָבן, וועל איך נאָך עלנטער זײַן, ווי ביז אַהער.

— ניין, העק, דו וועסט לעבן מיט אונדז צוזאמען. נו, גע־נוג צו וואלגערן זיך,—לאָמיר גראָבן.

זיי האָבן אָפּגעגראָבן אנערעך א האלבע שאָ, זײַנען אזש דערשוויצט געוואָרן, נאָר האָבן גאָרניט ניט געפונען. זיי האָבן אָפּגעארבעט נאָך א האלבע שאָ—און ווידער אָן שום דערפאָלג. ענדלעך, האָט העק א זאָג געגעבן:

— געשיקט זיך, אז די אויצרעס זאָל מען באגראָבן אזוי טיף?

— אמאָל מאכט זיך, אז יאָ, אָבער ניט שטענדיק און ניט אלע אויצרעס. מיר גראָבן, זעט אויס, ניט דאָרט, ווו מע דארף גראָבן.

זיי האָבן אויסגעקליבן אן אנדער אָרט און האָבן ווידער גע־נומען גראָבן. אצינד איז די ארבעט געגאנגען ניט אזוי שנעל, נאָר דאָך פאָרויס האָט זי זיך גערוקט. א שטיקל צײַט האָבן ביידע גאָר געשמאק געארבעט, דערנאָך האָט העק אופגעהערט צו גראָבן, האָט זיך אָנגעשפארט אפן זאסטעפּ, האָט אָפּגעווישט מיטן ארבל די היפּשע שווייס־טראָפּנס פונעם שטערן און א זאָג געגעבן:

— ווו וועלן מיר גראָבן, אז מירן ענדיקן אָט דאָ?

— איך האלט, אז מע דארף א פרווו טאָן אונטערן אלטן בוים, וואָס הינטער דער אלמאָנעס הויז.

— איך האלט אויך, אז ס'איז א פאסיק אָרט. אָבער ווי רעכנסטו, טאָם, די אלמאָנע וועט בא אונדז ניט צונעמען דעם אויצער? ס'איז דאָך איר ערד.

— צונעמען בא אינדז דעם אויצער! אנו, זאָל זי א פרווו טאָן! ניין, אן אויצער, ווער ס'האָט געפונען, דעם געהער ער. אפ וועמעס ערד מ'האָט געפונען דעם אויצער, דאָס איז אלצייינס.

דאָס האָט העקן געטרייסט. זיי האָבן ווײַטער געגראָבן. נאָר דערנאָך האָט העק א זאָג געגעבן:

— גיין, מיר גראָבן, זעט אויס, ווידעראמאָל ניט אפן געהע־ריקן אָרט, ווי רעכנסטו?

— ס'איז מאָדנע, העק, שרעקלעך מאָדנע, — איך פֿאַרשטיי ניט. עפּשער שטערן אונדז די מאַכשייפֿעס. אַמאָל טרעפֿט אַזוינס.

— נו, וואָס רעדסטו! מאַכשייפֿעס קאָנען בײַטאָג גאָרניט אויפֿטאָן. בײַטאָג האָבן זיי קיין שום ווירקונג ניט.

— דאָס איז ריכטיק, איך האָב דערפֿון קיין טראַכט ניט געגעבן. אָ, אַצינד פֿאַרשטיי איך, וואָס די מײַסע איז. אָט, זײַנען מיר עס טיפּשים! מע דאַרף דאָך פֿריִער געפֿינען דאָס אָרט, אויף וועלכן עס פֿאַלט אײַן מיטן נאַכט דער שאָטן פֿון דער צווײַג, און דאָרט גראָבן.

— אַך, דו, ווייסט דיך דער גוטער יאָר! מיר האָבן אַ גאַנצע צײַט אומזיסט־אומנישט געאַרבעט. און אַצינד וועט נאָך אויסקומען נאָכאַמאָל קומען אַהער בײַנאַכט. ס'איז גוואַלדיק־ווײַט... דו וועסט קענען אַרויסגאַנווענען זיך פֿון שטוב?

— כ'וועל שוין זען אַרויסגאַנווענען זיך. טאָן דאַרף מען עס אומבאַדינגט הײַנט בײַנאַכט, אַניט וועט עמעצער דערזען די גריבער, וועט ער זיך טייקעף אָנשטויסן, וואָס ס'טוט זיך דאָ, און וועט אַרויסגראָבן דעם אוצער.

— גוט. כ'וועל ווידעראַמאָל קומען צו דיר אונטערן פֿענצטער און וועל אַ מיאַוקע טאָן.

— געמאַכט! לאָמיר באַהאַלטן די אינסטרומענטן צווישן די קוסטשעס.

בײַנאַכט, אַרום צוועלף אַזייגער, זײַנען די ייִנגלעך געקומען צום זעלבן אָרט, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטן און גענומען וואַרטן. דאָס אָרט איז געווען אַ וויסטס, די שאָ איז אַ טיפֿע נאַכט־שאָ געווען, די שאָ פֿון געשפּענסטער, וועלכע רעכנט זיך פֿון דער לעגענדע פֿאַר אַן הייליקער. די גײַסטער האָבן זיך געשעפּטשעט אין די רוישנדיקע בלעטער. אין די פֿינצטערע ווינקלען האָבן זיך אויסבאַהאַלטן נאַכט־רוכעס. פֿונדערווײַטנס

האָט זיך געלאָזט הערן א הינטישער געפּיל, א סאָווע האָט זיך אפּן געביל אָפּגערופן מיט א גרויזאמען געשריי. די פייערלעכקייט פון ארום האָט געדריקט די ייִנגלעך און זיי האָבן ווייניק גע־שמועסט. ענדלעך, האָבן זיי באשלאָסן, אז די מיטנאכט איז שוין אָנגעקומען, זיי האָבן באמערקט, וווהין ס׳פאלט דער שאָטן, און האָבן דאָרט אָנגעהויבן גראָבן. די האָפענונג האָט זיי באגייסטערט, גע־מונטערט. זיי האָבן געארבעט מיט גרויס אינטערעס און מיט גרויס פלייס. די גרוב איז געוואָרן אלץ טיפער. אז דער זאָס־טעפּ פלעג זיך א קלאפּ געבן אין עפּעס, פלעג בא זיי דאָס הארץ פארשטארט ווערן. אָבער אלע מאָל זיינען זיי אנטוישט געבליבן. ס׳פלעג זיך ארויסווייזן, אז דער זאסטעפּ האָט א קלאפּ געטאָן אין א וואָרצל אָדער אין א שטיין. סאָפקאָלסאָפּ, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— ס׳איז אומנוצלעך ווייטער צו גראָבן, העק, מיר גראָבן ווידער ניט אפּן געהעריקן אָרט.

— וואָס הייסט ניט אפּן געהעריקן? מיר האָבן ניט געקענט קיין טאָעס האָבן. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן פּונקט דאָרט, ווו־הין ס׳איז געפאלן דער שאָטן.

— איך ווייס, נאָר ניט דאָס איז וויכטיק.

— וואָס דען?

— דאָס, וואָס מיר האָבן קיין זייגער ניט בא זיך און מיר האָבן ניט פּינקטלעך פעסטגעשטעלט די צייט. עפּשער איז דעמלט געווען צו פרי אָדער צו שפּעט.

בא העקן האָט זיך ארויסגעגליטשט דער זאסטעפּ פון די הענט.

— דאָס איז ריכטיק... אָט דאָס טאקע איז די מיַיסע, נו, וועלן מיר, הייסט עס, דארפן ווארפן די גאנצע ארבעט. מיר קאָנען דאָך סייווי ניט פעסטשטעלן פּינקטלעך די צייט. און,

כוצדעם, איז עס דאָך זייער שרעקלעך, ביים ארום ווימלען מאָכ־שייפעס און רוכעס. מיר דאַכט זיך די גאַנצע צייַט, אַז עמעצער שטייט בײַ מיר הינטער דער פּלייצע, און איך האָב מוירע אומצו־קוקן זיך, ווײַל עפּשער שטייט אַ צווייטער רועך פונפאָרנט און וואַרט נאָר, איך זאָל זיך פאַרקוקן. מיך פּיבערט דאָ די גאַנצע צײַט.

— מיך שוידערט אויך, העק, פונקט דאָס זעלבע קומט אויך פאָר מיט מיר. מע זאָגט, אַז, ביים מע פאַרגראָבט אונטער אַ בוים אַן אויצער, לייגט מען דעם אויצער לעבן אַ מעס, קעדיי דער מעס זאָל אַכטונג געבן אַפּ אים.

— גאָטעניו, דערבאַרעמדיקער!

— נו, יאָ, מע לייגט אַ מעס, — איך האָב אַסאַך מאָל גע־הערט.

— ניין, ווייסט, טאָם, איך האָב קיין כיישעק ניט צו דרייען זיך לעבן מייסים. זיי קאָנען שטענדיק פאַרשלעפן דיך אין אַן אומגליק.

— מיר גלוסט זיך אויך ניט אופוועקן זיי, העק. טאָמער רוקט דער, וואָס ליגט לעבן הויז, פּלוצעם אַרויס דעם קאָפּ און הייבט אָן ריידן צו אונדז.

— הער אופ, טאָם, ווער אַנשוויגן!

— עמעס, העק, ס'באַפאַלט מיך אַזאַ מוירע!..

— הער נאָר, טאָם, לאָמיר בעסער פאַרנעמען זיך פונדאַנען געזונטערהייט. לאָמיר זיך פּרוּוון אין אַן אַנדער אָרט.

— גוט, קום! ס'וועט עפּשער טאַקע בעסער זײַן.

— וווהין־זשע וועלן מיר גיין?

טאָם האָט אַ רעגע אַ טראַכט געטאָן און האָט אַ זאָג גע־געבן:

— אָט אין יענעם הויז, ווו ס'ווינען די געשפּענסטער.

— ווייסט עס דער גוטער יאָר! כ'האָב ניט ליב אָט די שייַדים, טאָמ, דאָס איז נאָך ערגער פון מייסים. די מייסים, אויב זיי ריידן עפשער אפילע, אָבער זיי דרייען זיך דיר ניט ארום אין טאכריכים און קוקן דיר ניט אריַין פלוצעם אין פּאָנעם אריַין, קריצנדיק מיט די ציינ, ווי ס'טוען עס די געשפּענסטער. איך וואָלט עס ניט אויסגעהאלטנ, טאָמ. קיין שום מענטש וואָלט עס ניט אויסגעהאלטנ!

— יאָ, אָבער די געשפּענסטער שפּאצירנ דאָך נאָר באנאכט, באטאָג וועלנ זיי אונדז ניט שטערנ גראָבנ.

— עמעס טאקע, אָבער פונדעסטוועגנ מיַידנ די מענטשנ אויך באטאָג אויס אריַינצוקומענ אינ אזעלכע היַיזער.

— דאָס איז צומייִנסטנ דערפאר, וואָס מענטשנ האָבנ ביכלאל ניט ליב צוקומענ צו אנ אָרט, ווו מע האָט עמעצנ געהארגעט. אָבער לעבנ אָט דעמ הויז האָט מענ דאָך אפילע באנאכט גאָרניט ניט געזענ: בלויז א בלויע שיַינ אינ פענצטערל, און ניט קיינ עמעסנ געשפּענסט.

— נו, טאָמ, אויב דו זעסט ערגעצ א בלוי פיַיערל, מעגסטו גיינ אינ געוועט, אז א געשפּענסט געפינט זיך דאָרט ערגעצ ניט וויַיט. דו באטראכט נאָר אליינ: דו ווייסט דאָך אליינ, אז אכוץ די געשפּענסטער צינדט קיינער ניט אָנ קיינ בלויע פיַיערנ.

— דאָס איז עמעס, אָבער באטאָג גייענ זיי דאָך ניט ארומ, איז פארוואָס דארפ מענ מוירע האָבנ פאר זיי?

— נו, געמאכט, אויב דיר גלוסט זיך אזוי, וועלנ מיר גיינ אהינ א גראָב טאָנ. אָבער, פונדעסטוועגנ, א ריזיקע איז עס א גרויסע.

די ייִנגלעך האָבנ אראָפּגענידערט פונ בערגל. אונטנ, אינ מיטנ פונעמ טאָל, וואָס איז באשיַינט פונ דער לעוואָנע, איז איינזאמ געשטאנענ דאָס פארקישעפטע הויז, דער פארקנ ארומ דעמ הויז איז פונ לאנג איַינגעוואלגערט, דער גאנעק פארוואָקסנ מיט מיסט-

גראָזן. דער קוימען איז איינגעפאלן, די פענצטער זײַנען געשטאנען אָן שויבן, איין ווינקל פון דאך האָט זיך אויך אײַנגעוואלגערט אינעווייניק אריין. די ייִנגלעך האָבן לאנג געקוקט, ווארטנדיק, אז אָט־אָט וועט אין פענצטער א פינקל טאָן א בלוי פײַערל. דערנאָך האָבן זיי, שטיל־שטיל ריידנדיק צווישן זיך, שטיל־שטיל, ווי ס'האָבן געפאָדערט די צײַט און די אומשטענדן, פארקערעוועט אפ רעכטס, אָנלייגנדיק אסאך וועג, קעדיי ניט פארבײַגיין לעבן דעם שרעקלעכן הויז, און האָבן זיך אומגעקערט אהיים דורכן וואלד, וואָס איז געוואקסן אפן אקעגנדיקן שפיץ בערגל.

## קאפיטל 27.

אפן צווייטן טאָג, ארום מיטיק־צײַט, זײַנען די ייִנגלעך ווידעראמאָל צוגעקומען צום טרוקענעם בוים נאָך זייערע אינסטרומענטן. טאָמען האָט זיך געגלוסט וואָס גיכער ארײַן אין געשפענסטער־הויז, נאָר העק האָט זיך גאָר ניט געײַלט.

— הער נאָר, טאָם, — האָט ער אָנגעהויבן, — דו ווייסט, וואָס פאר א טאָג ס'איז הײַנט?

טאָם האָט פאר זיך איבערגעציילט די טעג פון דער וואָך און האָט פארכידעשט גיך א קוק געטאָן אפן כאַווער.

— גאָטעניו, און איך האָב גאָר פארגעסן!

— איך האָב אויך קיין טראכט ניט געטאָן דערפון, און ערשט אצינד דערמאנט זיך, אז הײַנט איז בא אונדז פרײַטיק.

— אך, ווייסט עס דער גוטער יאָר! אָט ווי מע דארף זײַן פאָרזיכטיק... מיר וואָלטן געקענט ארײַנפאקן זיך אין א שרעקלעכער צאָרע, ווען מיר וואָלטן אָפגעטאָן אזא ארבעט אום פרײַטיק.

— מיר וואָלטן געקאָנט! דו זאָג בעסער — מיר וואָלטן בא־

שטימט אריַינגעפּאַקט זיך. פאַראַן, פאַרשטייט זיך, גליקלעכע טעג, אָבער געוויס ניט פּריַיַטיק.

— דאָס ווייסט וויל יעדער טיפּעש. ניט דו האָסט עס דער ערשטער אַנטדעקט, העק.

— איך זאָג דען, אַז איך בין דער ערשטער. און, כּוצדעם, ניט נאָר ווענן פּריַיַטיק האַנדלט זיך עס דאָ. מיר האָט זיך היַינט באַנאַכט געכאָלעמט אַ שלעכטער כאָלעם: מיר האָבן זיך געכאָלעמט שטשורעס.

— נו? דאָס איז זייער אַ שלעכטער כאָלעם. שטשורעס—דאָס איז אַ סימען פון אַלדאָס בייז. וואָס־זשע, זיי האָבן זיך געשלאָגן צווישן זיך?

— ניין.

— נו, איז כאָטש דאָס צו גוטן. אויב די שטשורעס שלאָגן זיך ניט צווישן זיך, הייסט עס, אַז די צאָרע איז ערגעץ ניט וויַיט. מע דאַרף נאָר אַכטונג געבן שטאַרק, מע זאָל זיך ניט אַריַינפּאַקן. לאָמיר ניט גראָבן היַינט, לאָמיר זיך בעסער שפּילן. דו קאָנסט, העק, ראָבינ הודן?

— ניין, ווער איז ער, ראָבינ הוד?

— ער איז געווען איינער פון די באַרימטסטע מענטשן אין ענגלאַנד, און איז איצט זייער אַ גוטער מענטש. ער איז געווען אַ גאַזלען.

— הער נאָר, אַפּ מיר געזאָגט געוואָרן! וועמען פלעג ער באַראַבעווען?

— בלויז רייַכע לייַט, קיין אָרעמעלייַט פלעג ער קיינמאָל ניט באַליידיקן. די אָרעמעלייַט האָט ער ליב געהאַט און פלעג זיך שטענדיק ערלעך טיילן מיט זיי.

— אָט דאָס איז, זעט אויס, שוין איינמאָל אַ ווילער מענטש געווען.

— יאָ, טאקע שוין איינמאָל א ווילער! נאָך אזא ווילער מענטש איז גאָר קיינמאָל אפ דער וועלט ניט געווען, אצינד זײַנען אזעלכע מענטשן גאָר אינגאנצן ניטאָ. דו גלייב מיר. ער האָט געקאָנט מיט איין האנט אָנעריקן, ווען ער האָט נאָר געוואָלט אָנעריקן אין ענגלאנד, אפילע בײַ זײַן צווייטע האנט איז געווען צוגעבונדן הינטער זײַן פּלייצע. פון זײַן פֿיִיִנבויגן פלעג ער טרעפן פון א מײַל די ווײַט אין א צענסענט־מאטבייע. אויב ער פלעג טרעפן נאָר אין זוים פון דער מאטבייע, פלעג ער אזוי יעסורים האָבן, אז ער פלעג זיך אוועקזעצן און וויינען און זידלען זיך. איז אָט מירן זיך שפילן אין ראָבין הוד. ס'איז זייער א ווילע שפיל. איך וועל דיך אויסלערנען.

— געמאכט. איך בין מאסקים.

זיי האָבן ביז אפדערנאכט זיך געשפילט אין ראָבין הוד, פון צײַט צו צײַט ווארפנדיק נײַגיריקע בליקן צום געשפּענסטער־הויז און ריידנדיק וועגן דעם, וואָס ס'וואַרט אפ זיי מאָרגן. אז די זון האָט זיך אָנגעהויבן אראָפּלאָזן קיין מײַרעוו צו, זײַנען זיי אוועק אהיים, איבערשנײַדנדיק די לאנגעביימער־שאָטנס, און זײַנען גיך פארשווונדן געוואָרן אין די וועלדער פון קארדיפ־כיל.

שאבעס נאָך מיטיק זײַנען די ייִנגלעך ווידער געשטאנען לעם דעם פארטריקנטן בוים. זיי האָבן אביסל געדרויכערט און גע־פּלאפּלט, ליגנדיק אין שאָטן, דערנאָך האָבן זיי זיך אביסל גע־פּאָרקעט, גלאט אזוי, אין דער שוין־אויסגעגראָבענער גרוב, ווײַל טאָם האָט פארזיכערט, אז אָפט טרעפט, אז ווען מע ווערט אָנ די האָפענונג צו דערגראָבן זיך צום אוצער, בײַס ס'איז פארבליבן ביז אים בלויז א זעקס סאנטימעטער, קומט דערנאָך צו גיין עמע־צער אנדערש, און מיט איין גראָב פונעם זאסטעפּ פאקט ער דעם אויצער. אָבער אויך איצט איז זייער מי געווען אן אומזיסטע, —

האָבן זיי פאַרוואָרפן די זאַסטעפּער אױף די אַקסלען און זייַנען אַוועקגעגאַנגען ווײַטער, טראַכטנדיק, אַז זיי האָבן אױסגעפֿילט אַלץ, וואָס ס׳איז נייטיק געווען אױף צו געפֿינען דעם אויצער.

און אָט זייַנען זיי, סאָפּקאָלסאָפּ, צוגעקומען צום „אומריי־נעם” הויז. די טויטע שטילקייַט, וואָס האָט דאָ געהערשט אין אָט דעם הייסן באַטאָג, האָט אױף זיי טייקעף אָנגעוואָרפן אַ שרעק. אין דער מאָרעשכוירעדיקער וויסטעניש פֿון אָט דעם הויז איז געווען עפּעס אַזאַ שווערס, אַז זיי זייַנען אַ רגע געשטאַנען און ניט געקאָנט אַרייַנגיין. דערנאָך האָבן זיי זיך אונטערגעגאַנ־וועט צו דער טיר און האָבן, ציטערנדיק פֿון שרעק, אַרייַנגעקוקט אינעווייניק. זיי האָבן דערזען אַ צימער, אין וועלכן ס׳איז דאָרט, ווו ס׳האָט באַדאַרפֿט זייַן אַ דיל, געוואַקסן גראָז, זיי האָבן דער־זען אַ מעשונעדיקן אויוון, פֿענצטער אָן שויבן, צעבראָכענע טרעפּ, אומעטום איז שטיקערווייַז געהאַנגען שפּינוועבס. זיי האָבן זיך געשטאַרקט און זייַנען שטיל־שטיל אַרייַנגעגאַנגען. זיי האָבן שעפּטשענדיק געשמועסט צווישן זיך, זייערע הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט, אַלע מוסקולן פֿונעם קערפּער זייַנען אָנגעשטרענגט געווען, דער געהער האָט אָנגעשטרענגט געשלונגען יעדער שאָרך. זיי זייַנען גרייט געווען באַם ערשטן קלאַנג מאָמענטאַל לאָזן זיך לויפֿן. נאָר ביסלעכווייַז האָבן זיי זיך צוגעוווינט צום אַרום, און זייער שרעק איז פֿאַרבייַ. זיי האָבן מיט גרויס אינטערעס באַ־טראַכט דאָס הויז, כידעשנדיק זיך אױף זייער אייגענער דרייסט־קייַט און אין דער זעלבער צייַט שטאָלצירנדיק מיט איר. דערנאָך האָט זיך זיי פֿאַרגלוסט אויך אַרויף אױף די טרעפּ, אַ קוק טאָן דאָרט. דאָס האָט באַטייַט — אָפּשנייַדן זיך דעם וועג אױף אָפּצו־טרעטן. נאָר זיי האָבן געמוטשעט איינער דעם צווייטן. און סאָפּקאָלסאָפּ — האָבן זיי אַוועקגעוואָרפֿן זייערע אינסטרומענטן און האָבן זיך אויפגעהויבן מיט די טרעפּ אַרויף. אויך אויבן איז

געווען וויסט און פוסט. אין איין ווינקל האָבן זיי געפונען א קע־
מערל, זיי האָבן געריכט זיך געפינען דאָרט א געהיימע מעציִע,
נאָר זיי האָבן א טאָעס געהאט: דאָס קעמערל איז געווען ליידיק.
אצינד זײַנען זיי שוין אינגאנצן מונטער געווען, זיי האָבן שוין
געוואָלט אראָפּלאָזן זיך אראָפּ און נעמען זיך צו דער ארבעט,
נאָר פּלוצעם:

— טסס! — האָט א זאָג געגעבן טאָם.

— וואָס איז? — האָט, ווײַס ווערנדיק פאר שרעק, א שעפּטשע געטאָן העק.

— טסס! דו הערסט?

— יאָ. אָך, גאָטעניו, לאָמיר אנטלויפן!

— וווהין אנטלויפן? זיץ רויִק, אָטעם ניט. זיי גייען צו דער טיר.

די ייִנגלעך האָבן זיך אויסגעצויגן אפן דיל, באמיִענדיק זיך צו זען עפּעס דורך די שפּארונגעס, זיי זײַנען געלעגן פלאטערנדיק פון שרעק.

— אָט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט... ניין... זיי גייען ווידער־אמאָל... זיי זײַנען צוגעקומען. דו שעפּטשע ניט, העק — זיי וועלן דערזען! אָך, גאָטעניו! צוליב וואָס בין איך עס געגאנגען אהער?

ס'זײַנען ארײַנגעקומען צוויי פּארשוינען. איינער פון זיי איז געווען א טויבשטומער זאָקן, א שפּאניער, וואָס פלעג די לעצטע צײַט אמאָל באווײַזן זיך אין שטעטל. דעם צווייטן האָט קיינער פון די ייִנגלעך ניט געקענט.

„דער צווייטער“ איז געווען א שמוציק, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן באשעפעניש, מיט אן אומאנגענעמען פּאָנעם. דער שפּאניער איז פארוויקלט געווען אין א ברייטן מאנטל. געהאט האָט ער צע־שויבערטע גרויע באקנבארדן. פון הינטער זײַן ברייטראנדיקן הוט האָבן זיך אראָפּגעלאָזט לאנגע געקרײַזלטע גרויע האָר. די

אויגן זייַנען פארשטעלט געווען מיט גרינע ברילן. אז זיי זייַנען אריַינגעגאַנגען, האָט „דער צווייטער“ געהאַלטן אין דערציילן עפּעס שטיל־שטיל דעם כאַווער. ביידע האָבן זיך אוועקגעזעצט, איינער לעבן אַנדערן, אַפּ דער ערד, מיטן פּאָנעם צו דער טיר, מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט, און „דער צווייטער“ האָט ווייַטער דערציילט.

ביסלעכווייַז, האָט ער פאַרגעסן אין פּאָרזיכטיקייַט און האָט גענומען ריידן העכער.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב אַלץ באַטראַכט, און ס׳געפעלט מיר ניט. ס׳איז אַ געפערלעכע זאַך.

— אַ געפערלעכע? — האָט אַ וואָרטשע געטאָן דער „טויב־שטומער“ (די ייִנגלעך זייַנען דערשטוינט געוואָרן). — עך, דו, פּאַכדן!

אַז ס׳האָט זיך דערהערט דאָס דאָזיקע קאָל, האָבן די ייִנגלעך שיר ניט אַ קוויטש געטאָן פון שרעק. ס׳איז געווען אַ ינדזשענ דזשאָס קאָל. ביידע פּאַרשוינען האָבן געשוויגן אַ צייַט, דערנאָך האָט דזשאָ אַ זאָג געגעבן:

— געווען איז דאָך גאָר געפערלעך יענע, די צווייטע זאַך, דאָך איז זי גלאַט אָפּגעגאַנגען...

— יענץ איז אַן אַנדער מייַסע. יענץ איז ווייַט פון דאַנען. ס׳איז באַם אויבערפלוס פון טייַך, און קיין צווייטע מענטשישע דירע איז דאָרט נאָענט ניטאָ.

— אַסאַך געפערלעכער איז צו קומען אַהער בייטאָג: געוויס, מע זאָל אַ קוק טאָן אויף אונדז, מ׳זאָל אונדז טייקעף כוישעד זייַן.

— איך ווייס, — נאָר ס׳איז דאָך ניט געווען אונטער דער האַנט קיין אַנדער אָרט, וווּ צו באַהאַלטן זיך נאָך אָט דער נאַרי־שער מייַסע. איך האָב ביכלאַל קיין כיישעק ניט צו פאַרבלייַבן דאָ. איך האָב נאָך נעכטן געוואָלט פאַרנעמען זיך, נאָר ס׳איז אומעג־לעך געווען אפילו צו טראַכטן אוועקצוגיין אומבאַמערקט, קאָל־

זמאנ די דאָזיקע פארשאָלטענע ייִנגלעך האָבנ זיך דאָרט געשפּילט אפנ בערגל אקעגנ הויז.

בא די „פארשאָלטענע ייִנגלעך" זײַנענ מורעשקעס צעלאָפנ זיך איבער די פלייצעס בא די דאָזיקע ווערטער. ס'ארא גליק, וואָס זיי האָבנ מוירע געהאט אָנצוהייבנ די ארבעט אומ פרײַטיק אונ האָבנ באשלאָסנ צוווארטנ א טאָג. אינ טיפ פונ דער נעשאָמע האָט זיי באנק געטאָנ, וואָס זיי האָבנ ניט אָפּגעלייגט זייער זאך אפּ א גאנצ יאָר. די אויסוווּרפנ האָבנ ארויסגענומענ שפּײַז אונ גענומענ איבערכאַפּנ. נאָך א צײַט באטראכטנ זיך האָט אינדושענ דזשאָ א זאָג געגעבנ:

— הער נאָר, באָכער, קער זיך אומ צוריק צומ טײַך, דאָרט איז דאָס פּאסיקסטע אָרט פאר דיר — אונ ווארט אפ יעדיִעס פונ מיר. איך וועל כאפּנ די געהעריקע רעגע אונ וועל נאָכאמאָל ארײַנגיינ אינ שטעטל א קוק טאָנ. מע דארפ זיך פריִער פונ אלעמענ גוט דערפרעגנ אונ פעסט ווערנ בא זיך, אז אלע אומשטענדנ זײַנענ ווי געהעריק, אונ ערשט דעמלט אָנהייבנ די געפערלעכע ארבעט. אונ דערנאָך — קיינ טעכאס!

„דער צווייטער" איז געבליבנ צופרידנ דערמיט. דערנאָך האָבנביידע זיך אָפּגעזעגנט, אונ דער מעטיס האָט א זאָג געגעבנ:

— ס'כאלעשט זיך שלאָפנ, איצט איז דײַנ ריי צו זײַנ אפּ דער וואכ.

ער האָט זיך צונויפגעדרייט, ווי א בייגל, אפנ גראָז אונ האָט אָנגעהויבנ כראָפּענ. דער כאווער האָט אימ א שטורכע געטאָנ עטלעכע מאָל, אונ אינדזשענ דזשאָ איז אנשוויגנ געוואָרנ. דערנאָך האָט אויך דער וואכ־פארשוינ אָנגעהויבנ דרימלענ, זײַנ קאָפּ האָט זיך ארויפּגעלאָזט אלצ נידעריקער אונ נידעריקער. אצינד האָבנ שוינ ביידע געכראָפּעט.

די ייִנגלעך האָבנ פרײַער אָפּגעאָטעמט.

— אצינד זײַנען מיר געראַטעוועט, — האָט א שעפּטשע געטאָן טאָם. — קום גיכער!

— איך קאָן ניט, — האָט געזאָגט העק, — איכ'ל גלײַכ אפּנאָרט שטארבן, אויב זיי וועלן זיכ אופּכאַפּן.

טאָם האָט געבעטן, העק האָט זיכ אײַנגעשפּארט. ענדלעכ, האָט זיכ טאָם שטילערהייט אופּגעהויבן און האָט זיכ געלאָזט גיין אליין. אָבער באַם ערשטן טראָט זײַנעם האָבן די אלטע דיל־ברעטער אזוי שרעקלעכ זיכ צעסקריפּעט, אז ער האָט זיכ טייקעפּ צוגעזעצט קימאט טויט פאר שרעק, — דאָס צווייטע מאָל א פּרווו טאָן האָט ער שוין קיין מוט ניט געהאט, די רעגעס האָבן זיכ געצויגן מעסוקן פּאמעלעכ. די ייִנגלעכ האָט זיכ גערוכט, אז די צײַט האָט זיכ אויסגעלאָזט און אז אפילע די אייביקייַט איז שוין גרוי געוואָרן. זיי האָבן זיכ זייער דערפרייט, ווען זיי האָבן, סאָפּקאָלסאָף, דערזען, אז די זון זעצט זיכ.

אצינד האָבן שוין געכראָפּעט ניטביידע פּארשוינען, נאָר איינער. אינדזשען דזשאָ האָט זיכ א הייב אופּ געטאָן, אנידערגעזעצט זיכ, האָט זיכ ארומגעקוקט, האָט א קוק געטאָן אפּ זײַן כאווער, וואָס זײַן קאָפּ האָט זיכ אראָפּגעבויגן אפּ די קני, און האָט אָנגעברויגעזט א שמייכל געטאָן. דערנאָכ האָט ער דעם כאווער א זעצ געגעבן מיטן פּוס און א זאָג געגעבן:

— שטיי אופּ! שוין איינמאָל א וועכטער, דו!

— נו, איז וואָס? ס'האָט דאָכ גאָרניט ניט געטראָפן. געשיקט זיכ, אז כ'בין אנשלאָפן געוואָרן?

— יאָ, יאָ. נו, גוטער־ברודער, צײַט אין וועג ארײַן. בא אונדז איז דאָכ א קליינער רעזערוו פּארבליבן. וואָס וועלן מיר מיט אים טאָן?

— איך ווייס אליין ניט, סײַדן דאָ איבערלאָזן, ווי מיר פלעגן פריִער טאָן? ביז מירן זיכ רירן קיין דאָרעם, וועלן מיר אים

דאָך ניט באַדאַרפֿן. שלעפּן אָפּ זיך אַ זעקס הונדערט פּופּציק זילבערשטיק איז ניט פֿון די לײַכטע זאַכן.

— עמעס, אָבער קומען אהערצו לוינט ניט.

— נו, ס'מאַכט ניט אויס, — מירן קומען באַנאַכט, ווי מיר פֿלעגן שטענדיק קומען. דאָס וועט־זײַן בעסער.

— יאָ, אָבער אָט וואָס, גוטער־ברודער: אונדז וועט דאָך, מעגלעך, ניט גיך אויסקומען אָפּצוטאָן יענע אַרבעט — דו ווייסט אַוודאי, ס'קאָן דאָך אַלץ טרעפֿן. און דאָס געלט איז בײַ אונדז ניט ווי ס'געהער צו זײַן באַהאַלטן... לאָמיר עס בעסער פֿאַר־גראָבן, און וואָס טיפֿער.

— זייער ווויל, — האָט געזאָגט דער כאַוער. ער איז אַריבער־געגאַנגען צו דער צווייטער זײַט צימער, האָט זיך געשטעלט אָפּ די קני, דערנאָך האָט ער אונטערגעהויבן איינעם פֿון די ציגל אין קוימען און האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון דאָרט אַ זאַק. אין זאַק האָט זיך צעקלונגען זילבער. ער האָט אַרויסגענומען פֿון דאָרטן צוואַנציק אָדער דרײַסיק דאָלער פֿאַר זיך, און פּונקט אַזוי־פֿיל פֿאַרן מעטיס און האָט איבערגעגעבן דעם זאַק דעם מעטיס. דער מעטיס איז בייסמײַסע געשטאַנען אָפּ די קני אין ווינקל און האָט צעגראָבן די ערד מיט אַ גרויסן מעסער.

די ייִנגלעך האָבן אָפּ אַ רעגע לאַכלוטן פֿאַרגעסן אין זייער שרעק. זיי האָבן מיט גיריקע אויגן נאָכגעשפּירט נאָך יעדער באַוועגונג פֿון די אויסוווּרפֿן. אַזאַ רײַכטום האָבן זיי זיך קיינמאָל אַפּילע פֿאָרשטעלן ניט געקענט. זעקס הונדערט דאָלער! ס'קאָן קלעקן אָפּ רײַך מאַכן אַ האַלב טוץ ייִנגלעך!

דער אויצער איז אַליין געקומען צו די הענט. איצט דאַרף מען זיך שוין ניט פֿאַרטראַכטן, ווו צו גראָבן. זיי האָבן אַלע רעגע אונטערגעשטופּט איינער דעם צווייטן מיט די עלנבויגנס, און יעדער פֿוג זיי האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס די שטויסן באַטײַטן:

„אהא! איצט טוט דיר שוין ניט באנק, וואָס מיר זיינען פאַר־קראָכן אהער?"

דעם מעטיס מעסער האָט א קלאפּ געטאָן אין עפּעס הארטס.

— הער! — האָט ער א זאָג געגעבן.

— וואָס איז עס דאָרטן? — האָט א פרעג געגעבן דער כאווער.

— א פוילע ברעט... ניין, — דאכט זיך, א קעסטל. קום נאָר אהער, העלף מיר ארויסשלעפּן! לאָמיר א קוק טאָן, וואָס איז עס אזוינס. ווארט צו, מע דארף ניט, איך האָב שוין געמאכט אין דעם א לאָך.

ער האָט ארייַנגערוקט די האנט אין קעסטל און האָט זי טיי־קעפּ ארויסגעשלעפּט צוריק.

— הער נאָר, ס'ליגט דאָרט געלט!

ביידע האָבן זיך אָנגעבויגן איבער דער קופּע מאטבייעס. די ייִנגלעך אויבן זייַנען געווען ניט ווייניקער אופגערעגט, ווי די אויסוואַרפן אונטן.

— מע דארף וואָס גיכער ארויסגראָבן דאָס קעסטל, — האָט געזאָגט דזשאָס כאווער, — איך האָב אנומלטן געזען דאָרט אין ווינקל, אין גראָז, אף יענער זייַט אויוון אַן אלטן פארזשאווערטן זאסטעפּ, איך וועל אים באלד ברענגען.

ער האָט זיך געלאָזט לויפן און האָט געבראכט דאָס לאָפּעט־קעלע און דעם זאסטעפּ, וואָס די ייִנגלעך האָבן געהאט איבער־געלאָזט. דער מעטיס האָט גענומען דעם זאסטעפּ, האָט אים גוט באטראכט, האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, עפּעס א בורטשע געטאָן צו זיך אליין און גענומען גראָבן די ערד.

אינגיכן האָט ער ארויסגעשלעפּט דאָס קעסטל. געווען איז דאָס קעסטל ניט קיין גרויס, באשלאָגן מיט אייַזן, און איידער די צייַט האָט עס ניט צעפרעסן, איז דאָס, זעט אויס, גאנץ פעסט געווען.

עטלעכע רעגעס האָבּן די אויסוווּרפן, דערשטוינט פון גליק, געקוקט אף דעם געפונענעם אויצער.

— איז דאָ פאראן א קופּע געלט, — האָט געזאָגט אינדזשענ דזשאָ, — עטלעכע טויזנט דאָלער!

— מע זאָגט, אז אינ אָט די ערטער האָט אמאָל ארומגע־דרייט זיך מערעלס באַנדע, — האָט געזאָגט „דער צווייטער".

— איך האָבּ עס אויך געהערט. ווייַזט אויס, אז זיי טאקע האָבּן עס אהער באהאלטן.

— אצינד האָסטו שוין ניט, צוליבּ וואָס צו טאָן האָבּן מיט יענער זאך.

דער מעטיס האָט זיך אָנגעבּרויגעזט.

— דו קענסט מיך ניט, זעט אויס, אָדער דו ווייסט ווייניק וועגן אָט דער זאך. דאָ איז דער איקער — ניט די רויבערייַ, נאָר די נעקאָמע, — זײַנע אויגן האָבּן זיך צעגלאנצט מיט גרימ־צאָרן, — און אז מירן ענדיקן דערמיט, — דעמאלט טעכאס! קענסט דעמאלט פארנעמען זיך אהיים צו דייַן נעסי און צו דײַנע קינדער־לעך און ווארטן אף יעדיעס פון מיר.

— געמאכט, זאָל זײַן אזוי, ווי דו ווילסט. און דערמיט וואָס וועלן מיר טאָן? מירן עס ווידער באגראָבּן?

— יאָ. (אומגעהייערע סימכע אויבּן). ניין, איך שווער בּאם הייליקן סאכעם, ניין! (טיפער טרויער אויבּן). איך האָבּ שיר ניט פארגעסן. אף דעם זאסטעפּ איז דאָך געווען פרישע ערד (בּאַ די ייִנגלעך איז אינ די אויגן פינצטער געוואָרן פון שרעק). פונוואנען האָבּן זיך אהער גענומען אָט דאָס לאָפּעטקעלע און אָט דער זאסטעפּ? פונוואנען האָט זיך גענומען אף זיי פרישע ערד? ווער האָט זיי געבּראכט אהער און וווהין איז אהינגעקומען דער, וואָס האָט זיי געבּראכט? דו האָסט קיינעם ניט געזען, ניט גע־הערט? וואָס הייסט צוריק פארגראָבּן אָט דאָס געלט, קעדיי

עמעצער זאָל קומען, דעריזען, אז בא דער ערד האָט מען זיך געפּאָרעט, און זאָל ארויסגראָבן דאָס געלט? ניין, איינמאָל ניין. מירן אריבערטראָגן דאָס געלט אין מײַן נאָרע־גרוב.

— נו, פארשטייט זיך! כ׳האָב דערפון קיין טראכט ניט גע־טאָן! אין וועלכער נאָרע־גרוב, נום. 1?

— ניין, נומער 2, אונטערן צײלעם. די ערשטע טויג ניט, זי ווארפט זיך צופיל אין די אויגן.

— געבאכט. אצינד איז שוין טונקל געוואָרן, מע קאָן גיין.

אינדזשען דזשאָ האָט זיך אופגעהויבן און האָט ארומגעשפּאנט פון פענצטער צו פענצטער, פאָרזיכטיק באטראכטנדיק די סוויווע, דערנאָך האָט ער א זאָג געגעבן:

— ווער האָט געקענט ברענגען אהער אָט די אינסטרומענטן? ווי רעכנסטו, דאָרט אויבן זיצט ניט עמעצער?

בא די ייִנגלעך האָט עס דעם אָטעם פארכאפּט. אינדזשען דזשאָ האָט ארופגעלייגט די האנט אפן מעסער, איז א רעגע גע־שטאנען אין ניט־אנטשלאָסנקײַט, דערנאָך האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו די טרעפּ. די ייִנגלעך האָבן זיך דערמאנט אין קעמערל, נאָר זיי זײַנען ניט בעקויעך געווען א ריר צו טאָן זיך פון אָרט. די טרעפּ האָבן זיך צעסקריפּעט אונטער די שווערע טריט.

דער שוידער האָט צוגעגעבן פלוצעמדיקן מוט די ייִנגלעך און זיי האָבן געוואָלט שוין א לאָז טאָן זיך צום קעמערל, נאָר פלוצעם האָט זיך דערהערט א טראסקערײַ פון ברעטער, וואָס ברעכן זיך, און אינדזשען דזשאָ האָט זיך אראָפּגעוואלגערט אפ דר׳ערד צוזאמען מיט די צעבראָכענע טרעפּ.

קרעכצנדיק און זידלענדיק זיך, האָט ער זיך אופגעהויבן. זײַן כאווער האָט א זאָג געטאָן צו אים:

— נו, צוליב וואָס האָסטו געדארפט קריכן אהין? אויב ס׳זיצט דאָרט עמעצער — זאָל ער זיך זיצן. וואָס ארט עס אונדז? אויב

ער וועט וועלן אראָפּשפּרינגען אראָפּ און גלייַך געהארגעט ווערן פונעם פלי, וועלן מיר אים ניט שטערן. אין א פערטל שאָ ארום וועט אינגאנצן ווערן פינצטער, דעמלט מעגן זיי זיך יאָגן נאָך אונדז, וויפל ס'גלוסט זיך זיי — איך האָב גאָרניט קעגן. איך האַלט, אז אויב דער מענטש, וואָס האָט אהער געבראכט אָט די זאכן, האָט אונדז דערזען, האָט ער געוויס געמיינט, אז מיר זיַינען שיידים אָדער געשפּענסטער, און אצינד לויפט ער מיסטאמע פיַיל־און־בויגן ערגעץ וויַיט־וויַיט פונדאנען.

דזשאָ האָט בורטשענדיק מאסקים געווען מיטן כאווער, אז זוכן וויַיטער איז קיין צייַט ניטאָ, און מע דארף אויסנוצן דאָס פארבליבענע ביסל טאָג־שיַין אפּ צוגרייטן זיך צום וועג. זיי האָבן זיך נאָך דעם אינגאנצן ארויסגעגליטשט פון הויז אונטער דער שוץ פון דער געדיכטער דעמערונג און האָבן זיך געלאָזט גיין צום טיַיך, אוועקטראָגנדיק מיט זיך דעם טיַיערן קאסטן.

טאָמ און העק האָבן זיך אופגעהויבן, — זיי זיַינען אָפּגעשוואכט געווען פון לאנגן ליגן און פון שרעק, אָבער איצט האָבן זיי זיך זייער ווויל געפילט, — זיי האָבן לאנג נאָכגעקוקט נאָך די צוויי אויסוווּרפן דורך א שפּאלט אין די שטיקער האָלץ פון די ווענט. נאָכיאָגן נאָך זיי? נו, ניין! אונדזערע העלדן זיַינען צופרידן געווען דערפון, וואָס זיי האָבן בעשאָלעם, מיט ניט צעשעדיקטע האלדז־און־נאקנס אראָפּגעלאָזט זיך אפּ דר'ערד. זיי זיַינען דורך דאָס בערגל און אומגעקערט זיך אין שטעטל ארייַן. אונטערוועגס האָבן זיי וויניק געשמועסט צווישן זיך. זיי האָבן זיך פייַנט געהאט דערפאר, וואָס זיי זיַינען אזעלכע שלימאזלס און אזעלכע נאראָנים. צוליב וואָס האָבן זיי באדארפט מיטשלעפּן אהין דאָס לאָפּעטקעלע און דעם זאסטעפּ? ווען ניט אָט די אינסטרומענטן, וואָלט אינדזשען דזשאָ גאָרניט ניט כוישעד געווען. ער וואָלט צוריק פאר־גראָבן דאָס זילבער און דאָס גאָלד, אפּ א צייַט, ביז ס'וועט אים

געלינגענע נעקאָמע נעמען, דערנאָך, אומקערנדיק זיך, וואָלט ער גע־טראָפן בלויז א ליידיק אָרט. ס'ארא ווייטעק, וואָס זיי האָבן מיט־געשלעפּט מיט זיך די אינסטרומענטן! זיי האָבן באשלאָסן נאָכ־שפּירן נאָכן שפּאניער, בייס ער וועט זיך באווייזן אין שטעטל, קעדיי געפינען א פּאסיקן פאל אפ אויסצופילן זייער נעקאָמע־פּלאן, באשלאָסן לויטן שפּאניערס שפּורן דערגיין צום נומער 2, וועגן וועלכן די אויסוואורפן האָבן גערעדט. פּלוצעם איז אין טאָמס מויעך דורך א שרעקלעכער געדאנק:

— און טאָמער, העק, רעכנט ער עס אין אונדז נעקאָמע נעמען?

— אָ, זאָג עס ניט! — האָט געענטפערט העק, קאַם אײַנ־שטייענדיק אפ די פיס פון שרעק. זיי האָבן אלץ באטראכט, און ביז זיי זײַנען צוגעקומען צום שטעטל, האָבן ביידע מאסקים געווען, אז דער מעטיס האָט געקאָנט מיינען אויך עמעצן אנדערש, אָדער, יעדנפאלס, בלויז טאָמען אליין, ווײַל בלויז טאָם האָט איידעס געזאָגט קעגן אים. וויי‍ניק, וויי‍ניק האָט טאָמען געטרייסט דער געדאנק, אז די געפאר דראָט בלויז אים אליין! ער האָט געהאלטן, אז בעשוטפעס וואָלט עס אסאך, זיסאך ווייניקער שרעקלעך געווען.

## קאפּיטל 28.

אלץ, וואָס טאָם האָט איבערגעלעבט באטאָג, האָט אים גע־מאטערט באנאכט, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין זײַנע כאלוימעס. פיר מאָל האָט ער אין שלאָף געהאלטן בא זיך אין די הענט דעם אויצער און פיר מאָל האָט זיך דער אויצער פון די הענט ארויס־געגליטשט, צעשיטנדיק זיך אפ אש און שטויב, ווי נאָר טאָם האָט זיך אופגעכאפּט און אומגעקערט זיך צו דער אכזאָריעסדיקער וואָר. גאנצפרי, ליגנדיק אין בעט און דערמאנענדיק זיך אין אלע

איינצלהייטן פון דער פּאסירונג, האָט טאָם באמערקט, אז די איינצלהייטן שטעלן זיך אים פאָר ניט קלאָר און דערוויַיטערט, גלייַך דאָס אלץ וואָלט פּאָרגעקומען אין אן אנדער וועלט אָדער אמאָל, מיט לאנגע, לאנגע צייַטן צוריק. ס'איז אים איַינגעפאלן, אז עפשער האָט זיך אים די דאָזיקע פּאסירונג טאקע נאָר געכאָלעמט. די דאָזיקע סוואָרע האָט געהאט איינעם גאָר א פעסטן זין: די צאָל געלט, וואָס טאָם האָט געזען, איז געווען צו גרויס פאר דער וואָר. טאָם האָט אפ זייַן לעבן ניט געזען מער פון פופציק דאָלער מיטאמאָל, און, ווי אלע יינגלעך פון זייַן עלטער און זייַן גראד, האָט טאָם געהאלטן, אז דאָס, וואָס מע דערמאנט אין הונדערטער און טויזנטער דאָלער, איז ניט מער, ווי א פאנטאַזיע, אינדערעמעסן זייַנען גאָר אזעלכע סומעס ניט פאראן. ס'איז אים אפילו אפן זינען ניט געקומען, אז עמעצער קאָן אין־דערעמעסן פארמאָגן אזא ריזיקע סומע, ווי הונדערט דאָלער, אשטייגער. אויב גוט באטראכטן טאָמס פאָרשטעלונג וועגן אן אוצער, וואָלט זיך ארויסגעוויזן, אז ער רעכנט געפינען א זשמענקעלע קליינגעלדיקע צענסענט־מאטבייעס און, כוצדעם, א קופּע עפּעס נעפּלדיקע דימענטן אזעלכע, גרויסארטיקע דימענטן, וואָס גיבן זיך ניט אין די הענט ארייַן.

אָבער וואָס מער טאָם האָט געטראכט, אלץ קלאָרער און שארפער זייַנען אין זייַן זיקאָרן ארויסגעטראָטן די איינצלהייטן פון דעם געשעענעם, און סאָפקאָלסאָף איז ער ווידער געקומען צום געדאנק, אז ס'איז געווען ניט געווען קיין כאָלעם. ס'איז נייטיק געווען קלאָר צו מאכן אָט די פראגע. ער האָט אפּדע־גיך איבערגעביסן און אוועקגעלאָזט זיך אָפּזוכן העקן.

העק איז געזעסן אפן בארט פון א שיפל, וואָס האָט א פלאַ־טשיקן דנאָ, האָט געבאָמבלט מיט די פיס, — א פּאָנעם האָט ער געהאט זייער א מאָרעשכוירעדיקס. טאָם האָט באשלאָסן ניט פרעגן

בא העקן, נאָר ארופירן אים אפ א שמועס: אויב העק וועט ניט פארשטיין דאָס אָנצוהערעניש — הייסט עס, אז אלץ האָט ער, טאָמ, געזען אינ כאָלעמ.

— גאָט העלפ, העק!

— גאָט העלפ! עכ, טאָמ! ווען מיר וואָלטן ניט איבערגע־לאָזט אָט דאָס פארשאָלטענע לאָפּעטקעלע אונטער דעם טרוקענעם בוימ, וואָלט דאָס געלט געווען בא אונדז אינ די הענט. איז עס ניט שרעקלעך?

— איז עס, הייסט עס, ניט קיינ כאָלעמ געווען? אפ מייַנ וואָרט, מיר טוט איצט באנק, וואָס ס׳איז ניט געווען קיינ כאָלעמ, זאָל איך אזוי לעבן!

— וואָס פאר א כאָלעמ?

— איך רעד עס וועגנ אָט דעמ טאקע, וועגנ דעם נעכטיקן, מיר האָט שוינ אָנגעהויבן אויסדאכטן זיך, אז כ׳האָב עס געזען אינ כאָלעמ.

— אינ כאָלעמ! ווען די טרעפ וואָלטן זיך אונטער אים ניט צעבראָכן, וואָלט ער דיר געוויזן, וואָס פאר א כאָלעמ ס׳איז! מיר האָט זיך א גאנצע נאכט געכאָלעמט, אז דער דאָזיקער טייַוול — דער שפאניער — יאָגט זיך נאָך מיר, — אייַנגעזונקען זאָל ער ווערן!

— אקעגנ וואָס זאָל ער אייַנגעזונקען ווערן? מיר דארפן געפינען אים און געפינען דאָס געלט.

— מירן אים קיינמאָל ניט געפינען, אזא גליק כאוערט זיך ניט איבער קיינ צוויי מאָל: מיר האָבן ניט געקענט דעמלט אויס־נוצן דאָס גליק — נו, איז אלץ פארפאלן! ווייסט, מיך טרייסלט מאמעש פאר שרעק פונעמ געדאנק, אז איך קאָן זיך באגעגענען מיט אים!

— מיך אויך, העק, און פונדעסטוועגן וואָלט איך א באלן

געוועג טרעפנ אימ אונ דערגיינ, ווו געפינט זיכ עס בא זיי דער נומער 2.

— דער נומער 2? יאָ, יאָ. איכ האָב אויכ געטראכט דערפונ, נאָר איכ האָב זיכ צו גאָרניט ניט דערטראכט. ווי רעכנסטו, וואָס זאָל עס באטייטנ נומער 2?

— איכ ווייס ניט, עפּעס ווי פארשטעלט איז עס. הער נאָר, העק, — עפּשער איז עס א נומער פונ א הויז?

— וואָס רעדסטו, פארשטייט זיכ, אז ניינ. אונ אינ אונדזער שטעטל קאָנ עס גאָר ניט זיינ. בא אונדז זיינען דאָכ אלע הייזער אָנ נומערנ.

— עמעס. לאָז מיכ א טראכט טאָנ. ווייסט וואָס? אונ עפּשער איז דאָס א נומער פונ א צימער אינ איינפאָר־הויז?

— אָט דאָס האָסטו גוט צוגעטראכט! בא אונדז איז דאָכ נאָר צוויי איינפאָר־הייזער פאראנענ, מע קאָנ זייער לייכט א קוק טאָנ.

— ווארט דאָ צו אביסל, ביז איכל זיכ אומקערנ.

אונ טאָמ איז פארשוואונדנ געוואָרנ. ער האָט ניט ליב געהאט באוויינזנ זיכ אינ שטאָט צוזאמענ מיט העקנ. אינ א האלבער שאָ ארומ האָט ער זיכ אומגעקערט. אינ בעסערנ איינפאָר־הויז, וווהינ ער איז צומ אלעמ ערשטנ אריינגעגאנ, האָט אינ נומער 2 געוווינט איינער א יונגער אדוואָקאט. אינ ערגערנ איינפאָר־הויז איז דער נומער 2 געוועג עפּעס א געהיימער. דעמ באלעבאָס יינגל האָט דערציילט טאָמענ, אז דער דאָזיקער נומער איז די גאנצע צייט פארשלאָסנ אונ אז ער האָט קיינמאָל ניט געזענ, אינ נומער זאָל עמעצער אריינגיינ אָדער עמעצער זאָל פונ דאָרט ארויס־גיינ אמאָל, אכוצ באנאכט. דאָס יינגל האָט ניט געוווסט די סיבע פונ אזא מאָדנער מייסע אונ האָט זיכ ניט באזונדערס אינטערע־סירט דערמיט. אזויווי ער האָט ניט געקאָנט דערקלערנ זיכ דעמ דאָזיקנ סאָד, האָט ער זיכ אריינגעשלאָגנ אינ קאָפּ אריינ, אז

ס׳זײַנען דערינג „שיידים פּאַרמישט״. ער האָט דערציילט טאָמען, אַז נעכטן באַנאַכט האָט ער געזען, אַז ס׳לײַכט זיך אין דעם צימער נומער 2.

— אָט וואָס כ׳האָב זיך דערוווּסט, העק. איך בין זיכער, אַז טאַקע אָט וועגן דעם נומער 2 האָבן זיי גערעדט.

— איך רעכן אויך אַזוי, טאָם, איז וואָס דאַרפן מיר טאָן?

— וואַרט צו, לאָז מיך אַ טראַכט טאָן.

טאָם האָט לאַנג געטראַכט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אָט וואָס מע דאַרף טאָן. די הינטערשטע טיר פון אָט דעם נומער 2 גייט אַרויס אין אַ קליין ליקל צווישן דעם אײַנפאָר־הויז און אַן אַלטער האַלב־כאָרעוועր שטייגערנער קאַמער — דו קריג ערגעץ שליסלען, וויפל דו וועסט נאָר קאָנען, און איך וועל צו־שלעפּן בײַ דער מומען אַלע שליסלען. אין דער נאָענטסטער פינצטערער נאַכט וועלן מיר אַ פּרוּוו טאָן עפענען אָט די טיר. און דו פאַרגעס ניט נאָכשפּירן נאָך אינדזשען דזשאָען, אויב ער וועט זיך באַווײַזן אין שטאָט — דו געדענקסט, ער האָט דאָך גע־זאָגט, אַז ער וועט קומען אַ קוק טאָן, צי ס׳איז אַצינד אַ פּאַסיקע צײַט פאַר נעקאָמע־נעמען. ווי נאָר דו וועסט אים דערזען, גיי אים נאָך, — אויב ער וועט ניט אַרײַנגיין אין נומער 2, האָבן מיר, הייסט עס, ניט געטראָפן.

— גאָטעניו! וויאַזוי־זשע וועל איך נאָכגיין נאָך אים איינער אַליין? איך האָב מורא.

— ס׳וועט דאָך זײַן באַנאַכט. ער וועט, מעגלעך, דיך אַפילע ניט דערזען, — אויב ער וועט דיך אַפילע דערזען, וועט ער גאָר־ניט ניט מיינען.

— נו, אויב ס׳רעדט זיך וועגן אַ פינצטערער נאַכט, בין איך מאַסקים. איך וועל אַ פּרוּוו טאָן...

— נו, אויב די נאַכט וועט זײַן אַ פינצטערע, וועל איך אויך

נאָכגיין נאָך אים, העק. ער קאָן נאָך דערוויסן זיך דאָס, וואָס ער באַדאַרף, און מאַכן די פּלייטע איינייגעם מיטן געלט!

— עמעס, טאָם, עמעס! איך וועל נאָכגיין נאָך אים, נאָכגיין!

— נו, אָט דאָס איז גוט! דו זע, לאָז אים נאָר ניט דורך, איך וועל מיַינס טאָן, ווי ס'דאַרף צו זיַין.

קאַפּיטל 29.

טאָם און העק האָבן באַשלאָסן א פּרוּוו טאָן טאַקע אין דעם זעלבן אָפּדערנאַכט. ביז ניַין אַזייגער האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם איַינפאָר־הויז, איינער — נאָכשפּירנדיק נאָך דער אַריַינגאַנג־טיר, דער צווייטער — פונדערוויַיטנס נאָך דער טיר, וואָס גייט אַרויס אין ליקל. אין ליקל האָט זיך קיינער ניט באַוויזן. קיין איין מענטש, וואָס זאָל ענלעך זיַין אויפן שפּאַניער, איז ניט אַריַינגעגאַנגען אין איַינפאָר־הויז און ניט אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטן. די נאַכט האָט געזאָלט זיַין א לויטערע, און טאָם איז אַוועק אַהיים. ער האָט אויסגענומען מיטן כאַווער, אַז אויב ס'וועט פינצטער ווערן, וועט ער, העק, צוקומען הינטערן פענצטער און א מיאַוקע טאָן. דעמאָלט וועט טאָם אַרויסקריכן דורכן פענצטער, און זיי וועלן ביידע גיין פּרוּוון די שליסל. נאָר די נאַכט איז געווען א לעוואָנע־נאַכט, און נאָך צוועלף אַזייגער האָט העק פאַרלאָזט זיַין וואַך־פּונקט און איז אַריַינגעקראָכן שלאָפן אין א ליידיק צוקער־פעסל, וואָס האָט אים געדינט פאַר א נאַכטלעגער.

דינסטיק האָט די ייִנגלעך ווידעראַמאָל ניט אָפּגעגליקט. מיטוואָך — אויך דאָס זעלבע. ערשט דאָנערשטיק האָט די נאַכט געזאָלט זיַין א פינצטערע. טאָם איז באַציַיטנס אַנטלאָפן שטילערהייט פון דערהיים, פאַרכאַפּנדיק מיט זיך דער מומעס אַן אַלטן בלעכענעם לאַמטערן און א גרויסן האַנטעך אָפּ איַינצודעקן דעם לאַמטערן.

דעם לאַמטערן האָט ער באַהאַלטן אין פּעסל, אין וועלכן העק האָט געגעכטיקט. און ביידע האָבן גענומען נאָכשפּירן. אַרום עלף אַזייגער האָט מען דעם אייַנפאָר־הויז פאַרמאַכט און אויסגעלאָשן אינעווייניק אַלע פייַערן — אין די איבעריקע הייַזער האָט זיך שוין פונלאַנג די שייַן אויסגעלאָשן. דער שפּאַניער איז אַלץ ניט געקומען — די אומשטענדן זייַנען זייער פּאַסיקע געווען. די נאַכט איז געווען אַ שטאָק־פינצטערע. בלויז אַ ווייַטער דונער האָט פון צייַט צו צייַט געשטערט די טויט־שטילקייַט.

טאָם האָט אַרויסגענומען דעם לאַמטערן, האָט אים אָנגעצונדן, ניט אַרויסנעמענדיק אים פון פּעסל, האָט אים דערנאָך פעסט אַרומגעוויקלט מיט אַ האַנטעך, און אונדזערע העלדן האָבן אין דער פינצטער זיך אונטערגעגאַנוועט צום אייַנפאָר־הויז. העק האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַכן באַם אַרייַנגאַנג, און טאָם האָט גענומען רוקן זיך אין ליקל אַרייַן. ס׳איז אָנגעקומען אַ שווערע דערוואַרטונגפולע שטילקייַט, וועלכע האָט זייער געדריקט העקן. ער האָט שוין אָנגעהויבן כּיישעק האָבן, אַז אין דער פינצטערניש זאָל פאַר אים אַ בליץ טאָן די שייַן פון לאַמטערן. דאָס וואָלט אים דערשראָקן, אָבער ס׳וואָלט, יעדנפאַלס, געדינט אַלס באַווייַז, אַז טאָם לעבט נאָך.

זינט טאָם איז אַוועק, זייַנען דורך, דאַכט זיך, עטלעכע שעה. ער איז, מיסטאָמע, אין כאַלאַשעס דאָרט אומגעפאַלן — האָט געטראַכט העק. עפּשער איז ער גאָר אַפילע געשטאָרבן, עפּשער האָט דאָס האַרץ בא אים געפּלאַצט, ניט אויסהאַלטנדיק די שרעק און די אויפגערעגטקייַט. באַאומרויִקנדיק זיך, האָט העק זיך גערוקט אַלץ נעענטער און נעענטער צום ליקל, — ער האָט זיך פאָרגעשטעלט קאָלערליי שרעק און האָט אַלע רעגע געריכט זיך אָפּ אַ קאַטאַסטראָפע. ער האָט קאַם געאָטעמט, דאָס האַרץ האָט בא אים אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז ער האָט מוירע געהאַט, סע זאָל ניט קלאַפּירן. פּלוצעם האָט אַ שייַן אַ בליץ געגעבן, און פאַרביי העקן האָט דורכגעיאָגט טאָם.

— לויפ! — האָט ער א שעפּטשע געטאָן. — לויפ, ראַטעווע זיך!

איבערכאַזערן האָט ער ניט באַדאַרפט... איידער טאָם האָט באַוויזן צו ענדיקן די פּראַזע, האָט שוין העק געיאָגט מיט דער גיכקייט פון א ווינט. די יינגלעך האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט, ביז־וואַנען זיי זיינען ניט דערלאָפן צו דעם פארלאָזטן שעכטהויז אין צווייטן עק שטאָט. ניט באַוויזן האָבן זיי צו באַהאַלטן זיך אונטערן דעכל, ווי ס'האָט זיך צעווילדעוועט א שטורעם און ס'האָט גע־נומען שמייסן א גאָס־רעגן. אז טאָם האָט אַביסל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— אָך, העק, ווי שרעקלעך ס'איז געווען! איך האָב אויסגע־פּרוּווט צוויי שליסלען, געמיט זיך טאָן עס וואָס שטילער, נאָר זיי האָבן אזוי געטרישטשעט, אז כ'האָב קאַם געאָטעמט פאַר שרעק, — זיי האָבן בעשומויפן ניט געוואָלט דרייען זיך אין שלאָס. נאָר פּלוצעם האָב איך, אליין ניט באַמערקנדיק עס, א קוועטש געטאָן דאָס הענטל פון דער טיר, און די טיר האָט זיך אופגעעפנט. זי איז געווען ניט פאַרשלאָסן. איך בין אופגעשפּרונגען, האָב אַראָפּ־געוואָרפן דעם האַנטעך און... אָ, גאָטעניו!

— איז וואָס? וואָס האָסטו דערזען, טאָם?

— העק! איך האָב זיך שיר ניט אַריינגעפּאַקט אין אינדזשענ דזשאָס הענט אַריין.

— וואָס רעדסטו?

— נו, יאָ. ער איז געלעגן אַפן דיל און איז געשמאַק גע־שלאָפן, מיט צעשליידערטע הענט, אַפן אויג זיינעם, ווי שטענ־דיק, א פלאַסטער.

— גאָטעניו, איז וואָס האָסטו געטאָן, ער האָט זיך אופגעכאַפּט?

— ניין, ער האָט זיך אפילע קיין ריר ניט געטאָן. זעט אויס, שיקער איז ער. איך האָב א כאַפּ געטאָן דעם האַנטעך און בין אַוועק פייל פון בויגן!

— אָט, איך וואָלט איך אזא רעגע ניט דערמאנט זיך אין האנטעך.

— נו, איך האָב זיך דערמאנט. ווען דער האנטעך וואָלט פארפאלן ווערן, וואָלט עס מיר ארייַנגעפלויגן פון דער מומען!

— הער נאָר, טאָמ, און דאָס קעסטל האָסטו געזען?

— נו, וואָס רעדסטו! כ'האָב טאקע געהאט צייַט א קוק צו טאָן! כ'האָב גאָרניט ניט געזען, — ניט דאָס קעסטל, ניט דעם צייכעם, גאָרניט, — אכוץ א פלאש און א בלעכן קווערטל אפן דיל, לעבן אינדזשען דזשאָ. און כוץ דעם, האָב איך נאָך געזען אין צימער צוויי פעסלעך און אָן א שיר פלעשער. איצט פארשטייסטו שוין, ס'ארא „רוכעס" ווינען דאָרט.

— הער נאָר, טאָמ, איצט איז פונקט די פאסיקסטע צייַט צו־צונעמען דאָס קעסטל, — אינדזשען דזשאָ ליגט דאָך שיקער, זאָגסטו.

— נו, איז וואָס? אנו, גיי, פּרוּוו!

העק האָט א פלאטער געטאָן.

— ניין, איך וויל ניט.

— איך וויל אויך ניט, העק. איין פלאש לעבן אינדזשען דזשאָ איז קארג. ווען ס'וואָלטן דאָרט געווען דרייַ, דעמלט וואָלט מען עפשער געמעגט...

א לאנגע פויזע, דערנאָך האָט טאָמ א זאָג געגעבן:

— ווייסט וואָס, העק? לאָמיר זיך ניט פּרוּוון, ביז מירן ניט דערוויסן זיך אפ געוויס, אז דער אינדיִאנער איז ניטאָ אינעם צימער. אגיט איז מעסוקן שרעקלעך. אויב מירן וואכן יעדער נאכט, וועלן מיר דאָך אמאָל דערזען, ווי ער וועט ארויסגיין, און דעמלט וועלן מיר בליצשנעל אוועקשלעפן דאָס קעסטל, און אהיים!

— געמאכט, כ'בין מאסקים. איך בין גרייט וואכן אפילע א גאנצע נאכט ביז אינדערפרי און אלע נעכט, נאָר דו נעם שוין אפ זיך דאָס איבעריקע.

— איך בין אויך מאסקימ. דו לויפ דורך דורך אונדזער גאס און גיב א מיאוקע. אויב איך וועל ניט טייקעפ ארויסקריכנ, גיב א וואָרפ זאמד אינ פענצטער אריַינ, וועל איך זיך אופכאפּנ.

— זע־זשע, מיר האָבנ אָפּגערעדט!

— נו, העק, איצט איז דער געוויטער פארביַי,— וועל איך לויפנ אהיימ. איצט איז שוינ ביז באגינענ ניט וויַיט — סאכאקל א שאָ צוויי. דו וועסט דאָך דערוויַיל אביסל וואכנ, — געמאכט?

— איך האָב שוינ געזאָגט, טאָמ, אז איך בינ גרייט. איך בינ גרייט א גאנצ יאָר ארומצודרייענ זיך באנאכט ארומ דעמ איַינפאָר־הויז. באטאָג וועל איך שלאָפנ, אונ באנאכט וואכנ.

— דאָס איז וויל. איז ווו־זשע וועסטו שלאָפנ?

— אפנ היי־הויפנ בא בענ ראָדזשערס. ער לאָזט מיך אריַינ. זייער נעגער, דער פעטער דזשעק, יאָגט מיך אויך ניט, איך ברענג וואסער דזשעקנ, אז ער שיקט מיך. אָפט, אז איך בעט אימ, גיט ער מיר אויך עפּעס עסנ, אויב ער האָט נאָר. ער איז זייער א גוטער, טאָמ. ער האָט מיך ליב, וויַיל איך האלט זיך ניט גרויס קעגנ אימ. אמאָל זעצ איך זיך צו צו אימ אונ כ'עס מיט אימ פונ איינ טעלער. זאָלסט נאָר קיינעמ ניט אויסזאָגנ. אז מע איז הונגעריק — מוז מענ אלצ טאָנ!

— גוט, העק. אויב כ'וועל דיך ניט באדארפנ באטאָג, וועל איך דיך ניט באומרויִקנ. איך וועל דיך אופוועקנ נאָר דעמלט, ווענ ס'וועט זיַינ נייטיק. אויב דו וועסט באנאכט עפּעס באמערקנ, לויפ טייקעפ צו מיַינ פענצטער אונ גיב א מיאוקע...

## קאפּיטל 30.

דאָס ערשטע, וואָס טאָמ האָט דערהערט פריַיטיק אינדערפרי, איז געווענ דאָס פרייַלעכע נייַעס — דעמ ריכטער טעטשערס פאמיליע

האָט זיך נעכטן אפדערנאכט אומגעקערט אין שטאָט אַריַין. אפ א שטיק צייַט איז דער מעטיס און דער אויצער אָפּגעטראָטן בא טאָמען אפן צווייטן פלאן — דאָס ערשטע אָרט האָט אין זייַנע גע־דאנקען פארנומען בעקי. זיי האָבן זיך באגעגנט און האָבן „שרעקלעך״ פרייַלעך פארבראכט די צייַט, שפּילנדיק זיך אין קאָלערליי שפּילן צוזאמען מיט די איבעריקע שילער. פארענדיקט האָט זיך דער טאָג באזונדערס אנגענעם: בעקי האָט זיך אזוי צוגעטשעפּעט צו איר מוטער, בעטנדיק צו באשטימען אפ מאָרגן דעם לאנג שוין צוגעזאָגטן פּיקניק, אז די מוטער האָט, סאָפּקאָלסאָפּ, מאסקים גע־ווען. דאָס מיידעלע איז ביז דער סטעליע געשפּרונגען פאר פרייד, טאָם האָט זיך אויך זייער גליקלעך געפילט. ביז זון־פארגאנג זייַנען שוין אלע איַינלאדונגען צעשיקט געווען, און יונגווארג האָט זיך פיבערדיק־אופגערעגט געגרייט צום יאָנטעוו. טאָם האָט פון אופגערעגטקייַט לאנג ניט געקענט איַינשלאָפן און האָט אלץ גע־האָפט, אז אָט־אָט וועט העק א מיאוקע טאָן אונטערן פענצטער, און אפן צווייטן טאָג וועט ער, טאָם, איבעראשן מיט זייַן רייַכ־קייַט בעקין און אלע אָנטיילנעמער פונעם פּיקניק. אָבער אומזיסט: אין אָט דער נאכט האָט זיך דער סיגנאל ניט געלאָזט הערן.

אינדערפרי, ארום זייגער עלף, האָט א פרייַלעכער ראשיקער אוילעם זיך פארזאמלט באַם ריכטער. אלע צוגרייטונגען זייַנען פארטיק געווען. די דערוואקסענע האָבן געהאלטן, אז זיי דארפן ניט בייַזייַן אפ אזעלכע מינים פּיקניקן, — קעדיי ניט שטערן די קינדער. זיי האָבן געהאלטן, אז די קינדער וועלן זייַן אינגאנצן באשיצט אונטערן אופזיכט פון עטלעכע אכצניאָריקע פרייַלנס און עטלעכע צוואנציקיאָריקע יונגעלייַט. אפ אריבערפאָרן איבערן טייַך האָט מען געדונגען דעם אלטן דאמפּ־פּאראָם, און אינגיכן האָט זיך דער גאנצער אוילעם ראשיק א לאָז געטאָן איבער דער גאס, אָנגעלאָדן מיט שפּייַז־קוישן. סיד איז געווען קראנק און האָט

געמוזט אָפּזאָגן זיך פֿון דעם פֿארגעניגן. מעדי איז פֿארבליבן אינדערהיים, קעדיי ס׳זאָל סידן ניט זײַן לאנגווײַליק צו זײַן אליין. באם געזעגענען זיך האָט מיסיס טעטשער געזאָגט צו בעקין:

— דו וועסט זיך אומקערן שפּעט, וואָלט עפּשער בעסער געווען, דו זאָלסט נעכטיקן באַ איינער פֿון די כאַווערטעס, וואָס ווינען נעענטער צום פּאראָם?

— יאָ, מאמע, אויב אזוי, וועל איך נעכטיקן באַ סיוזי גארפּער.

— גוט, קינד מײַנס, זײַ א קלוג מיידעלע און פֿיר זיך, ווי ס׳דארף צו זײַן, — דערעס קיינעם ניט.

אז זיי זײַנען ארויסגעגאנגען, האָט טאָם געזאָגט צו בעקין:

— הער נאָר, ווייסט וואָס, מירן טאָן? אָנשטאָט צו גיין צו די גארפּערס, וועלן מיר זיך ארופֿדראפּען אפֿן בארג און איבערנעכטיקן באַ דער אלמאָנע דוגלאס, באַ איר איז דאָ געפֿרוירנס, באַ איר איז יעדן טאָג פֿאראן געפֿרוירנס אָן א שיר! זי וועט זייער צופֿרידן זײַן מיט אונדזער קומען. אָט וועט עס פֿריילעך זײַן!

בעקי האָט א רעגע פֿארטראכט זיך און האָט געענטפֿערט:

— און וואָס וועט זאָגן די מאמע?

— און פֿונוואנען וועט זיך די מאמע דערוויסן?

דאָס מיידעלע האָט זיך ווידער פֿארטראכט און האָט ניט־אנטשלאָסן געזאָגט:

— דאָס איז ניט פֿײַן, נאָר...

— נו, וואָס „נאָר?‟ נארישקײַטן! דײַן מאמע וועט זיך ניט דערוויסן. און וואָס איז דערין דען שלעכטס פֿאראן? זי דארף דאָך נאָר וויסן, אז דיר דראָט ניט קיין געפֿאר. זי וואָלט דיך אליין געשיקט אהין, ווען ס׳וואָלט איר געקומען אפֿן זינען, אוודע!

דער אלמאָנע דוגלאס גאסטפֿרײַנטלעכקײַט איז באַרימט געווען. דער געדאנק וועגן געפֿרוירנס און טאָמס אײַנטײַנען האָבן

בײַגעקומענ דעמ מײדעלעס קװענקלענ זיך. די קינדער האָבנ באַ־
שלאָסנ קײנעמ ניט אױסזאָגנ פונ זײער פּלאַנ.

אָבער דערנאָך איז טאָמענ אײַנגעפאלנ: אונ טאָמער גיט העק
פונקט הײַנט באנאכט דעמ סיגנאל? דער דאָזיקער געדאנק האָט
היפּש אָפּגעקילט טאָמס היספּײַלעס. נאָר דאָך אָפּזאָגנ זיך פונעמ
געדאנק א נאש צו טאָנ געפּרוּװרנס בא דער אלמאָנע דוגלאס —
האָט ער ניט געקענט. „פארװאָס טאקע אָפּזאָגנ זיך דערפונ?" —
האָט ער געשמועסט מיט זיך אלײנ. — „נעכטנ איז דער סיגנאל
ניט געװענ, פארװאָס־זשע װעט ער אומבאדינגט הײַנט זײַנ?" דער
כײשעק פרײלעך צו פארברענגענ דעמ אפּדערנאכט האָט באזיגט
די ניט־פעסטע האָפענונג צו קריגנ דעמ אוצער, אונ טאָמ האָט
באשלאָסנ אלע געדאנקענ װענג קעסטל מיט געלט אָפּלײגנ ביז
מאָרגנ.

דרײַ מײַל די װײַט פונ שטעטל, שטראָמ־אראָפּ, האָט זיך דער
פּאראָמ אָפּגעשטעלט באמ ארײַנגאנג אינ א װאלדיקנ טאָל אונ
איז צו צומ ברעג. דער אױלעמ האָט זיך א לאָז געטאָנ אפנ
ברעג ארױס, אונ אינגיכנ האָבנ זיך די װאלד־װײַטנ אונ די פעלדזנ
צעהילכט מיט קלינגענדיקנ געלעכטער אונ מיט געשרײענ. ס׳זײַ־
נענ אױסגעפּרוּװט געװאָרנ אלע מיטלענ אפ צו צעהיצנ זיך אונ
מיד װערנ. ענדלעך, האָבנ זיך די קינדער אומגעקערט אינ לאגער
ארײַנ מיט היפּשנ אפּעטיט אונ האָבנ גענומענ ארײַנשלינגענ די
געשמאקע מײַכאָלימ. נאָכנ מאָלצײַט האָבנ זיך אלע אװעקגעזעצט
אָפּרוענ אונ פּלאפּלענ אינ שאָטנ פונ די געדיכטע בײמער. שפּע־
טער אביסל האָט עמעצער א געשרײ געטאָנ:

— װער װיל אינ הײל ארײַנ?

אלעמענ האָט זיך פארגלוסט אינ הײל ארײַנ. מ׳האָט געקראָגנ
א בינטל שליסלענ אונ מ׳האָט גענומענ דראפּענ זיך אפנ בארג
ארופ. דער אָנהײב הײל האָט זיך געפונענ הויך אפנ שפּיצ בערגל.

די מאסיווע דעמבענע טיר פֿון דער הייל איז ניט פֿארשלאָסן גע־ווען. אינעווייניק איז געווען א קליינע קאמער, א קאַלטס, ווי אַן אײַז־קעלער, באַדעקט מיט פֿעסטן קאַלך, פֿון וועלכן ס׳רינט פֿײַכטקײַט, אזויווי טוי. עפּעס סוידעסדיקס איז געווען אין אָט דער הייל. ס׳איז מאָדנע שוידערלעך געווען צו שטיין אין דער געדיכטער פֿינצטערניש און קוקן צו דעם גרינעם טאָל, וואָס איז פֿארפֿלייצט מיט זון. אינגיכן אָבער איז דער אײַנדרוק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און דער אוילעם האָט זיך ווידער צעראַנט. ווי נאָר עמעצער פֿונעם אוילעם פֿלעג אָנצינדן א ליכט, פֿלעגן אַלע ארופֿ־וואלגערן זיך אף אים, יענער פֿלעג זיך ווערן, ס׳פֿלעג זיך אָנ־הייבן א געראַנגל, דערנאָך פֿלעג עמעצער פֿארלעשן אָדער ארויס־שלאָגן פֿון די הענט דאָס ליכט, און ווידער פֿלעג זיך אין דער פֿינצטערניש צעהילכן א פֿריילעכער געלעכטער און ווילדע טומ־לעניש. נאָר צו אַלץ אף דער וועלט נעמט א סאָף. די קינדער זײַנען ביסלעכווײַז שטילער געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן אראָפּ־לאָזן זיך איינער נאָכן אנדערן מיט דעם באַרגיקן הויפּט־דורכ־גאנג. בא דער פֿלאַטערנדיקער שײַן פֿון די ליכט האָט מען גע־פֿלדיק געזען שטיינערנע ווענט, די הייך ביז זעכציק פֿוט, קימאַט ביזן אָרט, וווּ זיי גייען זיך צונויף מיט דער „סטעליע”. אין דער ברייט האָט דער הויפּט־דורכגאנג געהאַלטן ניט מער, ווי אכט־צען פֿוט. אף יעדער שפּאַן האָבן מיטן הויפּט־דורכגאנג באַהעפֿט זיך פֿון ביידע זײַטן נאָך אנדערע ענגערע דורכגענג, — די הייל איז געווען א מין גרויסער לאַבירינט פֿון געדרייטע און קרומע קאָרידאָרן, וואָס גייען זיך צונויף און גייען זיך ווידער פֿאַנאַנדער, נאָר האָבן ניט קיין ארויסגאנג. מ׳האָט גערעדט, אז אין אָט דעם פּלאָנטער פֿון שפּאַלטן און לעכער האָט מען געקאָנט ארומבלאָנקען טעג און נעכט און קיינמאָל ניט ארויסקומען פֿון הייל. מ׳האָט גע־רעדט, אז די הייל לאָזט זיך אראָפּ אַלץ נידעריקער און נידעריי־

קער. און אומעטום איז איינס און דאָס זעלבע — איין לאַבירינט אונטער דעם אנדערן, אָן א סאָף און אָן א ברעג. קיין איין מענטש האָט ניט געקענט באַרימען זיך, אז ער „קען“ די הייל. קענען זי איז אומעגלעך געווען. די מערהייט יונגווארג האָט גע־האַט אויסגעפאָרשט נאָר א טייל פון איר, און ווייטער פון אָט דעם באַוווסטן אָרט פלעג מען געוויינלעך ניט גיין. טאָמ סאָיער האָט געקענט די הייל ניט ערגער און ניט בעסער, ווי אנדערע.

די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען אַנערעך דריי פערטל מייל איבערן הויפּט־דורכגאַנג, און דערנאָך האָט זי זיך צעטיילט אַף פּאָרן און גרופּעס. די פּאָרן און גרופּעס האָבן פאַרקערעוועט אין זייטיקע דורכגענג, האָבן אַרומגעדרייט זיך אין די זייטיקע קאָרי־דאָרן, פלעגן אומגעריכט אָנשטויסן זיך איינס אַפן אנדערן דאָרט, ווו די קאָרידאָרן האָבן זיך באַהעפט אַף ווידער פאַנאַנדערגיין זיך. דאָ האָט מען געקענט פאַרלירן איינער דעם אנדערן פון אויג, ניט אַריבערגייענדיק די גרענעצן פון דעם אַלעמען באַוווסטן טייל פון הייל.

ביסלעכווייז זיינען די גרופּעס איינע נאָך דער אנדערער אַרויסגעקראָכן פון הייל, פאַרפּאַליעטע, פריילעכע, באַטריפט פון פוס ביז קאָפּ מיט וואַקס, אויסגעשמירט מיט ליים און אַנטציקט פונעם געלונגענעם שפּאַציר. אַלע האָבן זיך געכידעשט דערוף, וואָס זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די צייט איז אַוועק, און דערויף, וואָס אינדרויסן איז שוין אָוונט. אַפן פּאַראָם האָט מען שוין א האַלבע שאָ געהאַלטן אין איין קלינגען, רופנדיק די פּאַסאַזשירן צוריק. אז דער פּאַראָם האָט, אָנגעלאָדן מיט פריילעכע אוילעם, געריררט פון ברעג, האָט קיינער, חוץ קאַפּיטאַן, אַף א האָר ניט באַדויערט די פאַרלוירענע צייט.

העק איז שוין געשטאַנען אַף דער וואַך, ווען די פּאַראָם־פייערן האָבן דורכגעפינקלט פאַרביי דעם ברעג לעבן שטעטל.

פון פאראָם האָט זיך קיין געררייד ניט געלאָזט הערן: די יונגוואַרג איז שטיל געוואָרן, זי איז טויט־מיד געווען. העק האָט זיך אַביסל פאַרכידעשט: וואָס איז עס פאַר אַ שיפל און פאַרוואָס שטעלט עס זיך ניט אָפּ לעבן ברעג? נאָר ער האָט באַלד פאַרגעסן אין דעם און האָט קאָנצענטרירט זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף זײַן וויכטיקער אויפגאַבע. ס'האָט געקלאַפּט צען אַזייגער, און די פורן האָבן אויפגעהערט טראַכקען. די פײַערלעך אַרום האָבן זיך איינס נאָכן אַנדערן אויסגעלאָשן, אַלע דורכגייער זײַנען ערגעץ־וווּהין פאַרשוווּנדן געוואָרן, דאָס שטעטל האָט געטומען דרימלען, און דער קליינער וועכטער איז געבליבן איינער אַליין מיט דער שטילקייט און מיט די געשפּענסטער. עלף אַזייגער האָט זיך אויך אין אײַנפאָר־הויז אויסגעלאָשן די שײַן. אַצינד איז אומעטום געווען פינצטער. העק האָט געוואַרט, ווי ס'האָט זיך אים געדאַכט, זייער לאַנג, נאָר ס'האָט גאָרניט געטראָפן. זײַן גלויבן אינעם דערפאָלג פון זײַנס און טאָמס אונטערנעמונג האָט גענומען אַלץ שוואַכער ווערן. צוליב וואָס דאַרף מען עס, אָט דאָס אַלץ? כ'לוינט דען וואָכן? איז דען ניט בעסער אַרײַנקריכן אַפּ נאַכט אין פּעסל אַרײַן?

אין אָט דער רעגע האָט ער דערהערט אַ לײַכטן רויש און האָט טייקעף אָנגעשפּיצט די אויערן. די טיר, וואָס איז אַרויס־געגאַנגען אין ליקל אַרויס, האָט זיך שטיל פאַרהאַקט. העק האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום ווינקל פון דער שטיינערנער קאַמער. אין אַ מינוט אַרום זײַנען דורך אים דורכגעלאָפן צוויי מענטשישע פיגורן: באַ איינעם פון זיי איז עפּעס געלעגן אונטער דער פאַכ־ווע — געוויס, דאָס קעסטל! איז טראָגן זיי, הייסט עס, אַוועק דעם אוצער! וואָס־זשע טוט מען? אַ רוף טאָן טאָמען? צוליב וואָס? ס'וואָלט דאָך לעפּיש געווען: ביז ער וועט דערלויפן צו אים, וועלן די צוויי אַוועק אינאיינעם מיטן קעסטל — גיי זוך זיי דער־

נאָך! ניין, ער וועט גיין, העק, נאָך זיי און וועט זיי נאָכשפּירן, אין אזא פינצטערניש וועלן זיי אים דען דערקענען? טײַנענדיק אזוי מיט זיך אליין, איז העק ארויס פון לאָקער און האָט, גאנץ־וועגענדיק זיך, ווי א קאַץ, געלאָזט זיך גיין נאָך די אויסוואורפן, שטיל־שטיל טרעטנדיק מיט די באָרוועסע פיס און האלטנדיק זיך פונדערווײַטנס אף אזא שטרעקע, אז זיי זאָלן ניט קאָנען פאַרשווונדן ווערן אומבאמערקטערהייט.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער גאס, וואָס לעבן ברעג טײַך, דערנאָך האָבן זיי פאַרקערעוועט אין א זײַטיקער גאס און זײַנען געגאנגען גלײַך, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צום שטעגל, וואָס פירט אף קארדיפ־כיל. מיט אָט דעם שטעגל האָבן זיי זיך געלאָזט ווײַטער גיין. זיי זײַנען, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, פאַרבײַגעגאנגען לעבן דעם אלטן דזשאָנס שטיבל, וואָס שטייט אפן שפּיץ בערגל, אין סאמע מיט פון וועג, און האָבן גענומען דראפּען זיך ארויפצו. „אהא!" — האָט א טראכט געטאָן העק. — „זיי ווילן פאַרגראָבן דאָס קעסטל אין די אלטע שטיינגריבער". אָבער זיי האָבן זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט לעם די שטיינגריבער, זיי האָבן געשפּאנט ווײַטער, צום שפּיץ־צו. דערנאָך האָבן זיי פאַרקערעוועט אף א סטעזשקעלע ווײַטער, וואָס האָט זיך געדרייט צווישן געדיכטע קוסטן, און זײַנען מיטאמאָל פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינצטערניש. העק האָט גענומען מאכן ברייטערע שפּאַן, קעדיי אָניאָגן זיי, ווײַל זען אים וואָלטן זיי סײַוויסײַ ניט געקאָנט. א שטיק צײַט איז העק קימאט ווי געלאָפן, דערנאָך האָט ער גענומען גיין שטילער, מוירע האָבנדיק אריבערצויאָגן זיי. מיט עטלעכע שפּאַן ווײַטער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אײַנהערנדיק זיך. קיין איין קלאנג הערט זיך ניט. העק האָט געהערט בלויז דאָס קלאַפּן פון זײַן אייגן הארץ. פון בערגל האָט זיך פלוצעם דערטראָגן דאָס ווילדע הוקען פון א נאכטפויגל, קיין טריט האָט מען ניט גע־

הערט. גאָטעניו, געשיקט זיך, אז אַלץ איז פארפאלן? העק האָט שוין געוואָלט אוועקגיין, נאָר פּלוצעם האָט עמעצער גענומען הוסטן א שפּאַן צוויי די ווײַט פון אים. העקן האָט זיך א רעגע געדאַכט, אז דאָס הארץ זײַנס איז אים אראָפּגעשפּרונגען אין האלדז אַרײַן, אָבער ער האָט עס טייקעף אײַנגעשלונגען צוריק און איז געבליבן שטיין — ער האָט זיך געטרייסלט מיטן גאנצן קערפּער, ווי ס'וואָלט אים באַפאלן א טוץ פיבערס מיטאמאָל. ער האָט געפילט אזא שלאַבעריקײַט, אז ס'האָט זיך אים געדאַכט, אָט־אָט באלד וועט ער אומפאלן. ער האָט דערקענט דאָס אָרט. ער איז געשטאַנען פינף שפּאַן די ווײַט פונעם פּארקן, וואָס צוימט ארום דער אַלמאָנע דוגלאַס גוט.

— זייער ווויל, — האָט ער א טראַכט געטאָן, — זאָלן זיי דאָ פארגראָבן, ס'וועט, יעדנפאלס, ניט לאַנג אויסקומען צו זוכן.

דערנאָך האָט אינדזשען דזשאָס קאָל שטיל, קאַם צו הערן, א זאָג געגעבן:

— ווייסט זי דער טײַוול! דאַכט זיך, געסט געפינען זיך איצט בא איר, — ס'לײַכט זיך דאָרטן, כאָטש ס'איז שוין שפּעט.

— ווו זעסטו דען א שײַן? איך זע ניט.

דאָס צווייטע קאָל איז געווען דעם מעטיס כאַווערס — דעם אומבאַקאַנטנס פונעם פּארקישעפּטן הויז. אַן אײַזיקע קעלט איז אַדורך איבער העקס לײַב. איז אָט אין וועמען זיי האָבן פארטראַכט זיך נויקעמען צו זײַן! דער ערשטער געדאַנק זײַנער איז געווען — אַנטלויפן. דערנאָך האָט ער זיך דערמאַנט, אז די אַלמאָנע דוגלאַס איז ניט איינמאָל זייער גוט געווען צו אים און אז די דאָזיקע פארשוינען האָבן, מעגלעך, פארטראַכט צו דערהארגענען זי. ס'האָט אים באַנק געטאָן, וואָס ס'קלעקט אים ניט קיין מוט איר צו וויסן געבן, אָבער געוווּסט האָט ער, אז מוט וועט אים דערויף ניט קלעקן: און טאָמער פאַקן זיי אים? אָט דאָס אַלץ איז

דורכגעפלויגן אין זײַן מויעך, איידער דער מעטיס האָט באַוויזן אָפּצוענטפערן:

— די קושטשעס פאַרשטעלן דיר די שײַן. גיב זיך אַ רוק אַהער, אָט אַזוי, — אַצינד זעסטו?

— יאָ, זעט אויס, ס׳זיצן בײַ איר געסט. עפּשער וואָלט בע־סער געווען, מיר זאָלן וואַרפן די גאַנצע אַרבעט?

— וואַרפן דעמלט, ווען כ׳וויל אויף אייביק פאַרלאָזן אָט דעם קאַנט! וואַרפן, בייס אַזאַ פּאַסיקער פאַל וועט שוין, מעגלעך, קיינמאָל מער ניט טרעפן! איך כאַזער דיר איבער נאָכאַמאָל: דאָס געלט אירס באַדאַרף איך ניט — קאָנסט עס זיך נעמען. אָבער איר מאַן האָט מיך באַליידיקט, אַסאַך מאָל באַליידיקט. ער איז געווען פרידנס־ריכטער און האָט מיך ניט איינמאָל אײַנגעזעצט אין טורמע. דאָס איז נאָך ניט אַלץ! דאָס איז ערשט אַ מיליאָנ־קיילעך פון דער באַליידיקונג! ער האָט באַפוילן, מע זאָל מיר געבן שמיץ אין טורמע־הויף, ווי מע שמײַסט אַ נעגער. די גאַנצע שטאָט האָט געקוקט! שמיץ! דו פאַרשטייסט? צום גליק זײַנעם, איז ער געשטאָרבן, אָבער איך וועל זיך אָפּרעכענען מיט איר!

— אָ, הארגע זי ניט! מע דאַרף ניט!

— הארגענען זי? איך האָב דען געזאָגט, אַז איך וועל זי הארגענען? איך וואָלט אים געהארגעט, ווען ער זאָל דאָ זײַן, ניט זי. אַז מע וויל זיך נוקעמען זײַן אין אַ פרוי, איז הארגעט מען זי ניט — אַקעגן וואָס? געוווג איז צעקאַליעטשען איר דאָס פּאָנעם, צעקלאַפּן די נאָז, אָפּשנײַדן איר די אויערן, ווי אַ כאַזער...

— גאָט באַהיט, דאָס איז...

— רעד בעסער ניט! ס׳וועט זײַן געזינטער פאַר דיר! איך וועל זי צובינדן צום בעט. און אויב זי וועט אָפּגיין מיט בלוט, וועט עס דען זײַן מײַן שולד? איך וועל זיך ניט צעוויינען, אויב זי וועט פּייגערן. און דו, גוטער פרײַנט, וועסט מיר פרײַנטלעך

מיטהעלפֿן, — צוליב דעם ביסטו דאָך געקומען אהער. אליין וועל איך געוויס ניט קאָנען אויסקומען. אויב דו וועסט זײַן א פּאכדן, וועל איך דיך הארגענען, — פֿארשטאנען? און אויב כ׳וועל דארפֿן דיך הארגענען, וועל איך אויך זי הארגענען, — און דעמלט וועט שוין קיינער ניט דערוויסן זיך, ווער ס׳האָט דאָס געטאָן.

— נו, איז וואָס? אז געטאָן, איז געטאָן. וואָס גיכער, איז בעסער, — מיך פֿיבערט.

— וואָס? שוין? און די געסט? הער נאָר, גוטער־ברודער, דאָס איז עפּעס כאָשעדיק, — וואָס האָסטו זיך אזוי גענומען אײַלן? ניין, מירן צוווארטן, ביז מע וועט פֿארלעשן די שײַן: אײַלן האָבן מיר ניט וווהין.

העק האָט דערפֿילט, אז אצינד הייבט זיך אָן אזא שטילקײַט, וואָס איז נאָך שרעקלעכער, ווי די באראטונג פֿון אָט די מערדערס. דעריבער האָט ער פֿארטײַעט דעם אָטעם און איז אָפּגעטראָטן אפֿ א שפּאן צוריק, פֿריִער א טאפּ געבנדיק מיטן פֿוס דאָס אָרט, הוהין אוועקצושטעלן דעם פֿוס, — צוליב דעם איז אים אויסגעקומען צו באלאנסירן אפֿן צווייטן פֿוס, ריזיקירנדיק אומצופֿאלן. מיט אזא פֿאָרזיכטיקײַט און מיט אזא אײַנשטעלעניש האָט ער געמאכט נאָך א שפּאן אפֿ צוריק, דערנאָך — נאָך און נאָך. פּלוצעם האָט אונטער זײַן פֿוס א טרישטשע געטאָן א צווײַגל! ס׳האָט אים דעם אָטעם פֿארכאפּט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אײַנהערנדיק זיך. קיין קלאנג ניט, טויט־שטילקײַט. פֿול מיט אומגעהייערער דאנקבארקײַט, האָט ער זיך פֿאָרזיכטיק א דריי געטאָן אין שמאָלן דורכגאנג צווישן צוויי רייען קושטשעס, און האָט גיך, נאָר שטיל־שטיל גענומען שפּאנען ווײַטער. צוגעקומען צו די שטיינגריבער, האָט ער זיך דערפֿילט אויסער געפֿאר און האָט זיך געלאָזט לויפֿן פֿײַל־און־בויגן. ער האָט זיך געיאָגט, ווי א וויכער, בארג־אראָפּ, איז דערלאָפֿן ביז דעם אלטן דזשאָנס הויז און גענומען פּויקן מיט די

פויסטנ אינ טיר אריַינ. פונ די פענצטער האָבנ זיכ ארויסגערוקט דער קאָפּ פונעמ אלטנ פערמער אונ די קעפּ פונ זיַינע צוויי קרעפּ־טיקע יונגע זינ.

— וואָס איז עס פאר א טומל? ווער קלאפּט עס דאָרט? וואָס דארפסטו?

— לאָז מיכ אריַינ! איכ וועל אייַכ אלצ זאָגנ.

— ווער ביסטו עס?

— העקלבערי פינ. לאָזט גיכער אריַינ!

— העקלבערי פינ, — אָט האָסטו דיר א שיינע מיַיסע! ס'איז ניט אזא נאָמענ, וואָס ס'זאָלנ זיכ פאר אימ צעפּראלנ אלע טירנ. אָבער פונדעסטוועגנ, כעוורע, לאָזט אימ אריַינ. לאָמיר זענ, וואָס איז מיט אימ געשענ אזוינס.

— זיַיט אזוי גוט, דערציילט קיינעמ ניט דאָס, וואָס איכ וועל אייַכ זאָגנ, אָבער די אלמאָנע איז געוועז זייער גוט צו מיר, אונ איכ וועל אייַכ זאָגנ. איכ וועל זאָגנ, אויב איר וועט מיר צוזאָגנ קיינעמ ניט דערציילנ, אז דאָס האָב איכ...

— איכ קאָנ שווערנ, בא וואָס איר ווילט, אז ער האָט וואָס צו זאָגנ, ס'איז ניט קיינ פּוסטע מיַיסע! — האָט אויסגעשריגנ דער אלטער. — נו, באָכער, שיט ארויס, וואָס דו ווייסט, — מירנ קיינעמ ניט אויסזאָגנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ האָבנ זיכ דער אלטער אונ זיַינע זינ, גוט אָנגעוואָפּנטע, ארופּגעדראפּעט אפנ בערגל אונ האָבנ זיכ געלאָזט גיינ אפּ די שפּיצ פינגער אפנ שטעגל צווישנ די קוש־טשעס, האלטנדיק די פּיסטאָלעטנ אָנגעגרייט. העק האָט זיי צוגע־פירט ביזנ שטעגל, נאָר וויַיטער איז ער ניט געגאנגענ. ער האָט זיכ צוגעזעצט הינטער א גרויסנ שטיינ אונ האָט געוואָרט. ס'האָט זיכ געצויגנ א לאנגע, מאטערנדיקע שטומ־שוויַיגעניש. פּלוצעמ האָט זיכ דערהערט א שאָסנ־קנאלעריַי אונ געשרייענ. העק האָט ניט

גערוואָרט אפּ דער פּאָרזעצונג. ער איז אראָפּגעשפּרונגען און האָט זיך געיאָגט באַרג־אַראָפּ מיט דער גרעסטער גיכקייט, צו וועלכער זיינע פיס זיינען נאָר פעיִק געווען.

## קאַפּיטל 31.

זונטיק אינדערפרי, נאָך סאַמע באַ שאַריִען, האָט העק אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונעם אַלטן דזשאָנס. אין שטוב זיינען נאָך אַלע געשלאָפן, ס׳איז אָבער געווען יענער ציטעריקער שלאָף, פון וועלכן מע כאַפּט זיך אויף באַ דעם קלענסטן גערויש — דאָס, וואָס מע רופט: מיטן קוק, — צוליב די שרעקן, וואָס מ׳איז אויסגעשטאַנען באַנאַכט. פון פענצטער האָט מען אים אַ רוף געטאָן:

— ווער איז דאָרט?

אַ שטיל, איבערגעשראָקן קאָל האָט געענטפערט:

— זייט אַזוי גוט, לאָזט אַריין, דאָס בין איך, העק פין.

— פאַר דעם דאָזיקן נאָמען, יינגל, איז די שטוב פון אונדזער הויז שטענדיק אָפן, סיי באַטאָג, סיי באַנאַכט. קום אַריין!

מאָדנע האָבן דורכגעקלונגען די דאָזיקע ווערטער פאַרן קליינינקן שלעפער. קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געהערט אַזעלכע אָנגענעמע רייד. ער האָט אַפילו ניט געקענט זיך דערמאָנען, צי האָט עמעצער ווען ס׳ניט איז גערעדט צו אים אַזוי.

מ׳האָט אַפּגיך אויפגעשלאָסן די טיר, און העק איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק, מע האָט אים אַוועקגעזעצט, און דער אַלטער מיט זיינע זין האָבן ווייטער איילנדיק זיך אָנגעטאָן.

— נו, באָכערל מיינס, איך רעכן, אַז דו האָסט זיך פיין אויסגעהונגערט. אָבער באַ אונדז וועט דער פרישטיק פאַרטיק ווערן גיך, באַלד ווי די זון וועט אויפגיין. וועגן דעם זאָלסטו זיך

שוין גאָר ניט זאָרגן. איך מיט די קינדער האָבן זיך אפילע גע־ריכט, או דו וועסט זיך אומקערן און וועסט איבערנעכטיקן בא אונדז.

— איך האָב זיך מוירעדיק איבערגעשראָקן! — האָט געגעבן צו פארשטיין העק. — ווי נאָר איר האָט נעכטן אָנגעהויבן שיסן, האָב איך געכאפט די פיס אפ די פּלייצעס און בין געלאָפן גאנצע דריי מייל נאָכאנאנד אָן אן אָפּשטעל. און אצינד בין איך געקו־מען דערוויסן זיך, וויִאזוי איז עס אלץ פאָרגעקומען. איך בין אומיסטן געקומען פארטאָג, קעדיי ניט אָנצושטויסן זיך אפ יענע שיידים, אפילע אויב זיי זיינען שוין טויט.

— יאָ, גוטער־ברודער, דו זעסט אויס אזוי, פונקט ווי דו וואָלסט געהאט גאָרניט געשלאָפן. נישקאָשע, ס'איז ניט קיין אומגליק! אָט האָסטו א געלעגער. ווי נאָר דו וועסט אָפּעסן דיין אָנבייסן, זאָלסטו זיך גלייך לייגן שלאָפן. ניין, קליינער, צום באדויערן, זיינען זיי ניט דערהארגעט, — און דאָס פארדריסט אונדז טאקע זייער. דאָס איז פאָרגעקומען, זעכטו, אָט וויִאזוי. לויט דעם, ווי דו האָסט אויסגעמאָלט, האָבן מיר שוין געהאט געוווּסט, ווו זיי צו געפינען. דערפאר האָבן מיר אפ די שפּיץ פינגער אונטערגע־גאנגוועט זיך צו זיי גאנץ נאָענט, — דו ווייסט דאָך, אפן שטעגל צווישן די ביימער איז פינצטער, ווי אין א קעלער. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט א טריט פינף, אפּאָנעם, די ווייט פון זיי, און פלוצעם — ווי מיינסטו? — רייסט זיך בא מיר ניט ארויס א ניס! עס איז אונדז שרעקלעך גיט געראָטן! וויפל איך האָב ניט גע־פרווט זיך איינהאלטן, האָב איך דאָך גאָרניט געקענט מאכן מיט זיך — איך ניס, און גייי טו עפּעס! און געגאנגען בין איך דאָך דער ערשטער, האלטנדיק דעם פּיסטאָלעט אָנגעגרייט. ווי נאָר איך האָב א ניס געטאָן, האָבן די דאָזיקע באנדיטן געלאָזט זיך לויפן, און איך שריי צו מיינע כעווערליים: „שיסט, כעווריע!“

און איך האָב אויסגעשאָסן. מײַנע כעוורע — אויך. נאָר די דאָזיקע אויסוווּרפן זײַנען אַנטלאָפן. ווײַזט אויס, אַז מיר האָבן אַלע מיט אונדזער שיסן ניט געטראָפן. זיי האַלטן אין אַנטלויפן דורך דעם וואַלד, און מיר נאָך זיי. נאָך דעם האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און האָבן גענומען שיסן אין אונדז, אָבער זייערע קוילן האָבן נאָר אַ פּײַפּ געטאָן פאַרבײַ אונדז, — געשאָט האָבן זיי אונדז ניט. נאָכדעם האָט מען שוין אויפגעהערט הערן אַפילו דאָס אַנטלויפן זייערס. דעמלט האָבן מיר ניט געוואָלט מער נאָכיאָגן זיך נאָך זיי, מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פונעם באַרג און האָבן אויפגעוועקט אַלע פּאָליציאַנטן. זיי האָבן אוועקגעשיקט עטלעכע פאַרשוינען צו באַהיטן דעם באַרג, און ווי נאָר עס וועט ווערן טאָג, וועט דער שעריף באַפוילן צו זוכן אין וואַלד. מײַנע כעוורע וועלן אויך גיין. גוט וואָלט געווען, ווען דו זאָלסט קענען אונדז אויסמאָלן, ווי זעען זיי אויס, אָט די אויסוווּרפן. דאָס וואָלט זייער אַסאַך געהאָלפן. נאָר דו, קליינער, האָסט דאָך מיסטאָמ ניט באַוויזן אַפילו גוט צו באַטראַכטן זיי אין דער פינצטער?

— ניין, איך האָב זיי דערזען נאָך אין שטאָט און האָב זיך געלאָזט גלײַך נאָך זיי.

— אויסגעצייכנט! איז זאָג, ווי זעען זיי אויס?

— איינער פון זיי איז אַן אַלטער, אַ טויבשטומער שפּאַניער, וואָס שלעפּט זיך אַרום די לעצטע צײַט איבערן שטעטל, און דער אַנדערער — אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער, אַ מיִעסע צורע אַזאַ...

— גענוג, טײַערינקער, גענוג—מיר קענען זיי שוין. מיר האָבן זיי פריִער געזען אין וואַלד. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דער אַלמאָנעס שטוב, און ווי נאָר זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן. נו, כעוורע, אַצינד גייט וואָס גיכער

צום שעריפ, און דעמ איבערבײַסנ לײגט שוינ אָפּ ביז מאָרגעדיקנ אינדערפרי.

דעמ אלטנס זינ זײַנעג טײקעפּ אוועקגעגאנגעג. ווענ זײ זײַנעג שוינ געווענ בא דער טיר, האָט העק זיך א וואָרפ געטאָג צו זײ, בעטנדיק זיך:

— איך בעט אײַך, דערצײלט נאָר ניט, אז דאָס האָב איך זײ געמאסערט. זײַט אזוי גוט, איך בעט אײַך זײער!

— גוט. אויב דו ווילסט ניט, וועלנ מיר ניט אויסזאָגנ. אָבער דו האָסט דאָך קײנ שום שלעכטס ניט געטאָג — מע וואָלט דיך נאָך געלויבט פאר אזא זאך.

— מע דארפ ניט, איך בעט אײַך! זאָגט ניט אויס!

אז די יונגעלײַט זײַנעג ארויסגעגאנגעג, האָט דער אלטער זיך געווענדעט צו העקנ:

— זײ וועלנ ניט זאָגנ, איך וועל אויך ניט אויסזאָגנ. אָבער פארוואָס ווילסטו ניט, אז מע זאָל וויסנ דערפונ?

העק האָט בא זיך נאָר געפּויעלט צו זאָגנ, אז די דאָזיקע לײַט וועלנ אימ געוויס הארגענענ, אויב זײ וועלנ זיך דערוויסנ, אז ער האָט זײ געמאסערט.

דער אלטער האָט נאָכאמאָל צוגעזאָגט האלטנ סאָד, נאָר פונ־דעסטוועגנ האָט ער א פרעג געטאָג:

— זאָג: ווי איז עס דיר אײַנגעפאלנ נאָכצושפּירנ נאָך זײ? זײ האָבנ דיר טאקע אויסגעזעגנ אזוי פארדעכטיק, הא?

העק האָט געשוויגנ, צוטראכטנדיק אזא ענטפער, וואָס זאָל ניט קענענ אימ קאָמפּראָמעטירנ, און ער האָט, ענדלעך, געענט־פערט:

— איר פארשטײט, לעבנ לעבט זיך מיר ניט איבעריק זיס, אלײנ בינ איך א פארפאלענער — אלע זאָגנ אזוי, און איך קענ גאָרניט ניט זאָגנ קעגנ דעמ. טרעפט זיך אמאָל באנאכט, אז איך

שלאָפּ ניט. איך טראַכט און קלער אַלץ, ווי זאָל איך עס אָנהייבן לעבן אַפּ אַן אַנדער אויפן. אָט אַזוי איז עס געווען יענע נאַכט. אַנשלאָפן ווערן האָב איך ניט געקענט. נו, האָב איך זיך אַרומ־געשלעפּט איבער דער גאַס, אַזוי אַרום האַלבער נאַכט, און געטראַכט וועגן דעם אַלעמען. גיי איך דורך אַזוי פאַרבײַ אַן אַלטער גע־מויערטער קאַמער, וואָס שטייט דאָרט אַרום שענק, איך שטעל מיך אַוועק בײַ דער וואַנט און איך טראַכט זיך אַזוי... פּלוצעם זע איך — עס לויפן פאַרבײַ צוויי מענטשן, איינער פון זיי האַלט עפּעס אונטערן אָרעם. איך האָב טייקעף באַשלאָסן, אַז דאָס איז געגאַנוועטס. איינער פון זיי האָט געראַוויכערט, און דעם אַנדערן האָט זיך אויך פאַרוואָלט פאַרויכערן — האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט אין אַ פּאָר טריט פון מיר, די סיגאַרן האָבן באַלויכטן זייערע פּנעמער, און איך האָב דערקענט אינעם הויכן פאַרשוין דעם טויבשטומען שפּאַניער. איך האָב אים דערקענט לויט די גרויע באַקנבאַרדן און לויט דעם פּלאַסטער אַפּ איין אויג. און דער אַנדערער איז געווען אָט דער אָפּגעריסענער־אָפּגעשליסענער טײַוול...

— געשיקט זיך, אַז דו האָסט געקענט בײַ דער שײַן פון סיגאַר באַמערקן זײַנע שמאַטעס?..

העק איז אַפּ אַ מינוט געוואָרן צעמישט.

— איך קאָן אײַך ניט זאָגן וויאַזוי, נאָר, ווײַזט אויס, איך האָב באַמערקט.

— נו, און ווײַטער? זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, און דו?

— און איך נאָך זיי. אָט אַזוי איז עס אַלץ פאָרגעקומען. מיר האָט זיך פאַרוואָלט וויסן, וואָס האָבן זיי עס פאַרטראַכט אופצוטאָן. זיי זײַנען געקראָכן אַלץ העכער און העכער, און איך נאָך זיי, ביזן סאַמע פאַרקן, וואָס אַרום דער אַלמאָנעס שטוב. דאָרט האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פינצטער און הער

זיך אײַן: דער פֿארשוין אין די שמאטעס האָט זיך אָנגענומען פֿאר דער אלמאָנע, און דער שפּאניער האָט געשווירן, אז ער וועט איר דעם פּיסק צענעריקן — אָבער דאָס אלץ האָב איך דאָך אײַך שוין דערציילט...

— וואָס הייסט? — אָט דאָס אלץ האָט געזאָגט א טויב־שטומער?..

ווידער ארײַנגעפאלן. העק האָט זיך אלץ געבעריעט, געוואָלט, אז דעם אלטן זאָל אפֿן געדאנק ניט קומען, ווער עס איז דער שפּאניער. אָבער זײַן צונג האָט זיך פּונקט ווי אונטערגענומען צו קאליע מאכן אים. ער האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט פֿאריכטן די זאך, נאָר דער אלטער האָט די גאנצע צײַט ניט אָפּגעריסן די אויגן פֿון אים, און ער האָט אים אלע ווײַלע געכאפּט בא א ליגן. סאָפּקאָלסאָפּ, האָט דער אלטער א זאָג געטאָן:

— טײַערינקער, וואָס האָסטו מוירע פֿאר מיר? איך וועל פֿאר קיין זאך אין דער וועלט ניט אײַנגיין צו מאסערן דיך. פֿארקערט, איך וועל דיך נעמען אונטער מײַן באשיצונג. דער דאָזיקער שפּאניער איז ניט קיין טויב־שטומער, דו האָסט זיך ארויסגעכאפּט מיט א וואָרט, און איצט וועסטו דאָס צוריק שוין ניט נעמען. דו ווייסט עפּעס וועגן דעם שפּאניער און ווילסט עס ניט אויסזאָגן? נו, פֿארלאָז זיך אפֿ מיר, זאָג מיר אויס, און מעגסט זײַן רויִק: איך וועל דיך ניט מאסערן.

העק האָט זיך א רעגע אײַנגעקוקט אין דעם אלטנס ערלעכע אויגן, ער האָט זיך אָנגעבויגן און האָט א רוים געטאָן אים אפֿן אויער:

— דאָס איז ניט קיין שפּאניער — דאָס איז אינדזשענע דזשאָ.

דער אלטער איז שיִר ניט אראָפּגעפאלן פֿונעם שטול.

— נו, אצינד איז די זאך קלאָר, איצט הייב איך אָן צו פֿאר־שטיין, — האָט ער זיך אָנגערופֿן.

בײַסן אָנבײַסן איז דער שמועס געגאַנגען װײַטער, און דער אַלטער האָט דערנאָך אַ זאָג געטאָן, אַז פֿאַרן אַװעקגײן האָט ער אָנגעצונדן אַ לאַמטערן און האָט מיט די זין צוזאַמען אַרומגעקוקט דעם פּאַרקן און די ערד, זוכנדיק, צי איז דאָרט ניטאָ קײן שפּורן פֿון בלוט.

קײן שפּורן אַזעלכע האָבן זײ ניט געפֿונען, אָבער זײ האָבן געפּאַקט דאָרט אַ גרױסן קלומעק מיט...

— מיט װאָס?

די דאָזיקע װערטער האָבן מיט דער גיכקײט פֿון אַ בליץ זיך אַ ריס געטאָן פֿונעם ייִנגלס װײַס־געװאָרענע ליפּן. ער האָט מיט אַ צעמישטן בליק אָנגעקוקט דעם אַלטן, קאָם געקענט כאַפּן דעם אָטעם און געװאַרט אַף אַן ענטפֿער. דער אַלטער דזשאָנס, פֿון זײַן זײַט, האָט געקוקט אַף אים אין משך פֿון דרײַ, פֿינף, צען סעקונדעס — און ערשט נאָכדעם געענטפֿערט:

— אַ קלומעק מיט גנײװישע קלאַפּערגעצײַג. אָבער װאָס טוט זיך עס מיט דיר?

העק האָט זיך אַ װאָרף געטאָן אַף צוריק, צו דעם אָנשפּאַר פֿונעם שטול, ער האָט טיף אָפּגעאָטעמט און עס איז אים אומגעװײנלעך גרינג געװאָרן. דער אַלטער האָט ערנסט און מיט נײַגיר געקוקט אַף אים.

— יאָ, אַ בינטל גנײװישע קלאַפּערגעצײַג. װײַזט אױס, אַז דו האָסט זיך באַרויִקט? װאָס דען, האָסטו געמײנט, װעלן זײ געפֿינען?

העק איז אַרײַנגעפֿאַלן, דער אַלטער האָט ניט אָפּגעריסן פֿון אים זײַן אױספֿרעגנדיקן בליק. דאָס ייִנגל װאָלט אָפּגעגעבן אַלץ אין דער װעלט נאָר דערפֿאַר, אַז ער זאָל צוטראַכטן אַ פּאַסיקן ענטפֿער, אָבער עס איז אים קײן זאַך ניט געקומען אַפֿן זינען, און דער אױספֿרעגנדיקער בליק פֿונעם אַלטן האָט אַלץ טיפֿער אַרײַנ־

געדרונגענע אינע זײַנע נעשאָמע. עס איז אים אײַנגעפאַלן דער סאמע אומגעלומפּערטסטער ענטפער, אָבער קלערן איז קיין צײַט ניט געווען, און העק האָט אַ שטאַמל געטאָן אין דער וועלט אַרײַן:

— איך האָב געמיינט, אַז מע האָט געפונען, עפּשער... אַ לערנביכל פון דער זונטיק־שול.

דאָס אָרעמע ייִנגל איז געווען צופיל דערשלאָגן, אַז ער זאָל קענען אַ שמייכל טאָן, אָבער דער אַלטער האָט זיך צעלאַכט אַזוי הויך און מונטער, אַז זײַן גאַנצער דיקער קערפער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. ענדלעך, ווען ער האָט זיך שוין גוט, גוט אָנגעלאַכט, האָט ער געמאָלדן, אַז אַזאַ געלעכטער איז זייער געזונט, ווײַל דורך דעם ווערט מען פּאָטער פון הויצאָעס אף דאָקטוירים און רעפּועס.

— אומגליקלעכע באָכערל, — האָט ער צוגעגעבן, — דו ביסט בלייך און מיד. דו ביסט, ווײַזט אויס, שטאַרק ניט געזונט, דערפאַר פאַרעדסטו זיך אַביסל. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס, וועסט קומען צו זיך. דו וועסט אָפּרוען, זיך אויסשלאָפן און וועסט אופשטיין, ווי אַן אויסגעלופּטערטער.

העקן האָט פאַרדראָסן אף זײַן נאַרישקייַט און אויך דערוף, וואָס ער קאָן זיך ניט האַלטן אין די הענט. אָבער ער איז מוירעדיק אופגערעגט געווען, ווען ער האָט דערהערט, אַז מע האָט עפּעס געפונען: אים האָט זיך אַ דאַכט געטאָן, אַז דאָס האָט מען געפונען יענעם קעסטל. פונדעסטוועגן איז ער געווען צופרידן, וואָס ס'איז ביכלאַל אַזוי אויסגעקומען: איצט האָט ער כאָטש געוווסט אף זיכער, וואָס ס'האָט זיך געפונען אינעם קלומעק, און ער האָט זיך בארויִקט. אפּאָנעם, אַז אַלץ איז געגאַנגען גוט: יענע קעסטל איז, ווײַזט אויס, ביז איצט נאָך באַהאַלטן אינעם נומער צוויי, די צוויי באַנדיטן וועט מען היינט כאַפּן, און באַנאַכט וועט

ער מיט טאָמען פּאַרכאַפּן דעם אויצער, אָן זאָרג און אָן מוירע, אַז עמעצער זאָל זיי שטערן.

זיי האָבן נאָר־וואָס געהאַט געענדיקט דעם פּרישטיק, ווען מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר אַרײַן. העק האָט זיך געאײַלט צו באַ־האַלטן זיך, ווײַל ער האָט בעשומויפן ניט געוואָלט, עמעצער זאָל כוישעד זײַן, אַז ער האָט וועלכע ס'איז שײַכעס צו אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט יענע נאַכט. דער אַלטער דזשאָנס האָט אַרײַנגעלאָזט עט־לעכע לעדיס און דזשענטלמענס און ער האָט באַמערקט, אַז אַרופּ־באַרג דראַפּעט זיך אַ כאַפּטע קינדער, וואָס ווילן אָנקוקן דעם פּאַרקן. איז דאָך אַ סוואָרע, אַז דאָס נײַס האָט זיך פּאַרשפּרייט.

מ״ר דזשאָנס האָט דערציילט פּאַר די באַזוכער די געשיכטע פון דער פּאָריקער נאַכט. די אַלמאָנע האָט אים אָנגעהויבן באַ־דאַנקען דערפּאַר, וואָס זי איז געראַטעוועט געוואָרן.

— קיין וואָרט ניט וועגן דעם, געערטע פרוי. עס איז פּאַראַן אַן אַנדער מענטש, וועמען איר האָט, מעגלעך, מער צו פּאַרדאַנ־קען, איידער מיר מיט מײַנע זין אינאיינעם. אָבער ער דערלויבט ניט, אַז איך זאָל אָנרופן זײַן נאָמען. אונדז וואָלט אפילע ניט אײַנגעפאַלן צו קומען צו אײַך, ווען ניט ער.

עס פּאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַזאַ נײַגיריקײַט, וואָס קעגן איר האָט אַלץ געמוזט אָפּטרעטן אַפּן צווייטן אָרט, און גאַנץ גיך האָט די נײַגיריקײַט פּאַרשפּרייט זיך אַפּ דער גאַנצער שטאָט. אָבער מ״ר דזשאָנס האָט ניט געהאַט קיין ראַכמאָנעס אַפּ דעם אומגעדולד פון זײַנע געסט און ער האָט זיי דעם סאָד ניט אויסגעזאָגט. דערהערט וועגן אַלץ, וואָס איז געשען נאָכרעם, האָט די אַלמאָנע זיך אָנגערופן:

— איך בין אײַנגעשלאָפן, לייענענדיק אין בעט, און בין די גאַנצע צײַט רויִק געשלאָפן. פאַרוואָס־זשע זײַנט איר ניט אַרײַנ־געגאַן און ניט אופגעוועקט מיך?

— מיר האָבן באַשלאָסן, אַז ס'לוינט ניט. די דראָזיקע באַנדיטן וואָלטן זיך, מיסטאָם, ניט אומגעקערט. זיי האָבן דאָך פאַרגעסן זייערע אינסטרומענטן און זיי וואָלטן ניט געהאַט מיט וואָס צו אַרבעטן. צוליב וואָס־זשע האָט געטויגט דאָס וועקן אײַך? קעדיי אי־בערצושרעקן אײַך אױף טויט? ווײַטער האָבן מײַנע דרײַ נעגערן דעם גאַנצן רעשט פֿון דער נאַכט געהאַלטן וואַך אַרום אײַער שטוב. זיי האָבן זיך נאָר־וואָס אומגעקערט.

ס'זײַנען אָנגעקומען נײַע באַזוכער, און אין מעשׂה פֿון דרײַ שאָ האָט דער אַלטער קיין זאַך מער ניט געטאָן, נאָר געהאַלטן אין איבערכאַזערן זײַן געשיכטע.

יענעם פֿרימאָרגן זײַנען אין שול ניט פֿאָרגעקומען די געוויינ־לעכע זונטיקדיקע לימודים, אַלע האָבן זיך נאָר פֿאַרזאַמלט גאָר פֿרי אין קלויסטער אַרײַן, קעדיי גוט צו באַטראַכטן די איבעראַשנ־דיקע געשעעניש. אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז מע האָט ניט גע־פֿונען אַפֿילו קיין שפּור פֿון די גאַזלאָנים. נאָך דעם, ווי די דראָשע האָט זיך פֿאַרענדיקט, האָט דעם ריכטערס ווײַב, מיסיס טעטשער, זיך דורכגעשטופּט דורך דעם עולם צו מיסיס גאַרפֿער און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס־זשע וועט זײַן: מײַן בעקי וועט טאַקע אָפּשלאָפֿן הײַנט אַ גאַנצן טאָג נאָכאַנאַנד? כאָטש איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט, אַז זי וועט שרעקלעך מיד ווערן.

— אײַער בעקי?

— נו, יאָ! (אַ פֿאַרוווּנדערטער קוק). זי האָט דען ניט גענעכ־טיקט בײַ אײַך?

— פֿאַרשטייט זיך, ניין.

מיסיס טעטשער איז בלייך געוואָרן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אױף דער באַנק. פּונקט אין דער צײַט איז געגאַנגען פֿאַרבײַ די מומע פּאָלי, שמועסנדיק גאַנץ אױפֿגעלעבט מיט אירער אַ גוטער־שוועסטער.

— גאָט העלף, מיסיס טעטשער! — האָט געזאָגט די מומע פּאָלי. — א גוט מאָרגן, מיסיס גאַרפּער! און בא מיר איז ווידער דער יונג פאַרשווּנדן געוואָרן. איך בין זיכער, אז מײַן טאָם האָט הײַנט גענעכטיקט בא עמעצן פון אײַך, און איצט האָט ער מוירע צו קומען אין קלויסטער אַרײַן — ער ווייסט, אז ער וועט לײַזן פון מיר...

מיסיס טעטשער האָט שוואַך א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז נאָך מער בלייך געוואָרן.

— ער האָט בא אונדז ניט גענעכטיקט, — האָט געזאָגט מיסיס גאַרפּער, וואָס האָט שוין אויך אָנגעהויבן יעסורים האָבן. דער מומע פּאָליס פּאָנעם איז פול געוועזן מיט אומרו.

— דזשאָ גאַרפּער, דו האָסט הײַנט אינדערפרי געזען מײַן טאָמען? — האָט זי א פרעג געטאָן.

— ניין, ניט געזען.

— און ווו האָסטו אים געזען דאָס לעצטע מאָל?

דזשאָ האָט זיך געפּרוּווט דערמאָנען, נאָר ער האָט גאָר־ניט געקענט זאָגן אפּ זיכער. דער עולם, וואָס איז געגאַנגען פונעם קלויסטער, האָט אָנגעהויבן אָפּצושטעלן זיך, צוהערנדיק זיך צו די רייד. מע האָט זיך געשעפּטשעט, אפּ די פּנעמער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די אומרויִקײַט, וואָס האָט זיך דערוועקט אין אַלעמען. די קינדער און די ייִנגערע לערער האָט מען פאַרשאָטן מיט פראַגן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז קיינער געדענקט ניט, צי זײַנען טאָם און בעקי געווען אפּן פּאַראָם, בײַם די קינדער האָבן זיך אומגעקערט אהיים: אין דער פינצטער האָט קיינער זיי ניט באַמערקט, און ס'איז קיינעם ניט אײַנגעפאַלן א פרעג צו טאָן, צי זײַנען פאַראַן אַלע. איינער בחורל האָט ניט אויסגעהאַלטן און האָט א זאָג געטאָן:

— הייסט עס, אז זיי זײַנען פאַרבליבן אין הייל!

מיסיס טעטשער איז געפאלן כאלאָשעס, די מומע פּאָלי האָט געיאָמערט, פּרעכנדיק די הענט.

די אומרויִקע יעדיִע איז געגאנגען פון מויל צו מויל, פון קרייַזל צו קרייַזל, פון גאס צו גאס. אין פינף מינוט אַרום האָבן שוין געקלונגען אלע קלויסטערס, צונויפרופנדיק דעם אוילעם. מע האָט מיטאמאָל פארגעסן אין די גאנאָווים, מע האָט שוין געשפּאנט פערד, מע האָט אָפּגעבונדן די שיפלעך, מע האָט געשיקט נאָכן פאראָם, און אין איין האלבער שאָ שפּעטער האָבן שוין ארום צוויי הונדערט מאן זיך געלאָזט מיט דעם וועג און מיטן וואסער צו דער הייל.

א גאנצן טאָג האָט דאָס שטעטל אויסגעזען, ווי אויסגעשטאָרבן — אזוי ליידיק איז עס געוואָרן. אין מעשעך פונעם גאנצן טאָג האָבן די שכיינעס געהאלטן אין איין באזוכן די מומע פּאָלי און די מיסיס טעטשער. זיי האָבן געפּרוווט טרייסטן זיי און האָבן צוזאמען מיט זיי געוויינט, — דאָס וויינען האָט געווירקט בעסער פון קאָלערליי רייד.

די גאנצע יעסורים־דיקע נאכט האָט מען אין שטאָט געוואַרט אף יעדיִעס, נאָר ווען עס האָט, ענדלעך, גענומען שאריִען אף טאָג איז מען פון הייל געקומען צו גיין בלויז נאָך פּראָוויזיע און נאָך ליכט. מיסיס טעטשער איז שיער פון זינען ניט אראָפּ פאר יעסורים, און די מומע פּאָלי אויך. דער ריכטער טעטשער פלעגט אמאָל צושיקן פון הייל דערמונטערנדיקע צעטעלעך, נאָר זיי האָבן שלעכט געווירקט.

אף מאָרגן, קאיאָר, האָט דער אלטער דשאָנס זיך אומגעקערט אהיים. ער איז געווען אינגאנצן אויסגעשמירט מיט ליים און כיילעוו. ער האָט געטראָפן העקן אפן זעלבן געלעגער, ווהין ער האָט אים פריִער באלייגט. דאָס ייִנגל איז געלעגן אין גרויס היץ און אין פיבער. אלע דאָקטוירים זייַנען געווען אין דער הייל,

אזוי אז ארום דעם כוילע האָט גענומען אומגיין די אלמאָנע דוג־לאס. זי האָט געזאָגט, אז זי וועט טאָן צוליב אים אלץ, וואָס איז מעגלעך, וואָרום סײַווי, צי איז ער א גוטער אָדער א שלעכטער — קאָן מע אים דאָך ניט איבערלאָזן אפן הפקר. מ״ר דזשאָנס האָט געענטפערט, אז בא העקן זײַנען פאראן גוטע מײַלעס אויך, און די אלמאָנע האָט מסכים געווען:

— גו, אוואדע.

צו האלבן טאָג צו האָבן אין שטאָט ארײַן אָנגעהויבן אומקערן זיך בינטלעך טויט־מידע מענטשן, וואָס האָבן שוין פארלאָז׳ן די האָפענונג צו געפינען די פארפאלענע. אָבער די מער ענערגישע האָבן ניט אוועקגעוואָרפן דאָס זוכן. פון די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, האָט מען זיך דערוווסט זייער ווייניק. זיי האָבן נאָר דערציילט, אז מע האָט אויסגענישטערט אין הייל אלע ווײַטע קאָרידאָרן, וווהין מע פלעג פריִער קיינמאָל ניט פארקריכן: מע האָט אויסגעקוקט אלע ווינקעלעך. ארומקריכנדיק אין אָט דעם לאבי־רינט, האָט מען אין אייניקע ערטער געזען פײַערלעך, און דאן פלעגן אלע נעמען שרײַען און שיסן פון פיסטאָלעטן. דאָס האָט מאָרעשכוי־רעדיק אָפּגעקלונגען אין דער פינצטערער הייל. אין איין אָרט, ווײַט פון יענעם טייל פון דער הייל, וואָס ווערט אלעמאָל באזוכט דורך די טוריסטן, האָט מען געטראָפן אפ א שטיין אָנגעצייכנט מיט סאזשע פון דער ליכט: „בעקי און טאָם”, און דאָ אפן זעלבן אָרט האָט זיך געוואל־גערט אויך א שטיקל סטענגע, וואָס איז געווען פארקאפעט מיט כיילעוו פון א ליכט. די מיסיס טעטשער האָט דערקענט דאָס שטיקל סטענגע און האָט זיך צעוויינט. אנדערע האָבן דערציילט, אז בײַס די זו־כונגען פלעג מען טיילמאָל באמערקן פונדערווײַטנס א פינקלענ־דיקע שײַן — און א טוץ מענטשן פלעג מיט א פרייד־געשריי א וואָרף טאָן זיך מיטאמאָל אין יענער זײַט. נאָר נאָכדעם פלעגן קו־מען די ביטערע אנטוישונג: די קינדער זײַנען דאָרט ניט געווען,

און מע פֿלעג זיך אָנשטויסן נאָר אַף עמעצנ פֿון די אייגענע מענטשן, וואָס האָבן געוווּכט אינ דער הייל.

אַזוי זײַנען דורכגעגאַנגען דרײַ שרעקלעכע טעג מיט דרײַ שרעקלעכע נעכט. לאַנגזאַם און שווער האָט זיך געצויגן אַ שאָ נאָך אַ שאָ. די שטאָט איז, סאָפּקאָלסאָפּ, אַרײַנגעפֿאַלן אין עפּעס אַ האַ־פֿענונגלאָזן, פֿאַרטעמפּטן צושטאַנד. קיינער האָט מער קיין כיישעק ניט געהאַט צו נעמען זיך עפּעס טאָן. די אַרבעט איז געפֿאַלן פֿון די הענט. די פֿרישע אַנטדעקונג, וואָס מע האָט אַנטדעקט — אַז דער באַלעבאָס פֿון דעם אײַנפֿאָר־הויז, וואָס ס'האָט געהאַלטן די „גזעלשאַפֿט פֿאַר ניכטערקײַט“, האָט געהאַנדלט מיט בראָנפֿן און ראָם — האָט, ניט געקוקט אַף דער גאַנצער אומגעהייערקײַט, קימאַט ניט אויפֿגערעגט דעם עולם. אין איינער פֿון די מינוטן, ווען העק פֿלעג קומען צו זיך, האָט ער פֿאַרפֿירט אַ שמועס וועגן דעם אײַנ־פֿאָר־הויז און, ענדלעך, אַ פֿרעג געטאָן, מוירע האָבנדיק צו דערהערן עפּעס שרעקלעכס, צי האָט מען ניט געפֿונען עטוואָס אין דעם אײַנפֿאָר־הויז פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר דער צײַט, ווען ער איז קראַנק געווען.

— יאָ, מע האָט געפֿונען, — האָט ער באַקומען אַן ענטפֿער.

העק איז אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם געלעגער, ער האָט מיט ווילדע בליקן אָנגעקוקט די אַלמאָנע דוגלאַס.

— זאָגט: וואָס, וואָס האָט מען געפֿונען?

— שטאַרקע געטראַנקען. לייג זיך צוריק, קינד מײַנס. אַך, ווי דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!

— זאָגט מיר נאָר איינס, בעט איך אײַך, נאָר איינס: ווער האָט עס געפֿונען? טאָם סאָיער?

די אַלמאָנע האָט גענומען גיסן טרערן.

— זאָל זײַן גענוג, מײַן קינד. איך האָב דאָך דיר שוין גע־זאָגט, דו טאָרסט ניט רעדן אַזוי פֿיל. דו ביסט זייער, זייער קראַנק.

„איז הייסט עס, אז כוץ בראָנפּן האָט מען גאָרניט געפונען; ווען מע זאָל געווען געפינען געלט, וואָלט געוואָרן א שרעקלעכע מעהומע איבער שטאָט. הייסט עס, אז דער אויצער איז פארפאלן אף אייביק, האָט ארויסגעגליטשט זיך פון די הענט... אָבער פארוואָס וויינט זי? א מאָדנע זאך! פארוואָס זאָל זי עס דארפן וויינען?..״

אָט אזעלכע געדאנקען האָבן זיך אף אַן אומקלאָרן אויפן געוואָרן בא העקן איבער מויעך, און ער איז דערפון אזוי פארמאַטערט געוואָרן, אז ער איז איינגעשלאָפן.

— „אָט איז ער שוין, נעבעך, איינגעשלאָפן... — האָט גערעדט צו זיך אליין די אַלמאָנע. — טאָם סאָיער האָט געפונען! גיי פרווו איצט געפינען טאָם סאָיערן אליין! עס איז שוין געבליבן ווייניק ווער, וואָס זאָל ניט אָנווערן דעם מוט און די קויכעס אף צו זוכן ווײַטער״.

## קאפּיטל 32.

לאָמיר זיך אצינד אומקערן צו טאָמען מיט בעקין. זיי זײַנען אינאיינעם מיט אנדערע אומגעגאנגען איבער די פינצטערע קאָרידאָרן, באטראכטנדיק די שוין באקאַנטע וווּנדער פון דער הייל, וועלכע האָבן געטראָגן אביסל צוגעפּוצטע נעמען, ווי, לעמאָשל: „דער אופנאם-זאַל״, „דער קאטעדראַל״, „אלאדינס הויף״ א. א. וו. נאָכדעם האָט זיך בא זיי אָנגעהויבן א פריילעכע שפּיל אין באַהעלטעניש אזוי לאנג, ביז וואנען זיי זײַנען ניט מיד געוואָרן פונעם ארומלויפן. און שפּעטער זײַנען זיי אוועקגעגאנגען אינצווייען מיטן געשלענגלטן קאָרידאָר, האלטנדיק הויך זייערע ליכט און לייענדיק די נעמען, ציפער, אדרעסן און דעוויזן, מיט וועלכע ס'זײַנען געווען דורכויס באשריבן די שטיינערנע ווענט. זיי האָבן זיך אזוי פארעדט, אז זיי האָבן גאָר ניט באמערקט, ווי זיי זײַנען פארגאנגען אין אזא טייל פון דער הייל, וווּ די ווענט זײַנען שוין

ניט געווען באַשריבן. זיי האָבן אַליין מיט דער סאַזשע פֿון דער ליכט אויפֿגעצייכנט זייערע נעמען אויף דער וואַנט אונטער אַן אַראָפּהענגענדיקן שטיין און האָבן זיך געלאָזט גיין ווײַטער. ענד־לעך, זײַנען זיי אַרויפֿגעקומען אויף אַן אָרט, וווּ אַ קליינער שטראָם האָט זיך געגאָסן איבער אַן אַרויסשטאָרטשענדיקן שטיין. דער שטראָם האָט געטראָגן מיט זיך אַן אָפּזאַץ פֿון קאַלך, און אין מעשׂך פֿון יאָרהונדערטער איז ער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין שטור־רעמדיקער ניאַגאַרע פֿון גלאַנציקן שטיין. טאָם האָט זיך דורכגע־שטופּט דורכן שמאָלן שטעכל הינטער דעם שטיינערנעם וואַסער־פֿאַל, ווײַל ער האָט געוואָלט אים באַלויכטן פֿון בעקיס פֿאַרגע־ניגן וועגן, און ער האָט דערזען, אַז דער וואַסערפֿאַל פֿאַר־שטעלט מיט זיך עפּעס ווי אַ מין נאַטירלעכן לייטער, וואָס איז אַרײַנגעדרוקט אין אַ שמאָלן שפּאַלט צווישן צוויי שטיינערנע ווענט. אין זעלבן אויגנבליק האָט אים שוין אָנגעכאַפּט דער כיי־שעק צו נעמען זיך פֿאַר אַנטדעקונגען. בעקי איז אײַנגעגאַנגען דער־רוף, און נאָך דעם, ווי זיי האָבן פֿאַר אַן אָנדענק געמאַכט מיט דער סאַזשע פֿון דער ליכט אַ צייכן אויף אַ שטיין, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן זוכן. זיי זײַנען אַ לאַנגע צײַט געגאַנגען דורך אַ געשלענגלטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אַלץ נידע־ריקער אין די געהיימע ווינקלען פֿון דער הייל. זיי האָבן געמאַכט נאָך אַ צייכן אויף אַ שטיין און האָבן פֿאַרקערעוועט אין אַ זײַט, אָפּזוכנדיק אַלץ נײַע ווונדער, וועגן וועלכע זיי וועלן שפּעטער דערציילן דאָרטן, פֿונויבן. אין איין אָרט האָבן זיי געפֿונען אַן אומגעהייער גרויסע נישע, וווּ עס איז פֿון דער סטעליע אַראָפּ־געהאַנגען אַ וועלט מיט גלאַנצנדיקע סטאַלאַקטיטן, די לענג און די גרעב, ווי אַ מענטשלעכער פֿוס. זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען אַרום און אַרום דער הייל, פֿאַרכידעשט און אַנטציקט פֿון איר שיינ־קײַט, און אַרויסגעגאַנגען זײַנען זיי פֿון דאָרטן דורך איינעם פֿון

יענער גרויסער צאָל קאָרידאָרן, וואָס האָבן פון דאָרט געפירט. אינגיכן האָבן זיי געטראָפן צו א וווּנדערלעכן קוואל, וואָס האָט געזעצט פון פעלדז. דער באַסיין פונעם פעלדז איז געווען אויסגעלייגט מיט שײַנענדיקע קרישטאָלן, אַזויווי מיט גלאַזור. דער קוואל האָט זיך געפונען אין מיטן פון א צווייטער הייל, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַף פאַנטאַסטישע קאָלאָנעס פון צונויפגעוואַקסענע גרויסע כטאַלאַקטיטן און סטאַלאַגמיטן — א רעזולטאַט פון אומופהערלעכן טריפן פון דער וואַסער אין משך פון לאַנגע יאָרהונדערטער. אונטער דער סטעליע פון דער הייל האָבן זיך געניסטעט טויזנטער פלעדערמײַז, וואָס האָבן זיך צונויפגעפרעסט אין איין קופּע. די שײַן האָט זיי איבערגעשראָקן, און זיי האָבן זיך א ריס געטאָן פון אָרט, הונדערטער ווײַז, פּישטשענדיק און אַרופוואַרפנדיק זיך אַף די ליכט. טאָם האָט געוווּסט זייער טעווע און ער האָט פאַרשטאַנען, צו וואָס פאַר א געפאַר דאָס קאָן ברענגען. ער האָט אָנגעכאַפּט בעקין פאַר דער האַנט און איז אַרויסגעלאָפן אינאיינעם מיט איר אינעם ערשטן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך געטראָפן אַקעגן. און ס'איז שוין טאַקע צײַט געווען דאָס צו טאָן, וואָרעם איינע פון די פלעדערמײַז האָט מיט א פאָך פון איר פליגל פאַרלאָשן בעקיס ליכט, בייס יענע איז אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל. די פלעדערמײַז האָבן א לאַנגע צײַט זיך נאָכגעיאָגט נאָך די קינדער, אָבער די אַנטלויפנדיקע האָבן אַלע מאָל פאַרקערעוועט אין א נײַעם דורכגאַנג, וואָס האָט זיך זיי געטראָפן אין וועג, און אַזויאַרום זײַנען זיי, סאָפּקאָלסאָף, פּאָטער געוואָרן פון די פלעדערמײַז. באַלד נאָך דעם האָט טאָם געפונען אַן אונטערערדישע אָזערע מיט אומקלאָרע ברעגן, וואָס זײַנען פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער פינצטער. ער האָט באַשלאָסן אויסצופאָרשן די דאָזיקע ברעגן, אָבער באַלד האָט ער א קלער געטאָן, אַז גלײַכער וועט זײַן פריער צוזעצן זיך און אָפּרוען. דאָ האָט צום ערשטן מאָל די

טויטע שטילקייט פון דער אונטערערד אָנגעהויבן דריקן אַף די קינדער.

— וואָס הייסט עס?—האָט זיך אָנגערופן בעקי.—מיר דאַכט, אַז מע הערט שוין פונלאַנג קיין קוילעס ניט. דו האָסט עס ניט באַמערקט?

— דו באַרעכן נאָר, בעקי, זיי זיינען דאָך דאָרט פוניבן, און מיר זיינען אונטן, און איך ווייס אפילע ניט, ווי ווייט מיר זיינען פאַרגאַנגען, און אין וועלכער זייט: אַף צאָפן, אַף דאָרעם אָדער אַף מיזרעך. דאָ קענען מיר ניט דערהערן זייערע קוילעס.

בעקי איז געוואָרן אומרויִק.

— ווי לאַנג איז, אַז מיר גייען שוין דאָ אַרום, טאָם? עפשער וואָלט גלייכער געווען אומצוקערן זיך צוריק?

— דו ביסט גערעכט, דאָס וועט זיין גלייכער.

— און דו וועסט קענען געפינען דעם וועג, טאָם? דאָ איז אַזאַ פּלאָנטער—איך אַליין וואָלט געוויס ניט געקענט אַרויס פונדאַנען...

— איך וואָלט יאָ געקענט, ווען ניט די פלעדערמייז. נאָר אויב זיי וועלן פאַרלעשן אונדזערעביידע ליכט, וועט דאָס זיין אַ גוואַלדיקע מיִעסקייט. לאָמיר פּרוּוון אַזוך טאָן אַן אַנדער וועג, קעדיי ניט צו גיין דאָרטן אַרום.

— אָבער איך האָף, אַז מיר וועלן ניט פאַרבלאָנדזשען. דאָס וואָלט דאָך געווען אַזאַ שרעקלעכע זאַך!—און דאָס מיידעלע האָט אויש אַ ציטער געטאָן פונעם געדאַנק אַליין. טאָם האָט אויסגעקליבן איינעם פון די קאָרידאָרן, און די קינדער זיינען אַ לאַנגע צייט שווייגנדיקערהייט געגאַנגען מיטן קאָרידאָר, איינקוקנדיק זיך אין יעדן זייטיקן דורכגאַנג, עפשער וועט מען אין אים עפעס דערקענען. אָבער דאָ איז אַלץ געווען פאַר זיי פרעמד. יעדער מאָל, ווען טאָם האָט גענומען אויספאָרשן אַ נייעם דורכ־

גאנג, האָט בעקי אכטונג געגעבן אפּ אים, וואַרטנדיק אפּ א מונטערן צייכן, און ער פלעג פּריילעך א זאָג טאָן:

— דאָס איז ניט יענער וועג, מיט וועלכן מיר זײַנען פריִער געגאנגען, אָבער דו האָב קיין יעסורים ניט — אז ס'וועט קו־מען די רעכטע צײַט, וועלן מיר געפינען אונדזער וועג.

פונדעסטוועגן האָט ער אלע מאָל, ווען ס'איז ניט געראָטן, אלץ מער פארלוירן די זיכערקײַט, און האָט איינגיכן אָנגעהויבן צו פארקערעווען אפּ רעכטס און אפּ לינקס, וווהין ס'לאָזט זיך, האָפנדיק צו געפינען, סאָפּעקאָלסאָפּ, דעם באקאנטן וועג. פון צײַט צו צײַט פלעג ער א זאָג טאָן: „האָב קיין מוירע ניט—אלץ גייט אויסגעצייכנט". אָבער בא אים אין הארצן איז שוין געלעגן אזא שרעקלעכע שווערקײַט, אז דאָס קאָל זײַנס האָט מען קאָם גע־קענט הערן, פונקט ווי ער וואָלט זאָגן ניט „אלץ גייט אויסגע־צייכנט", נאָר „אלץ איז פארלוירן".

בעקי האָט מיט שרעק זיך געטוליעט צו אים, זי האָט זיך מיט אלע קויכעס געשטארקט אײַנצוהאלטן די טרערן, נאָר דאָס האָט זיך איר שלעכט אײַנגעגעבן. ענדלעך, האָט זי א זאָג געטאָן:

— הער אויס, טאָם, עס מאכט ניט אויס, וואָס דאָרטן זײַנען פאראן פלעדערמײַז, לאָמיר זיך אומקערן צוריק מיט יענעם וועג, אניט וועלן מיר זיך נאָר פארפלאָנטערן.

טאָם איז געבליבן שטיין.

— וואַרט אויס.

און אינמיטן דער טיפער שטילקײַט, — אזא שטילקײַט, אז די קינדער האָבן געהערט זייער אייגענעם אָטעם, — האָט טאָם א געשריי געטאָן.

זײַן קאָל האָט א לאנגע צײַט אָפּגעקלונגען אין דער ליידי־קער הייל און איז אויסגעגאנגען ערגעץ ווײַט מיט א שוואכן קלאַנג, וואָס איז געווען ווי א שפּאָט־געלעכטער.

— אוי, טאָם, טו דאָס מער ניט – דאָס איז אזוי שרעקלעך, — האָט געזאָגט בעקי.

— שרעקלעך איז דאָס שרעקלעך, אָבער בעסער איז דאָך, אז מע שרײַט: קאָן זײַן, זיי וועלן פאָרט דערהערן אונדז. און ער האָט ווידער א געשריי געטאָן.

זײַנע ווערטער „קאָן זײַן" האָבן דורכגעקלונגען פארן מיידעלע נאָך שרעקלעכער פונעם בייזוווּנדערישן געלעכטער. זי האָט פארשטאנען, אז טאָם פארלירט די האָפענונג. די קינדער זײַנען געשטאנען שווײַגנדיקערהייט און האָבן געווארט. אָבער אף דעם געשריי האָט זיך קיינער ניט אָנגערופן. טאָם האָט פארקערעוועט צוריק און האָט פארגיכערט די טריט. נאָר באלד האָט עפעס א ניטזיכערקײַט אין זײַן בליק אויסגעזאָגט בעקין אן אנדער שרעקלעכן סאָד: ער האָט שוין ניט געקענט געפינען דעם וועג אף צוריק!

— אוי, טאָם, פארוואָס האָסטו ניט געמאכט קיין צייכנס?

— בעקי, איך בין אזא נאר! אזא נאר! מיר איז גאָר ניט אײַנגעפאלן, אז אונדז וועט אויסקומען גיין צוריק. ניין, איך קאָן ניט געפינען דעם וועג. בא מיר האָט זיך אלץ פארפלאָנטערט.

— טאָם, טאָם, מיר זײַנען פארפאלן! פארפאלן! מיר וועלן קיינמאָל, קיינמאָל ניט ארויסקלײַבן זיך פון אָט דער שרעקלעכער אונטערערד! אָ, פארוואָס זײַנען מיר אוועקגעגאנגען פון די אי־בעריקע?

זי האָט אָן קויכעס אראָפּגעלאָזט זיך אף דער ערד און אזוי ווילד צעוויינט זיך, אז טאָם האָט זיך איבערגעשראָקן, מיינענדיק, אז זי וועט באלד שטארבן אָדער אראָפּ פון זינען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אף דער ערד לעבן איר און זי ארומגענומען. זי האָט, וויינענדיק, באהאלטן איר פּאָנעם בא אים אף דער ברוסט און האָט זיך געטוליעט צו אים, אויסדערציילנדיק אלע אירע

שרעקן, איר גאנצע פארשפעקטיקטע כאראַטע. דער ווײַטער ווי־דערקאַל האָט פארוואנדלט דאָס אלץ אין צעשאָטענעם שרויט פון שפּאָטישן געלעכטער. טאָמ האָט זיך געבעטן בא איר, זי זאָל זיך אביסל אופּמונטערן, נאָר זי האָט געזאָגט, אז זי איז ניט אימשטאנד דאָס צו טאָן. דעמלט האָט ער אָנגעהויבן צו שעלטן זיך דערפאר, וואָס ער האָט זי געבראכט צו אזא שרעקלעכער לאגע, אין דאָס האָט געווירקט בעסער. זי האָט געזאָגט, אז זי וועט פּרוּוון נעמען זיך אין די הענט, אז זי וועט אופשטיין און גיין נאָך אים, וווהין ער וועט פירן, אבי ער זאָל ניט רעדן אזוי, וואָרעם זי איז אויך שולדיק ניט ווייניקער פון אים. און זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, וווהין ס'האָט זיך געלאָזט, אָן שום ציל, נאָר קעדיי צו גיין און ניט זיצן אפן אָרט — מער האָבן זיי דאָך ניט געקענט טאָן גאָרניט.

שפּעטער אביסל האָט טאָמ גענומען דאָס ליכט פון בעקיס הענט און האָט עס פארלאָשן. זיי האָבן דאָך געדארפט זיך פירן מיט כעזשבן. בעקי האָט דאָס אָן איין וואָרט פארשטאנען, און זי איז ווידער אראָפּגעפאלן בא זיך. זי האָט געוווסט: בא טאָמען איז פאראן נאָך א ליכט און נאָך א דריַי־פיר קליינע שטיקלעך ליכט אין קעשעניע — און דאָך האָט ער גערעכנט, אז מע דארף שפּאָרן.

ביסלעכווײַז האָט די מידקייַט אָנגעהויבן מאָנען אירס. די קינדער האָבן זיך געפּרוּווט ניט לייגן דערויף קיין אכט — עס איז שרעקלעך געווען אפילע א קלער צו טאָן וועגן אנידערזעצן זיך, אז יעדער רעגע איז געווען אזוי טײַער.

רוקנדיק זיך גלאט אין דער וועלט ארײַן, ניט ווי סנדיק וווהין, זײַנען זיי פאָרט געגאנגען פאָרויס, און מעגלעך — צום ארויסגאנג, אָבער צוזעצן זיך וואָלט געהייסן לאָזן זיך ווארטן אפן טויט און אפילע דערנעענטערן אים. נאָר בעקיס שוואכע פיסלעך האָבן

זיך אינגאנצן אָפּגעזאָגט איר צו דינען. זי האָט זיך אוועקגעזעצט, טאָמ האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן איר, און זיי האָבן אָנגעהויבן שמועסן וועגן דער היים, וועגן פריינט, וואָס זיינען דאָרט איבער־געבליבן, וועגן באקוועמע בעטן, און דערהויפּט וועגן ליכט. בעקי האָט געוויינט. טאָמ האָט זיך אלץ געפּרוווט צוטראכטן עפּעס, קעדיי צו טרייסטן זי, נאָר אלע זיינע שפּיצלעך זיינען מיט ווייסע פעדעם גענייט געווען און האָבן געקלונגען, ווי כויזעק. בעקי איז, סאָפּקאָלסאָפּ, אזוי פארפייניקט געוואָרן פון מידקייט, אז זי איז איינגעשלאָפן. טאָמ האָט זיך דערפרייט. ער האָט געקוקט אויף איר פארמאטערט פּנעמל און האָט געזען, ווי ביסלעכווייז, אונטערן איינפלוס פון זיסע כאלוימעס, נעמט עס אָן זיין געוויינלעכן רויִקן אויסדרוק. אויף אירע ליפּן האָט זיך באוויזן און איז פארבליבן א שמייכל. פון דעם פרידלעך־שלאָפנדיקן מיידעלע האָט אין זיין אייגענער נעשאָמע אריינגעשטראָמט מיט כיידן, און זיינע געדאנ־קען האָבן געשוועבט ערגעץ אין פארגאנגענהייט, אין פארנעפלטע זיכרוינעס. ער האָט זיך אזוי פארטיפט אין זיינע זיכרוינעס, אז ער האָט אפילע ניט באמערקט, ווי בעקי האָט זיך אויפגעכאפּט און האָט אָנגעהויבן שטיל לאכן, אָבער איר געלעכטער איז אין דער זעלבער רעגע פארשוווּנדן און איז איבער אין א קרעכץ.

— אָ, וויִאזוי האָב איך געקענט איינשלאָפן! איך וואָלט גע־וואָלט קיינמאָל, קיינמאָל ניט אויפכאפּן זיך! ניין, ניין, טאָמ, קוק ניט אזוי! איך וועל קיינמאָל מער אזוי ניט רעדן.

— איך בין צופרידן, וואָס דו ביסט געשלאָפן, בעקי: איצט האָסטו זיך אויסגערוט, און מיר וועלן גיין ווייטער זוכן דעם וועג.

— מיר וועלן פּרוּוון, טאָמ, נאָר איך האָב אין כאָלעם גע־זען אזא וואונדערלעך לאנד: אפּנעם, מיר גייען אהין.

— קען זיין, און קען זיין — ניט. זיי מוטיק, בעקי! קום ווייַ־טער זוכן.

זיי זײַנען אופגעשטאנען און אוועק האנט בא האנט, ניט גלייבנדיק שוין אין קיין דערפאָלג. זיי האָבן געפרווט טרעפן, ווי לאנג שוין זיי האָבן פארבראכט אין הייל: זיי האָט זיך גע־דאכט, אז זיי זײַנען דאָ עטלעכע טעג און וואָכן, אָבער קלאָר איז געווען, אז ס'האָט ניט געקענט זײַן אזוי, ווײַל אפילע זייערע ליכט האָבן ביזן סאָף ניט אויסגעברענט.

נאָכדעם זײַנען זיי לאנג, זיי האָבן אליין ניט געוווּסט, ווי לאנג, געגאנגען שווײַגנדיק. טאָם האָט געזאָגט, אז מע מוז שטיל צוהערן זיך, צי הערט מען ערגעץ ניט קיין רויש פון פאלנדיקע טראָפנס. מע מוז געפינען א קוואל. טאָם האָט געפונען איין קוואל און האָט געזאָגט, אז אָט דאָ דארף מען מאכן אן אָפרו. ביידע זײַנען שרעקלעך פארמאטערט געווען, נאָר בעקי האָט גערעכנט, אז מע מוז גיין ווײַטער, און איז זייער פארוווּנדערט געווען, ווען טאָם איז דערויף ניט אײַנגעגאנגען, זי האָט עס ניט געקענט פארשטיין. זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט, און טאָם האָט מיט א שטיקל ליים צוגעקלעפט דאָס ליכטל צו א שטיין, וואָס איז גע־לעגן אקעגן זיי. ביידע האָבן זיך פארטראכט און האָבן א שטיק צײַט געשוויגן. בעקי האָט די ערשטע אָנגעהויבן רעדן.

— טאָם, איך בין אזוי הונגעריק...

טאָם האָט ארויסגעשלעפט עפּעס פון קעשעניע.

— דו געדענקסט?

בעקי האָט זיך קימאט צעשמייכלט.

— דאָס איז אונדזער כאסענע־לעקעך. איך וואָלט וועלן, אז ער זאָל זײַן גרויס, ווי א פאס, ווײַל מער האָבן מיר גאָרניט.

— איך האָב דעם שטיק לעקעך אפּגן פיקניק באהאלטן, קעדיי אוועקלייגן אים אונטערן קישן, ווי גרויסע טוען עס, קעדיי ארויס־רופן די געווונטשענע כאלוימעס. אָבער דאָס וועט זײַן אונדזער לעצט...

בעקי האָט ניט געענטפערט. זי האָט ניט געוואָלט פאַרשאַפן קיין יעסורים איר כאַוועך. טאַטע האָט צעטיילט דעם לעקעך אויף צוויי טיילן. בעקי האָט מיט אַפּעטיט אויפגעגעסן איר טייל. טאָם האָט זיך קאַם, קאַם צוגערירט צו זײַן טייל. פאַרטרינקען איז געווען מיט וואָס: נאָענט איז געווען אַ גאַנצער קוואַל קאַלטע וואַסער. אַביסל שפּעטער האָט בעקי פאָרגעלייגט גיין ווײַטער. טאָם האָט אַ רעגע אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— בעקי, דו קאָנסט רויִק אויסהערן, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

בעקי איז בלייך געוואָרן, נאָר זי האָט געזאָגט, אַז איר דוכט זיך, אַז זי קען.

— איז אָט, בעקי: מיר דאַרפן בלײַבן דאָ. דאָ איז כאָטש פאַראַן וואַסער צו טרינקען. דאָס איז אונדזער לעצט שטיקל ליכט!

בעקי האָט זיך שוין ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט אָנגע־הויבן וויינען און קלאָגן. טאָם האָט זי געטרייסט, ווי ער האָט געקענט, נאָר דאָס האָט קנאַפּ געהאָלפן. ענדלעך, האָט זי געזאָגט:

— טאָם!

— וואָס, בעקי?

— זיי וועלן זיך כאַפּן און קומען אונדז זוכן?

— נו, פאַרשטייט זיך, זיי וועלן געוויס קומען.

— קאָן זײַן, זיי זוכן אונדז שוין אַצינד, טאָם?

— נו, יאָ, זייער מעגלעך. איך גלייב, אַז ס'איז שוין אַזוי.

— ווען רעכנסטו, טאָם, וועלן זיי זיך דערוויסן וועגן אונדז?

— איך רעכן, ווען זיי וועלן זיך אומקערן אויפן פּאַראָם.

— טאָם, דעמלט וועט שוין זײַן פינצטער. זיי וועלן באַמערקן, אַז מיר זײַנען נישטאָ?

— איך ווייס ניט, יעדנפאַלס, וועט דײַן מאַמע עס באַמערקן, ווי נאָר אַלע וועלן זיך אומקערן אַהיים.

בעקיס דערשראָקענער בליק האָט דערמאנט טאָמען, אז זײַנ כאוועוטע האָט באשלאָסנ נעכטיקנ בא אירער א כאווערטע, אונ דעריבער וועט מענ אפ איר ניטווארטנ אינדערהיים.

די קינדער זײַנענ אנשוויגנ געוואָרנ אונ האָבנ זיכ פארטראכט. אביסל שפּעטער האָט א נײַער אופרײַס פונ בעקיס יעסורימ באוויזנ טאָמענ, אז בעקינ אונ אימ איז אײַנגעפאלנ איינ אונ דער זעלבער געדאנק: סע קאָנ אוועק א האלבער זונטיקדיקער פרי־מאָרגנ, איידער מיסיס טעטשער וועט זיכ דערוויסנ, אז בעקי האָט גענעכטיקט ניט בא מיסיס גארפער.

די קינדער האָבנ ניט אָפּגעווענדעט זייערע בליקנ פונעמ לעצטנ שטיקל ליכט, נאָכשפּירנדיק, ווי אומראכמאָנעסדיק אונ לאנגזאמ דאָס ליכט גייט אויס. ענדלעכ, איז געבליבנ ניט מער ווי א פּיצינקעלע קנייטל. א קליינ פּײַערל פלעג זיכ אופהייבנ אונ פאלנ, דערנאָכ האָט עס א פלאטער געטאָנ אפנ דינעמ זײַלעכל רויכ, א רעגע פארהאלטנ זיכ,—אונ ענדלעכ איז געוואָרנ שרעק־לעכ פינצטער.

וויפל צײַט איז אוועק, איידער בעקי איז געקומענ צו זיכ אונ האָט פארשטאנענ, אז זי וויינט אינ טאָמס אָרעמ, האָט קיינער פונ זיי ניט געקענט זאָגנ. זיי האָבנ געוווסט נאָר, אז נאָכ זייער א לאנגנ מעשעכ צײַט האָבנ זיי ביידע אופגעכאפּט זיכ פונ א שווערנ שלאָפ אונ אפסנײַ פארשטאנענ, וואָס ס׳האָט פאסירט.

טאָמ האָט גערעכנט, אז ס׳איז שוינ זונטיק, קענ זײַנ מאָנטיק, ער האָט געפּרוווט פארוויילנ בעקינ, נאָר יענע איז געווענ צופיל דערשלאָגנ פונ אירע יעסורימ. זי האָט שוינ קיינ שומ האָפענונג ניט געהאט. טאָמ האָט געטײַנעט, אז מע האָט שוינ לאנג גע־קערט באמערקנ, אז זיי זײַנענ נישטאָ, אונ איצט זוכט מענ זיי גע־וויס. מע דארפ ווידער שרײַענ. עמעצער וועט דערהערנ, וועט זיכ אָפּרופנ אונ וועט קומענ. ער האָט א געשריי געטאָנ. נאָר אינ דער

פינצטער האָט דאָס ווײַטע ווידערקאָל געקלונגען אַזוי שרעקלעך, אַז ער האָט שוין מער ניט געפּרוווט.

די צײַט איז ניט געשטאַנען, און דער הונגער האָט ווידער אָנגעהויבן פּײַניקן די קינדער. טאָמע האָט אָפּגעבראָכן אַ שטיקעלע פון זײַן העלפט. זיי האָבן עס צעטיילט צווישן זיך, נאָר דערפון האָט זיך זיי מער נאָך פאַרגלוסט עסן.

— טסס...—האָט טאָמע געזאָגט,—דו הערסט?

בעקי האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם און האָט אָנגעהויבן צו־הערן זיך. פונדערווײַטנס האָט זיך קאַם, קאַם דערטראָגן אַ ווײַטער רוף (די קינדער האָבן ווידער אָנגעהויבן צוהערן זיך). טאָמע האָט זיך אין דער זעלבער רעגע אָפּגערופן מיט אַ געשריי און, פירנדיק בעקין פאַר דער האַנט, איז ער געלאָפן איבערן קאָרידאָר אין דער זײַט, פון וועלכער ס'האָט זיך געהערט די שטים: ער איז גע־בליבן שטיין. דער קלאַנג האָט זיך איבערגעכאַזערט, עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז שוין אַסאַך נענטער.

— דאָס זײַנען זיי! — האָט אויסגעשריגן טאָמע. — זיי גייען אַהער. קום, בעקי,— האָב קיין מורא ניט,—איצט וועט אַלץ זײַן גוט.

די קליינינקע געפאַנגענע זײַנען שיקער געוואָרן פון פרייד, נאָר לויפן גיך זײַנען זיי געווען ניט אימשטאַנד, איבער די גרי־בער, פון וועלכע מע האָט זיך געדאַרפט היטן. באַ איינע גרוב האָבן זיי זיך ניט־ווילנדיק געמוזט אָפּשטעלן. דער גרוב האָט געקענט האָבן אַ דרײַ, אַ הונדערט פוט אין דער טיף, אַלציינס— איבערשפּאַנען אים איז ניט מעגלעך. טאָמע האָט זיך אוועקגעלייגט אויפן בויך און האָט זיך אַ ציִ געטאָן אַראָפּ, אַז וויפל ס'איז נאָר מעגלעך געווען. דעם באָדן האָט ער ניט דערגרייכט. מע האָט געמוזט פאַרבלײַבן דאָ און וואַרטן, ביז מע וועט נאָך זיי קומען. די קינדער האָבן זיך צוגעהערט, נאָר די קלאַנגען האָבן זיך באַ־שטימט דערווײַטערט. נאָך עטלעכע רעגעס — און זיי זײַנען אינ־

גאנצן פארשוווּנדן. ער האָט געמיט זיך ווירקן אַפ בעקין מיט זיַין גלויבן. נאָר ס'איז דורכגעגאנגען א גאנצע אייביקייַט פון אָנגעשטרענגטן ווארטן, און קיין קלאנגען האָט מען אלץ ניט געהערט.

די קינדער האָבן זיך קאַם דערקליַבן צוריק צום קוואל. די צייַט האָט זיך געצויגן ביז גאָר לאנגזאַם. זיי זיַינען ווידער איַינגעשלאָפן און האָבן זיך אופגעכאפּט הונגעריקע, דערשלאָגענע פון זייערע יעסורים. טאָמ איז געווען זיכער, אז איצט איז שוין דינסטיק.

פלוצעם איז בא אים דורכגעפלויגן א געדאנק. נאָענט האָבן זיך געצויגן עטלעכע זיַיטיקע קאָרידאָרן. איז דען ניט בעסער אויספּאָרשן זיי, איידער מאטערן זיך אין אוא לאנגוויַיליקן גאָר ניט טאָן? ער האָט ארויסגענומען פון דער קעשעניע א שטריקל אַפ וועלכן מע לאָזט „לופטבאלאָנען", צוגעבונדן עס צו א שטיק פעלדז און איז געגאנגען, פירנדיק נאָך זיך פאר א האנט בעקין און פאנאנדערוויקלענדיק דעם קנויל בייס דעם רוקן זיך פאָרויס. אין א טריט 20 ארום האָט זיך דער קאָרידאָר געענדיקט מיט עפּעס א קליינעם פלאץ, א „פלאץ אַפ שפּרינגען". טאָמ האָט זיך געשטעלט אַפ די קני און האָט אָנגעהויבן באטאפּן די וואנט פונונטן. ער האָט אָנגעטאפּט א ווינקל, א צי געטאָן זיך נאָך אביסל רעכטס, און אין דער זעלבער רעגע האָט זיך אין א מעהאלעך פון א צוואנציק טריט פון אים, פון הינטערן פעלדז, ארויסגעשטעקט א מענטשלעכע האנט מיט א ליכט! טאָמ האָט פריידיק א געשריי געטאָן. אָבער באלד נאָך דער האנט האָט זיך ארויסגערוקט א גוף: דאָס איז געווען אינדזשען דזשאָ! טאָמ איז געליימט געוואָרן פון שרעק. ער האָט ניט געקענט א ריר טאָן מיט דער האנט, ניט מיטן פוס און ער האָט זיך שרעקלעך דערפרייט, ווען דער „שפּאניער" האָט זיך אויסגעקערט צו אים

מיטן רוקן און איז פארשווונדן געוואָרן. טאָמע האָט זיך פארווונ־
דערט, וויאַזוי האָט דזשאָ ניט דערקענט זײַן קאָל און האָט זיך
אפ אים ניט אָרופגעוואָרפן הארגענען אים פאר זײַנע באַווײַזן
אפן געריכט. נאָר, אפּאָנעם, דאָס ווידערקאָל האָט געענדערט זײַן
שטימ — געוויס אַזוי! פון שרעק האָט טאָמ דערפילט אַן אויסער־
געוויינלעכע שוואכקײַט אינ גאנצן לײַב. ער האָט זיך געזאָגט,
אַז אויב באַ אים וועלן נאָך קלעקן קויכעס אומצוקערן זיך צום
קוואל, וועט ער שוין דאָרט פארבלײַבן און וועט זיך שוין ניט
אונטערגעבן דעם יעיצערהאָרע צו זוכן אַן אויסוועג, ריזיקירנדיק אָנ־
צושטויסן זיך אפ אינדזשענ דזשאָ. ער האָט אויסבאַהאַלטן פון
בעקין דאָס, וואָס ער האָט געזען, און האָט איר געזאָגט, אַז ער
האָט געשריגן גלאַט אַזוי אינ דער וועלט אַרײַן.

אָבער דער הונגער און די שרעקלעכע לאַנגע האָבן, סאָפּקאָל־
סאָפּ גויווער געווען דעם פּאַכעד. דאָס נײַע פּײַנלעכע זיצן באַם
קוואל און דער נײַער שלאָפ האָבן געבראַכט מיט זיך אַן ענדע־
רונג. אַז די קינדער האָבן זיך אופגעכאַפּט, האָבן זיי איבערגע־
לעבט אַלע שרעקלעכע ווייטעקן, וועלכע הונגער ברענגט מיט
מיט זיך. טאָמ איז געווען פעסט, אַז איצט איז שוין מיטוואָך
אָדער דאָנערשטיק, און קען זײַן — פרײַטיק אָדער שאַבעס, און
אַז די, וואָס זוכן זיי, האָבן שוין פארלוירן אַלע האָפענונגען זיי
צו געפינען. ער האָט פאָרגעלייגט אויספאָרשן דעם צווייטן קאָ־
רידאָר. ער איז גרייט געווען אפילע אפ דער ריזיקע זיך צו באַגע־
גענען מיט דעם מעטיס. נאָר בעקי איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט,
זי איז אַרײַנגעפאַלן אינ עפּעס אַ שרעקלעכן גלײַכגילט און האָט
ניט געוואָלט רירן זיך פון אָרט. זי האָט געטײַנעט, אַז זי וועט
בלײַבן דאָ, ווו זי איז, און וועט וואַרטן אפן טויט. זי האָט געיי־
צעט טאָמען נעמען זיך מיטן שטריק און, אויב אים ווילט
זיך — גיין, נאָר זי האָט אים געבעטן וואָס אָפטער אומקערן זיך

צוריק, אביסל ריידן מיט איר, און זי האָט בּאַ אים גענומען אַ וואָרט, אַז ווען ס׳וועט קומען די שרעקלעכע מינוט, וועט ער זיצן לעבּן איר און האַלטן איר האַנט, בּיז אַלץ וועט זיך ניט ענדיקן. טאַמע האָט זי אַ קוש געטאָן, קאַמע אָטעמענדיק, — ס׳איז אים געוואָרן עפּעס ענג אין האַלדז, — און האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער גלייבּט קלוימערשט אין דער מעגלעכקייט צו געפינען אַן אויסוועג פון הייל אָדער בּאַגעגענען זיך מיט די, וואָס זוכן זיי. דערנאָך האָט ער גענומען אין די הענט דאָס שטריקל, און טאַפּנדיק, אַפּ אַלע פיר אָנגעהויבּן קריכן איבּערן קאָרידאָר אין פייַן פון הונגער און מיט פאַרגעפּילן פון נאָענטן טויט.

## קאַפּיטל 33.

ס׳איז דורך דער דינסטיק־פרי, ס׳איז געוואָרן אָפּדערנאַכט, און דאָס שטעטל האָט אַלץ געטרויערט: די פאַרפאַלן־געוואָרענע קינדער האָט מען אַלץ ניט געפונען. אין קלויסטער האָט מען געהאַלטן אין איין גאָט בּעטן — גאָט זאָל ראַטעווען די קינדער, אָבּער פון דער הייל זייַנען אַלץ קיין פריילעכע בּסורעס ניט געקומען. די מערהייַט זוכער האָבּן געוואָרפן זייערע זוכענישן און האָבּן זיך אומגעקערט צו זייערע געוויינלעכע אַרבּעטן, קומענדיק צום בּאַשלוס, אַז די קינדער קען מען שוין, זעט אויס, ניט געפינען. מיסיס טעטשער איז געווען זייער קראַנק און איז צומיינסטן געלעגן כאַלאַשעס. די מענטשן, וואָס האָבּן זי געזען האָבּן דערציילט, אַז ס׳רייַסט דאָס האַרץ צו הערן, ווי זי רופט איר מיידעלע, צו זען, ווי זי הייבּט אויף דעם קאָפּ און הערט זיך לאַנג אייַן, און דערנאָך לאָזט זי ווידער מיט אַ קרעכץ אַראָפּ דעם קאָפּ אַפּן קישן. די מומע פּאָלי איז אַרייַנגעפאַלן אין טיפער מאָרעשכוירע, און אירע גרויע האָר זייַנען אינגאַנצן גרוי געוואָרן.

דינסטיק אפדערנאכט האָט קימאט דאָס גאנצע שטעטל זיך געלייגט שלאָפן, ניט האָבנדיק שוין קיין שום האָפענונג.

אינמיטן נאכט האָט זיך פּלוצעם אָנגעהויבן א קלינגעריי, און אין איין רעגע האָבן זיך די גאסן אָנגעפילט מיט האלב־נאקעטע מענטשן, וואָס האָבן דול געשריגן: „מ׳האָט זיי געפונען! מ׳האָט זיי געפונען! געפונען!״ מ׳האָט געקלונגען אין גלעקער, מ׳האָט געקלאפּט אין בלעכענע טאצן, מע האָט געטרומייטערט. די גאנ־צע באפעלקערונג פון שטעטל איז געלאָפן אנטקעגן די קינדער, וועלכע ס׳האָבן געפירט אין אן אָפענעם עקיפּאזש די דערפרייטע איינוווינער. א האמוין האָט ארומגערינגלט דעם עקיפּאזש, האָט אים באגלייט אהיים און האָט דורכגעמארשירט איבער די גאסן אין א פריילעכער פּראָצעסיע, ניט אופהערנדיק צו שרייען „הורא״.

מ׳האָט אָנגעצונדן אילומינאציע. שלאָפן האָט זיך שוין קיינער ניט געלייגט. אזא גרויסע נאכט האָט דאָס שטעטל קיינמאָל נאָך ניט איבערגעלעבט. אין א מעשעך פון א האלבער שאָ האָבן דעם ריכטער טעטשערס הויז באזוכט קימאט אלע איינוווינער פון שטעטל. זיי האָבן געכאפּט אין זייערע אָרעמס ארײַן די געראטעוועטע קינדער, האָבן געדריקט די הענט דער מיסיס טעטשער, האָבן געפּרוּווט ריידן, נאָר זײַנען ניט אימשטאנד געוועזן, און האָבן פארפלייצט די שטוב מיט א מאבול טרערן.

די מומע פּאָלי איז געוועזן אויסער זיך פון גליק, דאָסזעלבע די מיסיס טעטשער. דער מיסיס טעטשער האָט איצט געפעלט נאָר איינס, אז זי זאָל איינגאנצן גליקלעך זײַן: ס׳זאָל זיך אומקערן פון דער הייל איר מאן — מ׳האָט צו אים אין הייל שוין אוועק־געשיקט א שאָליִעך מיט דער פריילעכער פּסורע.

טאָם איז געלעגן אפן דיוואן און האָט דערציילט פאר די גיריק האָרכנדיקע צוהערער די געשיכטע פון זײַן וווּנדערלעכער

פאסירונג, צוגעבנדיק, פון מעליצע וועגן, ניט ווייניק אויסגע־טראכטע איינצלהײַטן. צום סאָף האָט ער דערציילט, וויִאזוי ער האָט, איבערלאָזנדיק בעקין, זיך געלאָזט אויספאָרשן די אי־בעריקע קאָרידאָרן, איז דורכ דעם דריטן קאָרידאָר און האָט שוין געזאָלט זיך אומקערן צוריק, — האָט ער פּלוצעם דערזען אינדערווײַטנס א ליכטיקן פלעק, וואָס איז ענלעך אפ א טאָג־שײַן, וועלכע דרינגט ארײַן דורכ א שפּארונע; וויִאזוי ער האָט, טאָמ, א וואָרפ געטאָן דעם שטריק און האָט זיך א לאָז געטאָן צו אָט דעם פלעק, ארײַנרוקנדיק דעם קאָפּ מיט די אקסלען אין דער קליינער לאָכ, וויִאזוי ער האָט דערזען פאר זיך די ראכ־וועסדיקע פלאכ פון מיסיסיפּי. און זאָל מען עס נאָר נעמען אפן זינען — ווען ס'וואָלט געווען באנאכט, וואָלט ער ניט דערזען דעם ליכטיקן פלעק און ס'וואָלט אים ניט אײַנגעפאלן צו גיין צום עק קאָרידאָר! דערנאָכ האָט ער דערציילט, וויִאזוי ער האָט זיך אומגעקערט צו בעקין מיט דער פריילעכער פסורע, און זי האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיך אופהערן צו טשעפּען צו איר מיט אזעלכע נארישקײַטן, ווײַל זי איז זייער מיד און ווייסט, אז זי וועט אינגיכן שטארבן, און זי איז צופרידן דערמיט. ער האָט דערציילט, וויִאזוי ער האָט זי אײַנגערעדט און איבערצײַגט, און וויִאזוי זי איז אַינדערעמעסן שיר ניט געשטאָרבן פאר פרייד, דערזעענדיק די בלויע טאָג־שײַן... וויִאזוי ער איז אליין ארויס־געקראָכן פון דער לאָכ און האָט איר געהאָלפן ארויסקריכן, וויִ־אזוי זיי זײַנען געזעסן און האָבן געוויינט פאר פרייד, און אין אָט דער צײַט איז פארבײַגעפאָרן א שיפל, און ער, טאָמ, האָט א געשריי געטאָן צו די מענטשן, וואָס זיצן אין שיפל, און האָט זיי געגעבן צו פארשטיין, וויִאזוי ער מיט בעקין האָבן געטראָפן אהער און ווי הונגעריק זיי זײַנען. די פישערס האָבן אין אָנ־הייב אפילע ניט געוואָלט גלייבן אין זײַן דערציילונג, זאָגנדיק,

אז ס׳קאָן בעשומויפן ניט זײַן, ווײַל יענץ אָרט, ווו זיי זיצן איצט, ליגט אפּ פינף מײַל נידעריקער פונעם אָרט, ווו ס׳געפינט זיך די הייל. אָבער דערנאָך האָבן די פישער זיי גענומען אין שיפל אַרײַן, האָבן זיי צוגעפירט צו עפּעס א הויז, האָבן זיי אָנגעהאָדעוועט און דערנאָך אָפּגעפירט אהיים.

נאָך פּאר שאריִען האָט מען דעם ריכטער טעטשער און דאָס בינטל מענטשן, וואָס מיט אים, ארויסגעשלעפּט פון דער הייל מיט דער הילף פון די שטריק, וואָס מיט זיי האָבן זיי זיך פאר־בונדן, אראָפּלאָזנדיק זיך אין הייל, — און מע האָט זיי דערציילט דאָס גרויסע נײַס.

די דרײַ טעג און דרײַ נעכט פון הונגער און שרעק אין דער הייל האָבן ניט געקענט גלאט אָפּגיין, — טאָם און בעקי האָבן עס גאָר גיך דערפילט. דעם גאנצן מיטוואָך און דעם גאנצן דאָ־נערשטיק זײַנען זיי אָפּגעלעגן צו בעט, אין גרויסער מידקייט און שטארקער אויסגעצערטקייט. טאָם האָט דאָנערשטיק שוין אָנ־געהויבן אופשטיין, פרײַטיק איז ער שוין אוועקגעגאנגען זיך א דריי טאָן איבער דער שטאָט, און שאבעס איז ער שוין גאָר געווען א כוואט. נאָר בעקי איז אזש ביז זונטיק ניט ארויסגעגאנגען פון איר צימער, — אפילע או זי איז, סאָפּקאָלסאָפּ, ארויסגעגאנגען, האָט זי געהאט א פּאָנעם, ווי נאָך א שווערער קרענק.

טאָם האָט, דערוויסנדיק זיך וועגן העקס קרענק, נאָך פרײַטיק זיך געלאָזט גיין באזוכן אים, אָבער מע האָט אים ניט צוגעלאָזט צום קראנקן גיט נאָר פרײַטיק, נאָר אויך שאבעס און אויך זונטיק. דערנאָך האָט מען טאָמען שוין אַרײַנגעלאָזט יעדן טאָג, נאָר מיט א באדינג ניט צו דערציילן וועגן דעם, וואָס ס׳איז געשען אין דער הייל, און ביכלאל ניט פאַרפירן קיין שמועסן, וואָס קענען אופרודערן דעם קראנקן. קעדיי צו זײַן זיכער, איז די אלמאָנע דוגלאס די גאנצע צײַט געזעסן לעבן זיי. אינדערהיים

האָט זיך טאָם דערוווּסט וועגן דער געשעעניש אַף קאַרדיף־כיל און אויך וועגן דעם, אַז דעם קערפּער פון איינעם פון די אויס־וווּרפן האָט מען געפונען אין טײַך לעבן אָרט, ווו עס שטייט שטענדיק דער פּאַראָם. ער איז, זעט אויס, דערטרונקען געוואָרן, פּרוּווּנדיק צו ראַטעווען זיך, בײַס מע האָט אים נאָכגעיאָגט.

אין אַ וואָכן צוויי אַרום נאָכן אַרויסראַטעווען זיך פון הייל איז טאָם ווידער אַוועקגעגאַנגען באַזוכן זײַן כאַווער העק, וואָס האָט זיך שוין אַזוי פּאַריכט פון דער קרענק, אַז ער האָט געקאָנט פירן וועלכע שמועסן מע וויל נאָר. אַזוי־ווי דעם ריכטערס הויז איז געשטאַנען אונטערוועגס, איז אונדזער העלד אַרײַנגעגאַנגען אַהין זען בעקין. באַם ריכטער זײַנען געזעסן געסט. זיי האָבן אַרײַנגעצויגן טאָמען אין זייער שמועס, און עמעצער האָט, טרײַבנדיק קאַטאָוועס, געפרעגט אים, צי וואָלט ער ניט אַ באַלן געווען נאָכ־אַמאָל אָפּזײַן אַ צײַט אין הייל. טאָם האָט געענטפערט, אַז ער האָט גאָרניט קעגן.

— איך צווייפל אַפילע ניט, טאָם, אַז אַסאַך וואָלטן דיר נאָכגע־טאָן,— האָט געזאָגט דער ריכטער,— אָבער מיר האָבן אָנגענומען מיט־לען. אין דער דאָזיקער הייל וועט שוין מער קיינער ניט קאָנען אַרײַן.

— וואָס הייסט? פאַרוואָס?

— ווײַל שוין אַ וואָכן צוויי, אַז כ'האָב באַפוילן, מע זאָל פאַר־שלאָגן די אַרײַנגאַנג־טיר פון דער הייל מיט אײַזן און זי פאַרשליסן אַף אַ דרײַפאַכיקן שלאָס. און די שליסל געפינען זיך בא מיר.

טאָם איז געוואָרן ווײַס, ווי קרײַד.

— וואָס איז מיט דיר, טאָם? היי! גיכער אַהער! ברענגט אַ גלאָז וואַסער!

מ'האָט געבראַכט וואַסער, מ'האָט אַ שפּריץ געטאָן טאָמען אין פּאָנעם אַרײַן.

— אָך, ריכטער, דאָרטן אין הייל איז... אינדזשען דזשאָ!

## קאפיטל 34.

אין פינף מינוט ארום האָט זיך דאָס נײַס פארשפרייט איבערן גאנצן שטעטל, און גאָר אינגיכן האָבן א טוץ שיפלעך, אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, א לאָז געטאָן זיך צו דער הייל. נאָך די שיפלעך האָט טייקעפ געדירט אויך דער פאראָם, איבערגעפולט מיט אוילעם. סאָם סאָיער איז געפאָרן אין איין שיפל מיטן ריכטער טעטשער. ווי נאָר מע האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון דער הייל, האָבן די אָנגעקומענע דערזען פאר זיך אין האלבטונקלעניש פון הייל א טרויעריק בילד. אפ דער ערד איז געלעגן טויט דער מעטיס, צוטוליענדיק דאָס פּאָנעם צו דער שפּאַרונע אין טיר, ווי זײַנע דורשטיקער בליק וואָלט ביז דער לעצטער רעגע ניט געקענט אָפּרײַסן זיך פון דער שײַן, פון דער פרייד פון דער פרײַער דרויסנדיקער וועלט. טאָמען האָט עס שטארק גערירט — ער האָט געוווּסט פון אייגענער דערפארונג, ס׳ארא ליידן ס׳האָט באדארפט איבערטראָגן אָט דער אומגליקלעכער. טאָם האָט גרויס ראכמאָנעס געהאט אפן מעטיס, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט ער דערפילט א ריזיקע לײַכטקײַט אפ דער נעשאָמע, — ערשט אצינד האָט ער פארשטאנען, מיט וואָס פאר א לאסט איז אפ זײַן נעשאָמע געלעגן די שטענדיקע שרעק פון יענעם טאָג אָן, זינט ער האָט דערציילט אפן געריכט דעם עמעס וועגן אָט דעם בלוטדורשטיקן אויסוווּרף.

לעבן מעטיס איז געלעגן זײַן גרויס מעסער, די גראָבע אונטערשטע שטיק האָלץ אפ דער טיר איז אינגאנצן געווען צעשניטן מיט אָט דעם מעסער, נאָר די שווערע מי איז געווען אומזיסט, ווײַל אינדרויסן איז איבער דער שוועל געלעגן א שטיין, און אקעגן דעם דאָזיקן הארטן שטיין איז דאָס מעסער אָנמעכטיק געווען, — עס האָט זיך צעבראָכן, דאָס מעסער. אָבער ווען ס׳וואָלט

דאָ אפילע ניט זײַנ קיינ שטיינ, וואָלט דעמ מעטיס מי סײַוויסײַ געוועננ אנ אומזיסטע, ווײַל ווענ ס'וואָלט אימ אפילע גע־לונגענ אָפּצושנײַדנ אינגאנצנ די שטיק האָלצ, וואָלט ער ניט געקענט דורכרוקנ דורכ דער טיר זײַנ שווערנ קערפּער. ער האָט עס געוווסט, דער מעטיס; דעריבער האָט ער געשניטנ דאָס האָלצ, נאָר קעדיי עפּעס צו טאָנ, קעדיי ווי ס'ניט איז אוועקהארגענענ די פײַנלעכע צײַט, ווי ס'גיט איז פארוויילנ דעמ פארמאטערטנ זינענ. געוויינלעכ פלעג אינ די ווענט־שפּאלטנ פונ אָט דער פאָדערש־טער טייל פונ הייל שטענדיק סטאָרטשענ ארומ א האלב טוצ קיילעוונע שטיקלעכ, וואָס די טוריסטנ האָבנ איבערגעלאָזט. אצינד האָט מענ ניט געזענ קיינ איינ ברעקל פונ זיי. דער מעטיס האָט זיי אלע געפונענ אונ אופגעגעסנ. ער האָט אפילע געפּאקט עט־לעכע פלעדערמײַז אונ האָט זיי אויכ אופגעגעסנ, איבערגעלאָזט נאָר די ביינער. דער אומגליקלעכער איז אומגעקומענ פונ הונגער. ניט ווײַט פונ אימ איז דוירעסלאנג פאמעלעכ אויסגעוואקסנ פונ דער ערד א סטאלאגמיט, — אויסגעפורעמט האָבנ דעמ סטאלאגמיט די טראָפּנס וואסער, וואָס טריפנ אראָפּ פונעמ אינדערהייכ־הענ־גענדיקנ סטאלאקטיט. דער מעטיס האָט אָפּגעבראָכנ א שטיקל פונ שפּיצ סטאלאגמיט אונ האָט אפנ שטיקל ארופגעלייגט א שטיינ, אינ שטיינ האָט ער אויסגעמאכט א גריבל אפ צונויפ־זאמלענ די ווערטפולע טראָפּנס, וואָס פאלנ אראָפּ שוידערלעכ־רעגולער אלע צוואנציק מינוט. אינ פיר אונ צוואנציק שאָ פלעג זיכ אזויארומ צונויפזאמלענ א דעסערט־לעפעלע... דער דאָזיקער טראָפּנ איז געפאלנ שוינ דעמלט, ווענ מ'האָט געבויט די פּירא־מידנ, ווענ ס'איז געפאלנ טראָיע, ווענ מע האָט געגרינדעט רוימ ווענ קאָלומב איז געשווומענ אנטקעגנ אמעריקע. ער פאלט אויכ אצינד, דער טראָפּנ, אונ וועט פאלנ דאנ, ווענ מירנ דערטרונקענ ווערנ אינ דער פינצטערניש פונ לעגענדעס אונ וועלנ אײַנזינקענ

אין כוישעכ פון פארגעסנהײַט. שוין אסאך יאָרן אוועק, זינט דער מעטיס האָט אויסגעדליבעט א גריבל אין שטיין, פאנגענדיק די ווערטפולע טראָפּנס, אָבער אויך היינט שטעלט זיך אָפּ דער טוריסט, וואָס באזוכט די הייל, און שטייט לאנג לעבן דעם טרויער־שטיין און קוקט אפּ די פּאמעלעכ־פּאלנדיקע טראָפּנס. צווישן די בארימטע זאכן אין הייל פארנעמט אינדזשען דזשאָס בעכער דעם ערשטן פּלאצ. אינדזשען דזשאָען האָט מען באגראָבן ניט ווײַט פונעם ארײַנגאנג אין הייל, און אפּ דער דאָזיקער לעווײַע איז זיך צו־נויפגעפאָרן אנ אוילעם אין שיפלעכ און אין וואָגנס פון אלע שכיי־נישע פערמעס און דערפלעכ, זיבן מײַל די ווײַט פון שטעטל.

אינדערפרי, וואָס נאָכן טאָג, וואָס מע האָט באגראָבן דעם מעטיס, האָבן טאָם מיט העקן זיך באהאלטן אין א שטיל ערטל צוליב אנ ערנסטן שמועס. העק האָט שוין איצט געהאט געוווּסט וועגן טאָמס פּאסירונג, — דערציילט האָבן עס אים מ״ר דשאָנס און די אלמאָנע דוגלאס. אָבער, לויט טאָמס מיינונג, האָבן זיי העקן וועגן דעם סאמע וויכטיקסטן ניט דערציילט. וועגן דעם טאקע האָט ער, טאָם, געוואָלט אצינד דורכשמועסן זיך מיטן כאוועך. העקס פּאָנעם איז פינצטער געוואָרן.

— איכ ווייס, וואָס ס׳איז די מײַסע, — האָט ער א זאָג געג־געבן, — דו ביסט געווען אין נומער 2 און דאָרט גאָרניט ניט געפונען, אכוץ בראָנפּן. מיר האָט קיינער ניט דערציילט וועגן דיר, נאָר איכ האָב עס אליין פארשטאנען, ווי נאָר כ׳האָב דער־הערט די געשיכטע וועגן דעם בראָנפּן. פארשטאנען האָב איכ אויכ, אז דו האָסט ניט געקראָגן דאָס געלט, ווײַל אניט וואָלסטו שוין געפונען א מיטל און וואָלסט מיר עס דערציילט, ווען דו וואָלסט אפילע צוגעזאָגט שווײַגן וועגן דעם פּאר אנדערע. טאָם, ס׳האָט מיר שטענדיק עפּעס דאָס הארצ געזאָגט, אז דער דאָזי־קער אויצער וועט זיך אונדז ניט געבן אין די הענט ארײַן.

— וואָס רעדסטו, העק? איך האָב קיינמאָל ניט געמאסערט דעם בעלעבאָס פון איינפאָר־הויז, דו ווייסט דאָך, אז שאבעס, ווען מיר זיינען געגאנגען אפן פיקניק, איז נאָך אין איינפאָר־הויז געווען אלץ באשאָלעם. דו געדענקסט דען ניט, אז באנאכט האָסטו באדארפט וואכן לעבן דעם איינפאָר־הויז?

— אך, יאָ! דו ווייסט, אצינד דאכט זיך מיר, אז געווען איז עס שוין זייער לאנג, מיט א יאָר צוריק. געווען איז עס אין יענער נאכט, ווען כ'בין געגאן צו דער אלמאָנע דוגלאס, נאָכשפירנדיק נאָך אָט דעם טייוול, דעם מעטיס.

— דו ביסט נאָכגעגאנגען נאָך אים פוס־טריט?

— יאָ, נאָר דו שווייג וועגן דעם! איך בין זיכער, אז ס'זיינען נאָך בא אים גוטע־פריינט געבליבן. איך האָב קיין כיישעק ניט, מע זאָל מיר אָנזאלצן, מע זאָל מיר אופטאָן עפעס א מיעס שפיצל. אָבער דאָס מעגסטו מיר גלייבן: ווען ניט איך, וואָלט ער שוין אצינד געווען אין טעכאס.

און העק האָט בעסאָד דערציילט טאָמען זיינע פאסירונגען, וועלכע טאָם האָט ביז היינט בלויז טיילווייז געהערט פון מ־ר דשאָנס.

— פארשטייסט, — האָט פארענדיקט העק, — די, וואָס האָבן ארויסגעשלעפט דעם בראָנפן פונעם „נום. 2“, האָבן אויך דאָס געלט פון דאָרט ארויסגעשלעפט. אונדזער זאך איז פיפטער, טאָם.

— העק, דאָס דאָזיקע געלט איז גאָרניט געלעגן אינעם „נום. 2“.

— וואָס הייסט? — העק האָט שארף א קוק געטאָן דעם כאַווער אין פּאָנעם אריין. — טאָם, דו האָסט ווידער געפאקט א שפור פונעם געלט?

— העק, דאָס געלט איז אין הייל.

בא העקן האָבן זיך די אויגן צעפלאקערט.

— כאזער איבער, וואָס האָסטו געזאָגט, טאָם?

— דאָס געלט איז אין הייל.

— טאָם, זאָג דעם עמעס, דו רעדסט ערנסט, צי דו טרײַבסט קאַטאָוועס?

— ערנסט, העק. איך האָב נאָך אַף מײַן לעבן אַזוי ערנסט ניט גערעדט. ווילסט גיין מיט מיר אַהין און מיר מיטהעלפן נע־מען דאָס געלט?

— פאַרשטייט זיך, כ'וועל גיין! אויב מירן נאָר קענען קו־מען אַהין, ניט פאַרבלאָנדזשענדיק.

— העק, דאָס קאָנען מיר דרייסט טאָן, מיט גאָרניט ניט רי־זיקירנדיק.

— גרויסאַרטיק! אָבער פאַרוואָס מיינסטו, אַז דאָס געלט...

— וואַרט צו, העק, ביז מירן קומען אַהין. אויב מירן ניט געפינען דאָס געלט, גיב איך דיר אַוועק מײַן פויק און אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, — אַף מײַן וואָרט, כ'גיב עס דיר אַוועק!

— געמאַכט! ווען, זאָגסטו, דאַרף מען גיין?

— אַפילע באַלד, אויב דו ביסט מאַסקים. קויעך וועט דיר קלעקן?

— צו דער הייל איז ווײַט צו גיין? איך בין שוין אַ טאָג פיר אַף די פיס, נאָר מער פון אַ מײַל וועל איך ניט דורכשפּאַנען, טאָם.

— ווער ס'זאָל ניט זײַן, אַכוץ מיר, וואָלט באַדאַרפט גיין אַ מײַל פינף, אָבער איך וועל דיך דורכפירן מיטן קירצסטן וועג, וועלכן קיינער, אַכוץ מיר, ווייסט ניט. איך וועל דיך ברענגען אַהין אַף אַ שיפל, העק, וועל דיך דורכפירן פונקט צו יענעם אָרט און כ'וועל אַליין רודערן אַהין און צוריק, — דיר וועט ניט אויסקומען אײַנטונקען אַ פינגער אין קאַלטער וואַסער.

— לאָמיר טייקעף פאָרן, טאָם!

— אויסגעצייכנט! מיר דאַרפן פאַרכאַפּן מיט זיך ברויט און פלייש און פּיפּקעס, און אַ פּאָר זעק, און דרײַ קנײַלעכלעך שטריק, און נאָך אָט די נײַע העלצלעך, וואָס הייסן פאָספאָר־

שוועבעלעך. וויפל מאָל האָב איך באַדויערט, וואָס כ׳האָב זיי ניט מיט זיך, ווען כ׳בין געזעסן אין הייל!

ארום האלבן טאָג האָבן די ייִנגלעך באַנוצט זיך דערמיט, וואָס איינער א באַלעבאָס פון א שיפל איז אוועק פון ברעג אין שטאָט, און זיי האָבן געכאַפּט דאָס שיפל. אַז זיי זײַנען אָפּגע־פאָרן עטלעכע מײַל, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— זעסט אָט יענעם באַרגשפּיץ, וואָס גייט אַראָפּ פון דעם „הייל־גראָבן״? ס׳דאַכט זיך, אַז ער איז גלאַט און גלײַך: קיין וואַלד ניט, קיין הײַזער, בלויז קוסטשעס, וואָס זײַנען געראָטן איינער אינעם אנדערן. אָבער אָט דאָרט, זעסטו, ווײַסט זיך עפּעס, דאָס איז מײַן צייכן, — אָט דאָ טאַקע וועלן מיר אַרויסגיין.

זיי זײַנען צו צום ברעג.

— אָט פונדאנען, ווו מיר שטייען אַצינד, קאָנסטו, העק, צו־רירן זיך מיט דער ווענטקע צו יענער טיר, פון וועלכער איך בין אַרויסגעקראָכן, אנו, גיב נאָר א פּרווו זי געפינען!

העק האָט אַרומגעשאַרט אַרום און אַרום, נאָר ער האָט גאָר־ניט ניט געפונען. טאָם אָבער איז שטאָלץ אַרײַנגעקראָכן אין סאַמע געדיכטעניש פון די קוסטשעס, ריידנדיק דערבײַ:

— אָט איז זי, דאָס איז טאַקע דאָס פאַרבאָרגנסטע שטעגל אין אַלע היגע ערטער. אָבער דו זע, קיין פּיפּס ניט! איך קלײַב זיך שוין לאַנג ווערן א גאַזלען, ס׳איז נאָר קיין פּאַסיקע גאַזלאָנישע היים ניט געווען. אָן א גאַזלאָנישער היים, ווייס איך, קאָן מען קיין גאַזלען ניט זײַן. אַצינד האָבן מיר געפונען און מירן קיינעם ניט אויסזאָגן וועגן דעם, סײַדן נאָר דזשאָ גאַרפּער און בען ראָד־זשערסן, — ווײַל מע דאַרף דאָך צונויפנעמען א באַנדע. אײַנ־צווייען — וואָס פאַר א גאַזלאָנים זײַנען מיר דעמלט! טאָם סאָ־יערס באַנדע! ווי וווּנדערלעך סע קלינגט, העק, ניט עמעס?

— יאָ, טאָם, אָבער וועמען וועלן מיר באַראַבעווען?

— אָ, וועמענ ס'וועט זיכ נאָר מאכנ: דורכפּאָרער, וועג־מענטשנ, ווי ס'פּירט זיכ בא גאזלאָנים.

— אונ הארגענענ אויכ?

— ניינ, ניט שטענדיק. בעסער האלטנ זיי אינ הייל אינ געפּענקעניש, ביז זיי וועלנ ניט באצאָלנ קיינ אויסקויפ־געלט!

— וואָס הייסט עס, אויסקויפ־געלט?

— געלט, הייסט עס. מע הייסט זיי צונויפזאמלענ בא זייערע פריינט, וויפל נאָר זיי קענענ, אונ אויב אינ מעשעכ פונ א יאָר טראָגנ זיי ניט ארײַנ דאָס אויסקויפ־געלט, דעמלט הארגעט מענ זיי. די פרויענ, וואָס מע נעמט אינ געפענקעניש, זײַנענ שטענדיק פּרעכטיקע שיינהײַטנ אונ זײַנענ גוואלדיק רײַכ אונ האָבנ שרעק־לעכ מוירע. מע נעמט בא זיי צו די זייגערס אונ אלדאָסגוטס, נאָר ריידנ דארפ מענ מיט זיי העפלעכ אונ באם ריידנ אראָפּ־נעמענ דעם הוט. די גאזלאָנימ זײַנענ זייער העפלעכע לײַט! דאָס שטייט אינ אלע ביכער. נו, די פרויענ פארליבנ זיכ, גע־וויינלעכ, אינ די גאזלאָנימ. נאָכנ אָפּזיצנ אינ הייל א וואָכ צוויי הערנ זיי אופ צו וויינענ, אונ דערנאָכ גלוסט זיכ זיי שוינ ניט אוועקצוגיינ. אזוי שטייט אינ אלע ביכער.

— דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָמ! ס'איז דאָכ אפילע בעסער, ווי זײַנ א פּיראט.

— נו, יאָ, בעסער... אביסל בעסער! ס'איז נעענטער צו דער היימ אונ ביכלאל...

זיי האָבנ דערווײַל אריבערגעשלעפּט אלצ פונ שיפל אונ זײַ־נענ דורכ דער לאָכ ארײַנגעקראָכנ אינ הייל ארײַנ. טאָמ האָט געשפּאנט פונפאָרנט. זיי זײַנענ צוגעקומענ צומ צווייטנ עק פונעמ אונטערערדישנ קאָרידאָר, האָבנ צוגעבונדנ זייערע שטריק צומ פעלדז אונ האָבנ זיכ געלאָזט ווײַטער גיינ. עטלעכע שפּאנ ווײַטער זײַנענ זיי שוינ געשטאנענ לעבנ דעם קוואל, אונ טאָמ האָט

דערפילט, ווי א קאלטער ציטער איז דורך איבער זײַן לײַב. ער האָט געוויזן העקן דאָס פארבליבענע ברעקל ליכטל אפן קופקעלע ליים סאמע לעבן דער וואנט און האָט אים אויסגעמאָלט, ווי ער, טאָם, מיט בעקינ האָבן נאָכגעשפּירט נאָכן טליִענדיקן פלאם.

די ייִנגלעך האָבן, אליינ ניט באמערקנדיק עס, גערעדט איצט שטיל־שטיל. די פינצטערניש און די שטילקייט האָבן זיי געדריקט. זיי האָבן פארקערעוועט אינ א צווייטן קאָרידאָר און האָבן אלץ געשפּאנט, ביז זיי זײַנען צוגעקומעג צו דעם „פלאץ אפ שפּרינגענ". בא דער שײַן פונ די ליכט האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אונטער דעם „פלאצ" איז געוועג ניט קיינ אָפּגרונט, נאָר בלויז א שארפּבארגיקער ליימענער ארָאָפּגאנג, א צוואנציק־דרײַסיק פוס די הייך.

— אצינד וועל איך דיר עפּעס ווײַזנ, — האָט א שעפּטשע געטאָן טאָם. ער האָט הויך אופגעהויבן זײַן ליכט.

— דו גיב א קוק אינ ווינקל ארײַנ וואָס ווײַטער. דו זעסט אָט דאָרט, אפן גרויסן שטיינ, איז עפּעס אויסגעמאָלט?

— טאָם, ס'איז א צ ײ ל ע מ!

— פארשטייסטו שוינ אצינד, ווו ס'געפינט זיך דער „נומ. 2"? אונטערן צײלעם. הא? פארשטאנען? אָט דאָ טאקע האָב איך געזען אינדזשען דזשאָען מיט א ליכט אינ די הענט.

העק האָט א פלאטער געטאָן און מיט א ציטעריק קאָל א זאָג געגעבן:

— טאָם, לאָמיר אוועקגיינ פונדאנען!

— וואָס הייסט, איבערלאָזנ דעם אוצער?

— יאָ, איבערלאָזנ. אינדזשענ דזשאָס נעשאָמע בלאָנקעט געוויס ארום אינ אָט דער הייל.

— ניינ, העק, ניינ. אויב זי בלאָנקעט אפילע, איז דאָרט, ווו דער מעטיס איז געשטאָרבן. באם ארײַנגאנג אינ הייל ארײַנ, פינפ מײַל די ווײַט פונדאנען.

— ניין, טאָם, ס׳איז ניט אזוי, ווי דו זאָגסט. זי וועט ארומ־בלאָנקען טאקע לעבן דעם געלט, היטן דאָס געלט. די געשפּענס־טער טוען שטענדיק אזוי. איך ווייס עס, דו ווייסט עס דאָך אויך.

טאָם האָט אָנגעהויבן מוירע האָבן, אז העק איז גערעכט. ער איז געוואָרן אומרויִק. נאָר פּלוצעם האָט אין זײַן מויעך אַ גע־דאנק דורכגעבליצט.

— הער נאָר, העק, ס׳ארא טיפּשים זײַנען מיר! אינדזשענ־דזשאָס נעשאָמע קאָן ניט ארומבלאָנקען אין אזא אָרט, ווו סע שטייט א ציילעם.

די רײַע איז געווען א פעסטע און האָט טייקעף געווירקט.

— כ׳האָב קיין טראכט ניט געטאָן דערפון, נאָר ס׳איז עמעס. ס׳איז אונדזער מאזל, וואָס סע שטייט דאָ א ציילעם. נו, איז לאָמיר ארויפקריכן אראָפּ און זוכן דאָס קעסטל.

טאָם איז אראָפּגעקראָכן אראָפּ, אויסשנײַדנדיק מיט די טריט טרעפּלעך אין דער ליים. העק איז אים נאָכגעגאנגען. פון דער קלייִ־נער הייל, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער פעלדז, זײַנען ארויסגע־גאנגען פיר קאָרידאָרן. די יינגלעך האָבן אויסגעפאָרשט דרײַ פון זיי און האָבן גאָרניט ניט געפונען. אינעם קאָרידאָר, וואָס איז דער נאָענטסטער צום פעלדז, זײַנען אויסגעשפּרייט געווען קאָלד־רעס, איז געהאנגען אַן אלט קעסטעלע, האָט זיך געוואלגערט הויט פון ווורשט און עטלעכע ארומגעפרעסענע פייגלשע סקע־לעטן. נאָר קיין געלט איז ניט געווען. די יינגלעך האָבן אלץ ארומגעשארט און באזוכט, — אָבער אומזיסט! סאָבּקאָלסאָפּ, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— ער האָט געזאָגט: „אונטערן ציילעם״, אָט דאָס איז דאָך טאקע אונטערן ציילעם. סע קאָן דאָך ניט זײַן, אז דאָס געלט זאָל זײַן אונטערן סאמע פעלדז: ער שטייט דאָך, דער פעלדז, שטײַף בא דער ערד.

זיי האָבן נאָך אביסל געזוכט און האָבן זיך צוגעזעצט אָפּ־רוען. העק האָט גאָרניט ניט געקענט צוטראַכטן. ענדלעך, האָט טאָם א זאָג געגעבן:

— זע נאָר, העק, אף איינע זייט פון פעלדז זעען זיך אָן שפּורן פון פיס און כיילעוו־פלעקן פון א ליכט אין ליים, פון דער צווייטער זייט איז גאָרניט ניטאָ. פאַרוואָס איז עס, אשטייגער? איך גיי אין געוועט, אז דאָס געלט געפינט זיך אונטערן פעלדז. איך וועל טייקעפּ א גראָב טאָן אין דער ליים.

— א ווילער געדאַנק, טאָם, — האָט לעבעדיק אונטערגעכאַפּט העק.

טאָם האָט אַרויסגעשלעפּט זיין מעסערל. ער האָט ניט באַוויזן צו מאַכן קיין קליין גריבל, ווי דאָס מעסערל האָט זיך א קלאַפּ געגעבן אין האָלץ.

— העק, דו הערסט?

העק האָט שוין אויך גענומען זיך געשמאַק גראָבן, העלפנדיק טאָמען. אינגיכן האָבן זיי אופגעעפנט עטלעכע ברעטער, וואָס האָבן פאַרשטעלט א נאַטירלעכן שפּאַלט, וועלכער האָט געפירט אַרונטער דעם פעלדז. טאָם איז אַריינגעקראָכן אין שפּאַלט אַריין און האָט אויסגעשטרעקט די האַנט מיטן ליכט, אָבער ער האָט ניט געקענט באַלייכטן דעם גאַנצן שפּאַלט ביזן סאָף און ער האָט באַשלאָסן אַליין אויספאָרשן אים. איינגעבויגן אינדרייען, האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער. דער שמאָלער געשלענגלטער דורכגאַנג האָט פּאַמעלעך טיפער און טיפער זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער ערד. טאָם איז געגאַנגען פונפאָרנט, העק — פוס־טריט נאָך אים. זיי האָבן פאַרקערעוועט אף רעכטס, דערנאָך אף לינקס, זיינען דורך נאָך איינע זיגזאַג, און פּלוצעם האָט טאָם אויסגעשריגן:

— גאָטעניו! העק, קום נאָר אַהער!

דאָס איז באַשטימט געווען דאָס קעסטל מיטן אוצר, לעבן

דעם איז געשטאַנען אַ ליידיק קעסטעלע מיט גאָר אַביסעלע פאַרבליבענעם פּולווער, אַ פּאָר ביקסן. געלעגן איז אַ לעדער־נער פּאַס און קאָלערליי שמאָכטעלייַעס, פאַרנעצטע פון דער וואַסער, וואָס טריפט אַראָפּ פון אויבן.

— סאָפּקאָלסאָפּ, האָבן מיר זיך דערשלעפּט! — האָט אַ זאָג געגעבן העק, אַרייַנלייגנדיק די האַנט צווישן די טונקעלע מאַט־בייעס. — נו, טאָמ, זייַנען מיר עס גווירים אַצינד!

— העק, איך בין שטענדיק זיכער געווען, אַז מירן רייַך ווערן. ס׳איז אַפילו טרוימען וועגן דעם — זייער אַנגענעם, אָבער אַצינד איז דאָס געלט אונדזערס, אַפּדערעמעסן! דאָך, מע דאַרף ניט פאַרציִען, — מע דאַרף אַרויסטראָגן דעם קאַסטן. לאָז, איך וועל אַ קוק טאָן, צי קאָן איך אים אופהייבן.

דאָס קעסטל האָט געוויגן אַנערעך פופציק פונט. טאָם האָט עס קאַם געקענט אופהייבן. טראָגן עס איז ער ניט בעקויעך געווען!

— איך האָב טאַקע אַזוי גערעכנט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — עס האָט מיר טאַקע אויסגעזען פון ערשטן בליק צו זייַן שווער. געדענקסט, וויִאַזוי זיי האָבן אים געטראָגן פון דאָרט, פון געשפּענסטער־הויז? אָט איז גוט, וואָס ס׳איז מיר אייַנגעפאַלן מיטצונעמען מיט זיך די זעק.

זיי האָבן דאָס געלט אַריבערגעלייגט אין די זעק אַרייַן און אַרופגעשלעפּט עס אַפן פעלדז אַרוף.

— אַצינד לאָמיר איבערטראָגן די ביקסן און דאָס איבע־ריקע, — האָט פאָרגעלייגט העק.

— ניין, העק, לאָמיר זיי דאָרטן איבערלאָזן. זיי וועלן אינדרז גראָד צונוץ קומען, אַז מירן ווערן גאַזלאָנים. מירן זיי טאַקע האַלטן באַהאַלטן דאָרטן, און דאָרטן וועלן מיר אונדזערע אָרגיעס פּראַווען. ס׳איז אַן אויסגעצייכנט אָרט פאַר אָרגיעס.

— וואָס איז אַזוינס „אָרגיעס“?

— איכ ווייס ניט, אָבער בא די גאזלאָנימ קומענ שטענדיק פאָר אָרגיעס, — וועלנ מיר איכ מוזנ עס טאָנ. נו, קומ־זשע, העק, — מיר זיצנ שוינ דאָ צו לאנג. ס'איז שוינ שפעט, אונ הונ־געריק בינ איכ שוינ ביז גאָר. מירנ שוינ דאָרט, אינ שיפל, אי־בערכאפנ אונ א רויכער טאָנ.

זיי זײַנענ ארויסגעגאנגענ פונ דער קוסטנ־געדיכטעניש, האָבנ זיכ פאָרזיכטיק ארומגעקוקט, האָבנ דערזענ, אז דער ברעג איז ליידיק, זײַנענ דורכ צומ שיפל אונ האָבנ גענומענ עסנ. אז די זונ האָט גענומענ זיכ נייגנ צומ האָריזאָנט, האָבנ זיי גערירט צומ שטעטל. טאָמ האָט די גאנצע צײַט גערודערט, האלטנדיק זיכ לעבנ ברעג, ווײַל שווימענ איז אויסגעקומענ קעגנ שטראָמ, אונ ער האָט פריילעכ געשמועסט מיט העקנ. אז ס'איז פינצטער געוואָרנ, זײַנענ זיי צו צומ ברעג.

— נו, העק, — האָט געזאָגט טאָמ, — אצינד וועלנ מיר דער־ווײַל באהאלטנ דאָס געלט אפנ בוידעמ פונ דער אלמאָנע דוגלאס האָלצ־קאמער, אונ אינדערפרי וועל איכ קומענ. מירנ איבערציילנ אונ זיכ צעטיילנ, דערנאָכ וועלנ מיר אָפזוכנ א זיכער אָרט אינ וואלד, ווו צו פארגראָבנ דאָס געלט. דו בלײַב דערווײַל דאָ אונ היט דאָס געלט, אונ איכ וועל א לויפ טאָנ ברענגענ בעני טיי־לערס וועגעלע. איכ קער זיכ טייקעפ אומ.

ער איז פארשוווּנדנ געוואָרנ אונ האָט זיכווירקלעכ גיכ אומ־געקערט מיטנ וועגעלע, האָט ארײַנגעלייגט אהינ ביידע זעק, האָט זיי אײַנגעדעקט מיט אנ אלטער שמאטע. די יינגלעכ האָבנ גע־נומענ ארופשטײַגנ אפנ בערגל, שלעפנדיק מיט זיכ דאָס וועגעלע. צוקומענדיק צומ אלטנס הויז, האָבנ זיי זיכ אָפגעשטעלט כאפנ דעמ אָטעמ. פונקט דעמלט, ווענ זיי האָבנ שוינ געוואָלט אוועק־גיינ, האָט זיכ אפ דער שוועל באוויזנ דער באלעבאָס.

— היי, ווער איז דאָרט?

— העק און טאָם סאָיער.

— אויסגעצייכנט! קומט מיט מיר, כעוורע, — איר האָט אלע־מען לאנג געלאָזט ווארטן אפ זיך. נו, מארש פאָרויס, גיכער! איך וועל פירן אייַער ווענעלע. אך, ס'איז פונדעסטוועגן שווער־לעך. וואָס איז דאָרט בא אייַך? ציגל, צי וואָס, אָדער עפשער אלט אייַזן?

— אלט אייַזן.

— איך האָב טאקע אזוי גערעכנט: אונדזערע ייִנגלעך זייַנען גרייט אויסברענגען אָן א שיר צייַט אפ צו קריגן אלט אייַזן־ברוכווארג, פאר וועלכן מע וועט געבן זעקס פענס אפן גוס־זאוואָד. אָבער פאר אן ארבעט וועלן זיי זיך ניט נעמען, כאָטש זי קאָן זיי צוויי מאָל אזויפיל געלט געבן! נאָר אזא נאטור שוין האָט דער מענטש! נו, מארש לעבעדיקער!

נאָר די ייִנגלעך האָבן געוואָלט וויסן, צוליב וואָס דארפן זיי אייַלן.

— אָט וועט איר קומען צו לויפן צו דער אלמאָנע דוגלאס, וועט איר זיך דערוויסן.

העק האָט אָן מוירע א פרעג געגעבן:

— וואָס איז געשען, מ־ר דזשאָנס? מיר האָבן דאָך קיין שום שלעכטס ניט אופגעטאָן.

מ־ר דזשאָנס האָט זיך הילכיק צעלאכט.

— איך ווייס ניט, העק, איך ווייס ניט, באָכערל מייַנס. וועגן דעם ווייסן מיר גאָרניט ניט. דו ביסט דאָך א גוטער פרייַנט דער אלמאָנע דוגלאס?

— יאָ, זי באציט זיך צו מיר פרייַנטלעך.

— נו, אָט, זעסטו, — איז פארוואָס־זשע האָסטו מוירע?

העק האָט ניט באוויזן צוטראכטן קיין ענטפער, — מ'האָט אים צוזאמען מיט טאָמען אריינגעשטופט אין גאסט־צימער פון דער

מיסיס דוגלאס. מ״ר דזשאָנס האָט איבערגעלאָזט דאָס וועגעלע אף יענער זײַט טיר און איז ארײַנגעגאנגען צוזאמען מיט זיי.

דער זאל איז געווען העל באלויכטן, און ס׳האָבן זיך דאָרט פארזאמלט אלע אָנגעזעענע מענטשן פון שטעטל. געווען זײַנען די טעטשערס, די גארפּערס, די ראָדזשערס, די מומע פּאָלי, סיד, מערי, דער גאלעך, דער ארויסגעבער פון דער צײַטונג און נאָך אסאך, אסאך אוילעם, — אלע יאָנטעווודיק פארפּוצט. די אלמאָנע האָט באגעגנט די יינגלעך זייער הארציק, ווי נאָר ס׳קאָן באגע־גענען א באלעבאָסטע געסט, וואָס באווײַזן זיך פאר איר מיט אזא אויסזען, ווי אונדזערע העלדן: אויסגעשמירט מיט ליים און מיט כיילעוו. די מומע פּאָלי איז אינגאנצן רויט געוואָרן פאר בושע און האָט אָנגעברויגעזט געשאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק אף טאָמען. נאָר ערגער פון אלעמען האָבן זיך געפילט די יינגלעך אליין. מ״ר דזשאָנס האָט געזאָגט:

— טאָם איז ניט געווען אינדערהיים און כ׳האָב זיך אפילע ניט געפּרווט געפינען אים. נאָר דערנאָך האָב איך אָנגעטראָפן אף אים און אף העקן פונקט לעם מײַן טיר, און אָט האָב איך זיי געבראכט אהער.

— און אויסגעצייכנט האָט איר טאקע געטאָן, — האָט געזאָגט די אלמאָנע, — קומט נאָך מיר, קינדער!

זי האָט זיי אוועקגעפירט אין אלקער און האָט א זאָג געטאָן:

— אצינד וואשט זיך אויס און טוט זיך איבער. דאָ ליגן צוויי נײַע גארניטערס: העמדלעך, זאָקן, — אלץ, וואָס מע דארף. ס׳איז, אייגנטלעך, צוליב העקן... ניין, ניין, העק, דו דאנק ניט: איין גארניטער האָב איך געקויפט, דעם צווייטן — מ״ר דזשאָנס, נאָר זיי פּאסטן ביידע פאר אײַך. טוט־זשע זיך אָן, און אז איר וועט פארטיק זײַן, — קומט אראָפּ, מיר ווארטן אף אײַך.

## קאַפּיטל 35.

— טאָם, — האָט אַ זאָג געטאָן העק, — מיר קאָנען אַנטלויפן דורכן פענצטער, ווען מיר זאָלן נאָר קריגן אַ שטריק. דאָ זיינען די פענצטער ניט הויך איבער דער ערד.

— וואָס פאַרא נאַרישקייטן! צוליב וואָס דאַרפן מיר אַנטלויפן?

— נו, פאַרשטייסט מיך, איך בין ניט געוווינט צו אַזאַ אויפלעם. איך קאָן דאָס ניט ליידן. איך וועל ניט גיין אַהין, טאָם.

— נאַרישקייטן, ס'האָט קיין שום ווערט ניט. אָט איז מיר אַלציינס. איך האָב גאָר קיין מוירע ניט, כ'וועל אויך דיך אין זינען האָבן.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן סיד.

— טאָם, די מומע האָט אויף דיר געוואַרט די גאַנצע צייט נאָך וואַרמעס, ווו ביסטו געווען? מערי האָט דיר אָנגעגרייט אַ יאָנטעוודיקן גאַרניטער. אַלע האָבן יעסורים געהאַט, ווו ביסטו. וואָס איז עס בײַ דיר אויפן אָנטאָן — כיילעווו, ליים?

— מ״ר סיד, איך אייצע אייך האָבן צו טאָן מיט אייערע אייגענע געשעפטן און ניט שטופּן די נאָז אין פרעמדע. דאָך, וואָס האָבן זיי עס דאָרט אין זאַל פאַרטראַכט? צוליב וואָס איז?

— פּאָשעט, די אַלמאָנע אָרדנט בײַ זיך איינס אָן אָוונט, ווי זי טוט עס אָפּטמאָל. היינטיקס מאָל איז דער אָוונט לעקאָוועד דעם מ״ר דזשאָנס און זיינע זין, דערפאַר, וואָס זיי האָבן זי אָפּגעראַטעוועט דעמלט בײַנאַכט. און איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אויב איר ווילט נאָר, פאַרשטייט זיך?

— נו, וואָס אַזוינס?

— אָט וואָס: דער אַלטער מ״ר דזשאָנס קלייבט זיך היינט מיט עפּעס אַלעמען פאַרכידעשן. נאָר איך האָב גראָד אונטערגעהערט זיין סאָד, ווען ער האָט עס היינט דערציילט דער מומען. איך מיין, אַז אַצינד איז עס שוין פאַר קיינעם קיין סאָד ניט.

אַלע ווייסן, אַפּילע די אַלמאָנע, כאָטש זי מאַכט זיך, קלוימערשט, אַז זי ווייסט ניט. פאַרשטייט זיך, דעם מ״ר דזשאָנסן איז נייטיק געווען ברענגען אַהער העקן, אָן העקן וואָלט זיך גאָרניט ניט באַקומען פון זײַן סאָד.

— און וואָס־זשע באַשטייט דער סאָד?

— דערין, וואָס דאָס האָט העק אויפגעדעקט די גאַזלאָנים לעבן דער אַלמאָנעס הויז. מ״ר דזשאָנס מיינט, אַז ס׳וועט זײַן פון זײַן זײַט אַ גרויסער סיורפּריז פאַר אַלעמען, — אינדערעמעסן אָבער וועט זיך גאָרניט ניט באַקומען.

סיד האָט אַ כיכיקע געטאָן, — ער איז געווען, זעט אויס, זייער צופרידן, וואָס דעם אַלטנס פּלאַן וועט דורכפאַלן.

— סיד, דאָס האָסטו אַלעמען דערציילט?

— ס׳דען ניט אַלציינס, ווער ס׳האָט דערציילט? מ׳ווייסט, און פאַרטיק.

— סיד, אין דער גאַנצער שטאָט איז דאָ נאָר איין מענטש, וואָס איז פּייניק אַף אַזאַ מיִעסקייט, און דאָס ביסטו. ווען דו וואָלסט געווען אַף העקס אָרט, וואָלסטו געיילט זיך מאַכן די פּליטע פון בערגל און וואָלסט קיינעם ניט דערציילט וועגן די גאַזלאָנים. נאָר אַף מיִעסקייטן ביסטו פּייניק און דו קאָנסט ניט פאַרטראָגן, אויב דו הערסט, ווי מע לויבט עמעצן פאַר אַ גוטער זאַך. אָט האָסטו דיר! און דאַנקען דאַרף מען ניט, ווי עס זאָגט די מיסיס דוגלאַס.

און טאָם האָט גענומען שלעפּן דעם ברודער באַם אויער און מיט קלעפּ אַרויסגעשליידערט אים אַף יענער זײַט טיר.

— אַצינד פאַרנעם זיך! און אויב דו וועסט זיך קלאָגן פאַר דער מומען, איז זע־זשע, מאָרגן וועט נאָך ערגער זײַן.

אין עטלעכע רעגעס אַרום זײַנען שוין דער אַלמאָנעס געסט געזעסן אַרום טיש און האָבן געגעסן וועטשערע: די דערוואַקסע־

נע — באַם הויפּט־טיש, און די קינדער שורעסווײַז באַ די קלײנינקע זײַטיקע טישלעך, ווי ס'איז געווען דער מינהג אין יענער צײַט און אין יענעם קאַנט. פאַרן לעצטן געריכט האָט מ־ר דזשאָנס געהאַלטן אַ קורצע רעדע. ער האָט געדאַנקט דער אַלמאָנע פאַרן קאָוועד, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן אים און זײַנע זין, נאָר אין דער זעלבער צײַט האָט ער דערקלערט, אַז דער גאַנצער פאַרדינסט איז ניט זײַערער, נאָר עמעצנס אַ דריסנס, וואָס זײַן באַשײדנקײַט א.אז.וו. א.אז.וו. מיסטער דזשאָנס האָט זײער קונציק צוגעגרײט די צו־הערער פאַר דעם אויפדעקן דעם סאָד וועגן העקס אָנטײל אין אָט דער גאַנצער געשיכטע. נאָר דער אינטערעס צו זײַן דערצײלונג איז שטאַרק געמינערט געוואָרן איבער סידס דערצײלן. און דער כידעש פון די צוהערער האָט באַקומען ניט אַזאַ ראַשיקן אויס־דרוק, ווי ס'וואָלט געקענט זײַן באַ אַנדערע אומשטענדן. דאָך האָט די מיסיס דוגלאַס געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז זײער פאַרכידעשט, און זי האָט באַשאָטן העקן מיט אַזעלכע ליבן און דאַנקען, אַז העק האָט קימאַט פאַרגעסן אין דער אומבאַקוועמלעכ־קײַט פון זײַן לאַגע — פאַרגעסן אין דער אומאַנגענעמלעכקײַט פון צו זײַן דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקײַט, — דאָס איז שוין גאָר ניט אין העקס טעווע געווען.

מיסיס דוגלאַס האָט געמאָלדן, אַז זי האָט באַשלאָסן נעמען העקן צו זיך אַהײם און מאַכן פון אים אַ לײַט, בילדן אים און דערנאָך העלפן אים קומען צו אַ טאַכלעס.

דאָ איז אַרויסגעטראָטן טאָם.

— העק נײטיקט זיך ניט אין דעם,— האָט ער אַ זאָג געגעבן.— העק איז אַצינד אַלײן אַ רײַכער.

ווען דער פאַרזאַמלטער אוילעם וואָלט ניט געווען אַזוי אײדל דערצויגן, וואָלט ער, פאַרשטײט זיך, באַגעגנט מיט פרײלעכן געלעכטער אָט דעם ליבן קאַטאָוועס, נאָר אויך די שווײַגעניש,

וואָס איז געוואָרן ארום טיש, איז ניט גאָר אנגענעם געווען. טאָם האָט זיך געײַלט צעשטערן די שטילקייט.

— העק האָט זײַן אייגן געלט. איר מעגט מיר ניט גלייבן, נאָר ער פארמאָגט א קופּע מיט געלט. זײַט אזוי גוט, לאכט ניט, — כ׳וועל אײַך באלד באווײַזן. ווארט צו א רעגע!

טאָם איז ארויסגעפלויגן פון צימער. אלע האָבן דערשטוינט און נײַגיריק געקוקט איינער אפן אנדערן און מיט פראגע אין בליק — אפן העקן. נאָר העק האָט געשוויגן, ווי דערשטיינט.

— סיד, וואָס האָט עס געטראָפן מיט טאָמען? — האָט געפרעגט די מומע פּאָלי. — ער... מיט אָט דעם באָכערל ווייסטו קיינמאָל ניט, אפ וואָס צו ריכטן זיך. כ׳האָב אפ מײַן לעבן...

די מומע פּאָלי האָט ניט פארענדיקט די פראזע, — איז ארײַנגעקומען טאָם, אײַנבייגנדיק זיך אונטער דער לאסט פון צוויי זעק. טאָם האָט ארויסגעשאָטן אפן טיש א הרורע גאָלד און האָט, טריומפירנדיק, אויסגעשריגן:

— אָט! וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? א האלב דערפון גע־הער העקן. און די צווייטע האלב — מיר!

אז דער אוילעם האָט דערזען א שעפע מיט גאָלד, האָט עס בא אלעמען דעם אָטעם פארכאפּט. א שטיקל צײַט האָט קיינער ניט געקענט קיין וואָרט ארויסרעדן. אלע האָבן, פארשטייט זיך, געפּאָדערט דערקלערונגען. טאָם האָט מיט גרויס כיישעק דערציילט. זײַן דערציילונג איז געווען לאנג, אָבער פול מיט שפּאנונג. מע האָט אים קימאט ניט איבערגעשלאָגן, קעדיי ניט צעשטערן דעם צויבער. אז טאָם האָט געענדיקט, האָט מ־ר דושאָנס געזאָגט:

— איך האָב געמיינט, אז כ׳האָב צוגעגרייט דעם אוילעם א קליינעם סיורפּריז, נאָר איך פארגלײַך מיט אָט דעם סיורפּריז איז מײַנער גאָרניט ווערט. איך בין אליין מוידע!

מ'האָט איבערגעציילט דאָס געלט. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז פאראנן איז מער פון צוועלף טויזנט דאָלערס. אזא סכום מיט־אמאָל האָט קיינער פון אוילעמ אפ זיין לעבן ניט געזען, כאָטש א טייל האָבן געהאט פארמעגן מער, ווי אפ צוועלף טויזנט דאָלער.

## קאפיטל 36.

טאָמס און העקס גליק האָט, פארשטייט זיך, אין אזא פאר־וואָרפן שטעטל, ווי פּיטערסבורג, געמאכט א גרויסן איינדרוק. אזא אומגעהייערע סומע געלט, און נאָך מיט ריין גאָלד — האָט אויסגעזען גאָר אויסערגעוויינלעך. וועגן דעם אויצער האָט מען גערעדט, געוווּנדערט זיך, געטיינעט, מ'האָט אָנגעקוועלט פון אים, געציטערט זיך מיט אים. א טייל איינוווינער זיינען שיר ניט משוגע געוואָרן פון אופגערעגטקייט. אין פּיטערסבורג און אין אלע ארומיקע דערפער האָט מען ארומגענישטערט אלע הייזער, אין וועלכע ס'האָבן געלעבט שיידים, מ'האָט ברעטערווייז געריסן די דילן, מ'האָט געגראָבן אונטער די פונדאמענטן, זוכנדיק פאר־גראָבענע אויצרעס, — און ניט קיין יינגלעך האָבן עס געטאָן, נאָר דערוואקסענע מענער, מענטשן ערנסטע, סאָלידע, גאָר ניט קיין טרוימערס. טאָמען מיט העקן האָט מען געפעסטעט, מע איז ארומגעגאנגען ארום זיי, מ'האָט געראטשעט אפ זיי די אויגן, ווי נאָר זיי פלעגן זיך באווייזן. די יינגלעך האָבן ניט געקענט זיך דערמאנען, אז עמעצער זאָל אמאָל צוגעבן וועלכן ס'ניט איז באדייט זייערע ווערטער. אצינד האָבן אלע איבערגעכאזערט יעדער פראזע זייערע, ווי עפּעס ווערטפולס. אין יעדער אופטו זייערן האָט מען געזען עפּעס גאָר, גאָר באזונדערס, ווי זיי וואָלטן אָנגעווירן דעם קויעך צו טאָן און ריידן געוויינלעכע זאכן. כוץ אלעמען, פלעג מען אפילע אין זייער פארגאנגענהייט אופזוכן ווערטער און פאקטן, וואָס פארכידעשן מאמעש מיט זייער אָריגי־

נעלקייט. אין דער היגער צייטונג זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן די ביאָגראַפיעס פון ביידע יינגלעך.

די אַלמאָנע האָט אַרײַנגעלייגט אין באַנק אַרײַן העקס געלט, אַפּ צען פּראָצענט אַ יאָר, און דער ריכטער טעטשער האָט, לויט דער מומע פּאָליס באַקאָשע, געטאָן דאָס זעלבע פון טאָמס וועגן. באַ יעדן פון די יינגלעך איז איצט געווען אַ ריזיקע יערלעכע האַכנאָסע: יעדער וואָכעדיקן טאָג צו אַ גאַנצן דאָלער, און אַ האַלב פון די זונטיקס אין יאָר — צו אַ האַלבן דאָלער. אַמאָליקע צײַטן איז דאָס לעבן געווען פּאָשעטער, ווי הײַנט, און פאַר אַ דאָלער מיט אַ פערטל אַ וואָך האָט מען געקענט ניט נאָר האָדעווען און לערנען אַ יינגל, נאָר אַפילע באַקליידן און באַשיכן אים.

דער ריכטער טעטשער האָט באַקומען גרויס אָפּשײַ פאַר טאָמען. ער פלעג זאָגן, אַז אַ געוויינלעך, פּאָשעט יינגל וואָלט קיינמאָל ניט געקענט אַרויספירן זײַן טאָכטער פון דער הייל. אַז בעקי האָט בעסאָד דערציילט דעם טאַטן, ווי טאָם האָט געלאָזט, מע זאָל אים אָנשמײַסן אָנשטאָט איר, האָט עס דעם ריכטער זייער גערירט. אַז בעקי האָט גענומען בעטן דעם טאַטן, ער זאָל זיך ניט באַציִען אַזוי שטרענג צו טאָמען איבערן ליגן, וואָס טאָם האָט געמוזט זאָגן, קעדיי אַרויסראַטעווען זי פון איר אומגליק און אַרופוואַלגערן דעם אומגליק אַפּ זײַנע אייגענע אַקסלען — האָט דער ריכטער אין היספּײַלעס געמאָלדן, אַז ס'איז געווען אַ דערהויבענער, איידעלער און גרויסמוטיקער ליגן, וואָס האָט פאַרדינט צו פאַרנעמען אין דער געשיכטע אַן אָרט באַנאַנד מיט דעם באַרימטן „עמעס" פון געאָרג וואַשינגטאָן. בעקי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען איר טאַטן אַזאַ דערהויבענעם, ווי אין אָט דער רעגע, ווען ער האָט אָט די רייד גערעדט, שנעל שפּאַנענדיק איבערן צימער און טופּענדיק מיטן פוס. בעקי איז טייקעף אַוועקגעגאַנגען און האָט אַלץ איבערגעגעבן טאָמען.

דער ריכטער טעטשער האָט געהאָפּט זען אַמאָל טאָמען אַ גרויסן אַדוואָקאַט אָדער אַ גרויסן קאָמאַנדיר. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך מישטאַדל זײַן, מע זאָל טאָמען אַרײַננעמען אין דער נאַציאָנאַלער מיליטער־אַקאַדעמיע, און דערנאָך זאָל ער דורכגיין דעם יורידישן קורס אין דער בעסטער יורידישער שול,— אַזוי אַז טאָם זאָל זיך צוגרייטן צו יעדערער פון די דאָזיקע קאַריערעס אָדער אַפילע צוביידע.

דאָס רײַכטום, וואָס העקלבערי פין האָט געקראָגן, און דער פאַקט, וואָס די אַלמאָנע דוגלאַס האָט אים גענומען אונטער איר שוץ, האָבן אַרײַנגעפירט העקן אין דער געזעלשאַפט,— ניין, האָבן אים אַרײַנגעשלעפּט אַהין מיט גוואַלד, און העקס ליידן זײַנען אַריבערגעשטיגן זײַנע קויכעס. דער אַלמאָנעס דינסטן האָבן געוואַשן און געריייניקט אים דאָס אָנטאָן, האָבן אים געקעמט און צוגעגלעט די האָר, האָבן אים אַף נאַכט געלייגט שלאָפן אין אַ ציכטיק־ריין בעט, און ס'איז אַפן לײַלעך און אַף דער קאָלדרע ניט געווען קיין איין שמוציק פלעקעלע. מע האָט אים געצוווּנגען עסן מיט אַ מעסער און גאָפל, פון טעלער און גלעזער, באַנוצן זיך מיט אַ טיכל, לערנען זיך פון אַ בוך, גיין אין קלויסטער אַרײַן, ריידן אַזוי איידל, אַז די ווערטער זאָלן אים בלײַבן שטעקן אין גאָרגל. וווּהין ער האָט זיך אַ קער געטאָן, אומעטום האָבן אים די פּענטעס און די באַריערן פון דער ציוויליזאַציע געפּענטעט הענט און פיס און פאַרצוימט דעם וועג.

אין מעשעך פון אַ דרײַ וואָכן האָט ער מוטיק איבערגעטראָגן זײַנע צאָרעס, נאָר דערנאָך, אין איינעם אַ שיינעם טאָג, איז ער פאַרשווּנדן געוואָרן. גאַנצע צוויי מעסלעס האָט די מיסיס דוגלאַס יעסורים געהאַט. זי האָט אים אומעטום אַרומגעזוכט. דער אוילעם איז געווען מאַמעש דערשטוינט. העקן האָט מען געזוכט אַף בערג און אין די טאָלן, מ'האָט אַרומגענישטערט אַפילע דעם טײַך, זוכנ־

דיק זײַנע קערפּער. ענדלעך, אויפֿן דריטן טאָג גאַנצפֿרי איז טאַטע סאַיערן אײַנגעפֿאַלן אַ נישטער טאָן אין די ליידיקע קאַמערן אויף יענער זײַט פֿאַרלאָזטן שעכט־הויז, און אין איינער פֿון די קאַמערן האָט ער געטראָפֿן דעם אַנטלאָפֿענעם. העק איז געשלאָפֿן: ער האָט אָט ערשט איבערגעביסן מיט ערגעץ צוגעשלעפּטע שטיקלעך פֿון עסנוואַרג, און אַצינד, נאָך דעם, ווי ער האָט אויסגערויכערט אַ פּיפּקע, האָט ער אין קאָמפּאָרט געררוט. ער איז געווען ניט אַרומגעוואַשן, ניט פֿאַרקעמט און אָנגעטאָן אין די פֿריִערדיקע שמאַטעס, אין יענע שמאַטעס, אין וועלכע ער האָט אַזוי שיין אויסגעזען אין די טעג, ווען ער איז נאָך געווען פֿרײַ און גליקלעך. טאַטע האָט אים אויפֿגעוועקט, האָט אים דערציילט, וויפֿל יעסורים ער האָט אַלעמען אָנגעטאָן, און האָט אים געוואָלט אײַנרעדן, ער זאָל זיך אומקערן אַהיים. העקס פּנים האָט אָנגעהויבן דאָס רויִקע אויסזען און איז אומעטיק געוואָרן.

— רעד ניט דערפֿון, טאַטע, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב געפּרוּווט, נאָר ס׳קומט גאָרניט ניט אַרויס, טאַטע! ניט פֿאַר מיר איז דאָס אַלץ, איך בין ניט געוווינט דערצו. די אַלמאָנע איז גוט צו מיר און מילד, נאָר איך קאָן ניט פֿאַרטראָגן די דאָזיקע אויפֿטויונג זייערע. זי צווינגט מיך, אַשטייגער, אויפֿשטיין יעדער פֿרימאָרגן אין איין און דער זעלבער צײַט, וואַשן זיך הייסט זי מיר, דעם גאַנצן קאָפּ האָבן זיי מיר צעדראַפּעט, קעמענדיק מיך, און שלאָפֿן לאָזן זיי מיך ניט אין דער האָלץ־קאַמער, — גיי לייג זיך אין בעט אַרײַן. און דאָס פֿאַרשאָלטענע אָנטאָן! דו פֿאַרשטייסט, טאַטע, איך ווער מאַמעש דערשטיקט אין דעם! סע לאָזט, דאַכט זיך, גאָר קיין לופֿט ניט דורך, ווייסט עס דער טײַוול! און שיין איז עס אַזוי, ווי דער רועך, אַז מע טאָר ניט זעצן זיך אין דעם אויף דער ערד, ניט לייגן זיך, ניט קײַקלען זיך אויף דער ערד. אָט כ׳האָב שוין, דאַכט זיך, אַ וועלט מיט יאָרן ניט געריטן אויף די

טירן פון די קעלערס! די אלמאָנע עסט מיטן קלונג, ליינט זיך שלאָפן מיטן קלונג, שטייט אוף מיטן קלונג — אלצדינג איז שוין שרעקלעך נאָרמאל איינגעאָרדנט, אז כ׳קאָן מאמעש ניט אויסהאלטן.

— ס׳איז דאָך אָבער בא אלעמען אזוי, העק.

— טאָמ, דאָס איז מיר אלצייגס. איך בין ניט אלע און איך קען עס ניט פארלײַדן. ס׳איז מאמעש א טויט צו זײַן געבונדן הענט און פיס. ס׳וועט מיך אין קייוועך ארײַן פארטרײַבן! איך קאָן שוין קיין שטיקל ברויט אין מויל ארײַן ניט נעמען... ווילט זיך פיש כאפן — דארפסטו פרעגן א דערלויבעניש; ווילסטו אביסל שווימען — א דערלויבעניש. כ׳וועל, דאכט זיך, גאָר אינגיכן אפילע פייגערן ניט קאָנען אָן א דערלויבעניש. מע צווינגט מיך ריידן אזוי' איידל, אז כ׳האָב שוין קיין שום כיישעק ניט צו ריידן. איך גיי שוין גאנצע אָפט אפן בוידעם ארוף, קעדיי אויסזידלען זיך, ווי ס׳דארף צו זײַן, אניט וואָלט איך קלאפירט! די אלמאָנע לאָזט מיך ניט רויכערן, לאָזט מיך ניט שרײַען, ניט גענעצן, ניט קראצן זיך, אויב עמעצער איז דאָ דערבײַ... איך האָב געדארפט אנטלויפן, טאָמ, איך האָב געמוזט! און כוץ דעם, אינגיכן הייבט מען אָן לערנען אין שול, — מע וועט מיך אויך, מיסטאמ, שיקן אין שול ארײַן — דאָס וועל איך שוין אפ געוויס ניט אויסהאלטן! זעסטו טאָמ, דאָס רײַנקײַט פאסט, ווײַזט אויס, ניט פאר מיר. כ׳האָב פון דעם בלויז צאָרעס און ווייטעקן, — די גאנצע צײַט גלוסט זיך מאמעש שטארבן. ס׳וואָלט קיינמאָל מיט מיר ניט געטראָפן זיך, ווען ניט אָט דאָס פארשאָלטענע געלט. טאָמ, נעם זיך צו, זײַ אזוי גוט, מײַן כיילעק און טו מיט דעם, וואָס דו ווילסט, און מיר גיב ארויס נאָר צען פענס אמאָל, און דאָס אויך ניט אָפט — מיר געפעלט נאָר דאָס, וואָס איז ניט לײַכט. דו גיי דער־פאר און בעט פאר מיר, די אלמאָנע זאָל מיך אָפלאָזן.

— ווייס איך וואָס, העק, דו ווייסט דאָך, אז איך טאָר עס

ניט: ס'איז ניט אָרנטלעך, און כוץ דעם, אויב דו וועסט זיך אַ מי טאָן נאָך אַביסל, וועסטו זיך צוגעוווינען.

— איכל זיך צוגעוווינען? קאָן מען דען צוגעוווינען זיך זיצן אין אַן אָנגעגליטן אויוון? ניין, טאָם, איך וויל ניט זײַן קיין רײַכער, איך וויל ניט וווינען אין אָט די עקלדיקע לײַטישע הײַזער. איך האָב ליב דעם וואלד, דעם טײַך, איך האָב ליב נעכטיקן אין די פעסער — אָט דאָס פּאסט פאר מיר. און דאָס איבעריקע — מעג עס אײַנגעזונקען ווערן! ווער באדארף עס? מיר וואָלטן דאָך בעסער געקענט ווערן גאזלאָנים, ווען ניט אָט דאָס געלט.

טאָם האָט עס טייקעף אויסגענוצט.

— העק, אָבער דאָס געלט וועט מיר דאָך ניט שטערן ווערן אַ גאזלען.

— נו? אך, דו גאָטעניו! דו מיינסט עס אפּדערעמעסן, טאָם?

— אפּ מײַן וואָרט, עמעס: אָבער דיך קאָן מען דאָך ניט ארײַנעמען אין דער באנדע, אויב דו וועסט ניט זײַן פֿײַן אָנגעטאָן.

העקס פרייד איז פארגיפטיקט געוואָרן.

— מע וועט מיך ניט קאָנען ארײַנעמען? וואָס הייסט, מע וועט ניט קאָנען? האָסט דאָך מיך ארײַנגענומען אין דער פּיראטנ־באנדע!

— יאָ, נאָר דאָס איז גאָר אַן אנדער זאך. אַ גאזלען איז שטענדיק איידעלער פון אַ פּיראט, ער דארף זיך האלטן לײַטישער. אין אסאך לענדער שטאמען די גאזלאָנים פון הערצאָגן, גראפן.

— אָבער הער, טאָם, דו ביסט דאָך שטענדיק געוועזן מײַן גוטער פרײַנט. דו וועסט מיך ניט ארויסוואַרפן? עמעס, טאָם? דו וועסט עס ניט טאָן? זאָג!

— העק, איך וואָלט, פארשטייסט זיך, געוואָלט דיך האָבן פאר אַ כאַווער, אָבער וואָס וועלן מענטשן זאָגן? זיי וועלן זאָגן! „פּפא! טאָם סאָיערס באנדע! זי באשטייט דאָך פון גאָלע אָפּגעריי־

סענע, אָפּגעשליסענע!״ — און זיי וועלן עס דיך מיינען דערמיט. דאָס וועט דאָך דיר ניט זײַן אנגענעם, נו, און מיר אויך, פארשטייט זיך.

העק האָט א רעגע געשוויגן. ס׳איז אין זײַן נעשאָמע פאָרגעקומען איצט א גרויסער געראנגל.

— גוט, טאָם. אויב דו וועסט צוזאָגן מיך ארײַננעמען אין דײַן באנדע, וועל איך זיך אומקערן אפּ א כוידעש צו דער אלמאָנע דוגלאס און זיך מיִען צוגעוווינען זיך, אויב איך וועל נאָר קאָנען. אָבער דו זאָלסט מיך ארײַננעמען.

— געמאכט, העק! קום, גוטער־ברודער! איך יועל א בעט טאָן די אלמאָנע, זי זאָל דיך ניט פּענטען אזוי.

— עמעס? וועסט א בעט טאָן, טאָם? אָט דאָס איז גוט! אויב זי וועט מיך אזוי ניט פּײַניקן אין די סאמע וויכטיקסטע זאכן, וועל איך רויכערן שטילערהייט, באהאלטענערהייט, און זידלען זיך וועל איך אויך ערגעץ אין א ווינקל. אָבער ווען וועסטו צונויפנעמען די באנדע און וועסט אָנהייבן ראבעווען?

— אָ, אינגיכן. מירן, מעגלעך, נאָך הײַנט באנאכט צונויפנעמען די כעווריע און מירן אײַנאָרדענען אן „ארײַנטריט־צערעמאָניע״.

— וואָס וועלן מיר אײַנאָרדענען?

— אן ארײַנטריט־צערעמאָניע.

— וואָס איז עס פאר א מין?

— דאָס הייסט, אז מיר וועלן זיך שווערן אָנעמען זיך איינער פארן אנדערן און ניט אויסגעבן די כאוויירים, אפילע אויב מע וועט אונדז צעשנײַדן אפּ שטיקער, — מירן שווערן, אז מירן הארגענען יעדן איינעם, וואָס וועט באליידיקן א מיטגליד פון אונדזער באנדע, אפילע ניט נאָר א מיטגליד, נאָר עמעצן פון זײַן פאמיליע.

— אָט דאָס איז אויסגעצייכנט, טאָם!

— נאָך א מין אויסגעצייכנט. און שווערן זיך דארף מען פּונקט אין האלבער נאכט, אין סאמע וויסטן אָרט, וואָס מע קאָן

נאָר געפינען, — דאָס בעסטע איז אזא הויז, ווו ס׳ווינען גע־שפענסטער.

— אין האלבער נאכט?

— יאָ, און שווערן ווען מיר אפ עמעצנס א קייווער, און כאסמענען ווען מיר מיט בלוט.

— אָט דאָס איז א זאך! דאָס איז אסאך אינטערעסאנטער, ווי צו זײַן א פיראט. נו, גוט, טאָמ, זאָל זײַן אזוי, איך וועל פאָלגן די אלמאָנע, ביז זי וועט מיך אינגאנצן ניט פארמאטערן! אויב איך וועל ווערן אן עמעסער, עכטער גאזלען און אלע וועלן נע־מען ריידן וועגן מיר — וועט זי אליין שטאָלצירן דערמיט, וואָס זי האָט פון מיר א לײַט געמאכט.

## שלוס.

דערמיט ענדיק איך מײַן דערציילונג. אזויווי דאָס איז א דערציילונג וועגן א ייִנגל, מוז איך זיך אָפּשטעלן. אויב איך וועל דערציילן ווײַטער, וועט עס שוין זײַן די לעבנס־געשיכטע פון א דערוואקסענעם מענטשן. בײַם מע שרײַבט א ראָמאַן פונעם לעבן פון דערוואקסענע מענטשן, ווייסט מען שטענדיק, ווו אָפּצושטעלן זיך: מע מאכט כאסענע דעם העלד — און פארטיק. בײַם מע שרײַבט וועגן ייִנגלעך — איז לײַכט זיך אָפּצושטעלן דאָרט, ווו ס׳איז באקוועמער.

די מערהײַט העלדן פון מײַן דערציילונג לעבן און לאָזן זיך ווױלגיין ביז אפ הײַנטיקן טאָג. מעגלעך, אז איך וועל אמאָל גע־פינען פאר נייטיק אומקערן זיך צו דער געשיכטע פון מײַנע ייִנ־גערע העלדן און באווײַזן, וואָס פארא מענער און פרויען זײַנען פון זיי אויסגעוואקסן. דעריבער האלט איך פאר פאס׳קער דער־ווײַל זייער ווײַטערדיק לעבן ניט צו בארירן אין מײַן דערציילונג.

ЦІНА 3 КРБ.
Оправа 50 коп.

ЄВРЕЙСЬКОЮ МОВОЮ

МАРК ТВЕН

# ТОМ СОЄР



УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ